# דאָס צווייטע בוך

## ווייל צו מיר געהערט די ערד...

...כי לי כל הארץ, כי גרים ותושבים אתם עמדי,
ובכל ארץ אחזתכם גאולה תתנו לארץ.

(ויקרא, כ״ה, כ׳ג/כ׳ד)

...וואָרום צו מיר געהערט די ערד; וואָרום
פרעמדע און איינגעוואַנדערטע זייט איר ביי מיר.
און אין דעם גאַנצן לאַנד פון אייער אייגנטום
זאָלט איר געבן דער ערד אַן אויסלייזונג.

(איבערזעצונג פון יהואש)

## קאַפּיטל 1

דער קאַמף פאַר „יציאת אייראָפּע" האָט זיך פאַרענדיקט!

אין משך פון געציילטע סעקונדעס האָבן זיך איבער די טעלעגראַף־דראָטן צעטראָגן די ווערטער: „יציאת אייראָפּע" האָט באַקומען די דערלויבעניש אָפּצושווימען". און אין משך פון געציילטע מינוטן האָבן די דאָזיקע ווערטער זיך שוין געפונען אין די הויפּט־קעפּ פון דער גאַנצער וועלט־פּרעסע.

אַ גרענעצלאָזע פרייד האָט אַרומגעכאַפּט די באַפעלקערונג פון ציפּערן און גלייכצייטיק האָט די וועלט לייכטער אָפּגעאָטעמט. די קינדער, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן דעק פון „יציאת אייראָפּע" זענען אָבער געוועזן צו דערשעפּט, כדי זיי זאָלן זיך קאָנען מיטפרייען מיטן זיג.

די ענגלענדער האָבן דרינגענד אויפגעפאָדערט אַרי בן־כנען ער זאָל פאַראָרדענען מען זאָל צופירן די שיף צום מאָלאָ, כדי די קינדער זאָלן וואָס שנעלער קאָנען באַקומען מעדיצינישע הילף און באַשפּייזונג. אויך די שיף גופא האָט זיך גענויטיקט אין אַ נייעם רעמאָנט. ארי בן־כנען האָט מסכים געווען און ווען „יציאת אייראָפּע" איז אַריינגעשווומען אין פּאָרט פון קירעניאַ האָט זיך אָנגעהויבן אַרום איר אַ פיבערהאַפטע טעטיקייט. צענדליקער מיליטערישע דאָקטוירים זענען שנעל אַרויף אויף דער שיף און די שווער־קראַנקע

קינדער זענען גלייך אַראָפּגעטראָגן געוואָרן אויפן ברעג. אין „דאָם־האָטעל” איז אין דער גרעסטער איילעניש איינגעריכ־טעט געוואָרן אַ פּראָוויזאָרישער שפּיטאָל. אין פּאָרט איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן אַ שפּע פון שפּייז און באַ־קליידונג. חוץ דעם האָבן די קינדער פון דער שיף באַקומען הונדערטער מתנות פון די ציפּרישע איינוווינער. די אינזשי־ניערן פון ענגלישן פלאָט האָבן דורכגעפירט אַן אינספּעקציע פון דער אַלטער שלעפּ־שיף, האָבן אונטערזוכט די מאַשינען־האַלע און צוגעגרייט „יציאת איירָאָפּע” צום אָפּפאָר. אַ ספּע־ציעלע סאַניטאַר־גרופּע האָט דורכגעפירט אַ דעזינפעקציע און פולשטענדיק אויסגערייניקט די שיף.

צומאָרגנס האָט מען מיטגעטיילט ארי בן־כנען, אַז עס וועט דויערן אייניקע טעג, ביז די קינדער וועלן קומען צו זיך און ביז די שיף וועט זיין גרייט אָפּצופאָרן קיין ארץ־ישראל. די קליינע יידישע קהילה אין ציפּערן האָט אַרויסגע־שיקט צו ארי בן־כנען אַ דעלעגאַציע און געבעטן ער זאָל דערלויבן די קינדער צו פייערן אין ציפּערן די ערשטע נאַכט פון חנוכה, איידער זיי שווימען אָפּ. אויך אויף דעם איז ארי איינגעגאַנגען.

קיטי האָט די גאַנצע צייט נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון קאַרען, אָבער ווען מען האָט איר שוין צום וויפלטן מאָל פאַר־זיכערט, אַז דעם מיידל דראָט נישט קיין שום געפאַר, האָט זי זיך דערלויבט אויפן לוקסוס זיך אויסצובאָדן אין אַ הייסער וואַנע, אויפעסן אַ קאָטלעט און אויסצוטרינקען אַ דאָפּלטע פּאָרציע וויסקי. נאָכדעם איז זי אַנידערגעפאַלן אויפן בעט און אָפּגעשלאָפן זיבעצן שעה נאָכאַנאַנד.

ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און דער געדאַנק האָט שוין קלאָרער געאַרבעט, האָט זי זיך אָנגעהויבן אָפּצו־געבן אַ חשבון דערפון, אַז זי שטייט פאַר אַ פּראָבלעם פון

וועלכן זי וועט זיך נישט קאָנען ארויסדרייען. זי האָט געמוזט באַשליסן, אָדער צו האַלטן דעם עפּיזאָד מיטן מיידל קאַרען פאַר געענדיקט, אָדער צו פאָרן צוזאַמען מיט קאַרען קיין ארץ־ישראל.

ווען מאַרק איז אין אָוונט געקומען צו קיטין אין צימער, כדי אויסצוטרינקען אין איר געזעלשאַפט אַ גלאָז טיי, האָט מען שוין נישט דערקענט אויף איר פּנים די זאָרגן און די מי פון די לעצטע טעג. פאַרקערט — נאָכן לאַנגן שלאָף האָט קיטי צוריק אָנגעהויבן אויסצוזען אַזוי שיין, ווי פריער.

— צי זעט נאָך אַלץ אויס דער פרעסע־צימער ווי אַן אַפּטייק? — האָט זי געפרעגט.

— ניין — האָט מאַרק געענטפערט. — די אָפיצירן און די זעלנער גייען זיך שוין פאַנאַנדער. די נייעס וועגן „יציאת איירָאָפּע" זענען שוין פאַר דער פרעסע פאַרעלטערט. איך מיין אָבער, אַז מען וועט נאָך קאָנען אַריינגעבן אַ בילד אויף דער ערשטער זייט, ווען די שיף וועט אָנקומען קיין חיפה.

— די מענטשן האָבן אַ קורצן זכרון. — האָט זי געזאָגט.

— ניין, קיטי, דאָס איז נישט ריכטיק. די וועלט האָט בלויז אַ געוווינהייט זיך ווייטער צו דרייען.

קיטי האָט אַ זופּ־געטאָן דעם הייסן טיי און איז געבליבן זיצן אַ שווייגנדיקע. מאַרק פאַרקער האָט אָנגעשפּאַרט די פיס אויפן פאַראַפּעט פון פענצטער. ער האָט זיך געשפּילט מיטן ווייז־פינגער פון האַנט, ווי ער וואָלט געווען אַ פּיסטאָ־לעט, און יעדע ווײַלע האָט ער אים אָנגעצילט איבערן שפּיץ פונעם שוך צו די שיפן, וואָס זענען געשטאַנען אין פּאָרט.

— וואָס האָסטו בדעה צו טאָן, מאַרק? — האָט קיטי איבערגעריסן דאָס שווייגן.

— איך? מאַרק פאַרקער ווערט נישט גערן געזען אין די גרענעצן פון דער בריטישער אימפּעריע. איך וועל אַוועק־

פאָרן קיין אַמעריקע און שפּעטער קיין אַזיע. איך האָב שוין פון לאַנג געוואָלט פאָרן אַהין... איך הער, אַז דאָרטן טוט זיך אויף טיש און אויף בענק...

— צי וועלן די ענגלענדער דיר נישט דערלויבן אַריינ־צופאָרן קיין ארץ־ישראל?

— נישטאָ קיין שום האָפענונג. איך האָב זיך געמאַכט אומבאַליבט אין זייערע אויגן... דער אמת איז, אַז איך האָב זיי אויך נישט ליב... אָפן גערעדט, באַשולדיק איך זיי נישט... איך פאַרשטיי זיי זייער גוט.

— גיב מיר אַ סיגאַרעט — האָט קיטי זיך אָפּגערופן.

מאַרק האָט פאַרויכערט אַ סיגאַרעט און איר איבערגע־געבן קיטין. ער איז ווייטער געזעסן מיט פאַרלייגטע פיס אויפן פענצטער־פאַראַפּעט און פאַרגעזעצט די פריערדיקע נערוועזע שפּיל מיטן פינגער, צילנדיק צום פאָרט. עס איז קלאָר געווען, אַז ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער ער האָט זיך מיט אַלע כוחות איינגעהאַלטן.

— זאָל דיך נעמען דער טייוול, מאַרק! — האָט קיטי אויסגערופן — איך האָב פיינט דיין אופן פון לייענען מיינע געדאַנקען...

— דו ביסט זייער אַ טיכטיקע פרוי. דו ביסט אַוועק צו די ענגלענדער און געבעטן ביי זיי אַ דערלויבעניש אַריינצוקו־מען קיין פּאַלעסטינע. היות זיי זענען העפלעכע מענטשן האָט מען געעפנט פאַר דיר די טיר מיט אַ שמייכל. פאַר זיי ביסטו אַ פּשוטע אַמעריקאַנער מיידל, וואָס האָט בלויז אויסגעפירט איר פליכט. פאַרשטייט זיך, אַז דער בריטישער געהיים־דינסט וויסט נישט וועגן דעם, אַז דו האָסט געאַרבעט אַ ביסל פאַרן „מוסד עליה ב׳״. דו פאָרסט אַלזאָ קיין פּאַלעסטינע, אָדער נישט?...

— באמת, איך ווייס אַליין נישט.

— דו מיינסט צו זאָגן, אַז דו האָסט נאָך נישט באַשלאָסן.

— איך מיין, אַז איך ווייס נאָך נישט...

— אין וועלכער ריכטונג ווילסטו אַלזאָ פאָרן? ווילסט איך זאָל דיר זאָגן: יאָ אָדער ניין?

— מעגסט שוין אויפהערן זיך צו באַנעמען ווי אַ בור־דיסטישער גאָט, וואָס זיצט אויבנאָן און קוקט אַראָפּ אויף די מענטשן מיט אַן איראָנישן בליק — האָט קיטי געזאָגט — דו מעגסט שוין אויך אויפהערן צו שיסן אין מיר מיט באַ־ליידיקונגען.

מאַרק האָט אַראָפּגעלאָזט די פיס פון פענצטער־פאַראַפּעט.

— אדרבא... פאַר קיין פאַלעסטינע. דאָס ווילסטו דאָך הערן פון מיר? נישט אמת?

— איך פיל מיך נאָך אַלץ נישט באַקוועם, ווען איך גע־פין זיך אין דער געזעלשאַפט פון בלויז יידן... איך קאָן גאָר נישט העלפן דערצו...

— דו פילסט זיך אָבער באַקוועם אין דער געזעלשאַפט פון דאָזיקן מיידל, נישט אמת? צי דערמאָנט זי דיר נאָך אַלץ דיין פאַרשטאָרבענע טאָכטער?

— ניין, איצט דערמאָנט זי מיר שוין נישט די טאָכטער. אָבער איך האָב זי ליב און וואָלט געוואָלט זי האָבן נעבן זיך.

— איך וואָלט געוואָלט אייך נאָך עפּעס פרעגן, פרוי פרעמאָנט...

— ביטע זייער...

— צי זענט איר פאַרליבט אין אַרי בן־כנען?

צי זי איז פאַרליבט אין ארי בן־כנען? קיטי האָט גע־ווּוסט, אַז אַרי רופט אַרויס ביי איר אָנגענעמע געפילן, שטענ־דיק ווען ער געפינט זיך נעבן איר, אָדער רעדט צו איר, אָדער קוקט אויף איר, אָדער אַפילו ווען זי טראַכט וועגן אים. זי האָט געוווּסט, אַז קיינמאָל אין לעבן האָט זי נאָך נישט

געטראָפן אַזאַ מענטשן, ווי ארי איז. זי האָט געוווּסט, אַז זי האָט אַביסל מורא פאַר זיין רואיקייט, באַהערשטקייט און ענערגיע. זי האָט באַווונדערט זיין מוט, אָבער זי האָט גלייכ־צייטיק אויך געוווּסט, אַז אין געוויסע מאָמענטן האָט זי אים אַזוי שטאַרק פיינט, ווי זי האָט נאָך קיין איין מענטשן נישט פיינט געהאַט... אָבער צי האָט זי אים ליב?

— איך ווייס נישט — האָט זי אַרויסגעשטאַמלט — אַזוי ווי איך קאָן זיך נישט די זאַך דערקלערן, אַזוי קאָן איך זיך אויך נישט באַפרייען פון איר... איך ווייס פשוט נישט פאַרוואָס...

קיטי איז שפּעטער געזעסן איבער אַ שעה ביי קאַרענס בעט אין ציטווייליקן שפּיטאָל, וואָס איז איינגעריכטעט גע־וואָרן אויפן צווייטן שטאָק פון „דאָם־האָטעל". דאָס מיידל איז אויסערגעוויינלעך שנעל געקומען צו זיך. די דאָקטוירים זענען געווען דערשטוינט צוליב דער מאַגישער ווירקונג, וואָס די צוויי ווערטער: „ארץ־ישראל", האָבן געהאַט אויף די קינדער. די דאָזיקע צוויי ווערטער האָבן מער געהאָלפן ווי די בעסטע רפואות. בעת קיטי איז געזעסן נעבן בעטל פון קאַרען האָט זי גלייכצייטיק אָבסערווירט די פּנימער פון די אַנדערע קינדער אין צימער. וואָס זענען דאָס פאַר אַ מענ־טשן? — האָט זי געטראַכט. — פון וואַנען קומען זיי! וווהין גייען זיי? וואָס זענען דאָס פאַר אַ משונהדיקע וועזנס, וועלכע ווערן געטריבן דורך אַ זעלטזאַמען, אומבאַגרייפלעכן פאַנאַ־טיזם?

איין געשפּרעך צווישן קיטי און קאַרען זענען יעדע ווײַלע אַנטשטאַנען לאַנגע הפסקות, בעת וועלכע קיין איינע פון זיי האָט נישט געוואַגט צו ריידן אַ וואָרט וועגן דער קומענדיקער רייזע קיין ארץ־ישראל. קאַרען איז צום סוף איינגעשלאָפן. קיטי האָט נאָך לאַנג געקוקט אויף איר און דערנאָך האָט זי

אַ קוש געטאָן קאַרען אין שטערן און אָנגעהויבן צו גלעטן אירע האָר. קאַרען האָט אַ צופרידענע געשמייכלט אין שלאָף.

אַרויסגייענדיק פון צימער האָט קיטי געטראָפן דב לאַנדאו, וועלכער איז נערוועז געגאַנגען הין און צוריק איבערן קאָרידאָר. ביידע זענען געבליבן שטיין און האָבן זיך לאַנג אָנגעקוקט. נישט אויסריידנדיק קיין וואָרט האָט קיטי צום סוף אים אויסגעמיטן און איז אַרויס אין דרויסן.

די זון איז שוין פאַרגאַנגען הינטערן ים, ווען קיטי איז אָנגעקומען אין פּאָרט. ביים מאָלאָ זענען געשטאַנען זאב גלבוע און יואב ירקוני, וועלכע האָבן אַכטונג געגעבן אויף די אַרבעטער, וואָס האָבן אָנגעלאָדן קאַסטנס אויף דער שיף „יציאת אייראָפּע”. קיטי האָט זיך אַרומגעקוקט און געזוכט ארי בן־כנען, אָבער ער איז דאָרטן נישט געווען.

— שלום, קיטי — האָבן זאב און יואב אויסגערופן.

— האַלאָ! — האָט זי צוריקגעענטפערט.

זי איז ווייטער געגאַנגען לענגאויס דעם מאָלאָ ביז צום לייכט־טורעם. עס איז געוואָרן קיל און זי האָט אָנגעטאָן דעם וואָלענעם זשאַקעט.

— איך מוז אויפקלערן די זאַך... איך מוז אויפקלערן... — האָט זי גערעדט צו זיך אַליין אָן אויפהער.

ביים סוף פון מאָלאָ האָט זי דערזען דוד בן־עמי, וועלכער איז געזעסן אַ פאַרזונקענער אין מחשבות. זי איז צוגעקומען נענטער צו אים און ווען ער האָט זי דערזען, האָט ער זיך ליבלעך צעשמייכלט.

— שלום, קיטי — האָט ער אויסגערופן — איר זעט אויס זייער גוט.

קיטי האָט זיך אַנידערגעזעצט נעבן אים. אַ קורצע ווײַלע האָבן ביידע באַוואונדערט דעם שיינעם זון־אונטערגאַנג.

— צי טראַכט איר וועגן דער היים? — האָט קיטי זיך צום סוף אָפּגערופן.

— יאָ.

— וועגן ירדנה... אַזוי הייסט זי דאָך, נישט אמת?... ארי׳ס שוועסטער...

דוד האָט אַ שאָקל־געטאָן מיטן קאָפּ.

— איר ווערט זי זען?

— אויב איך וועל האָבן מזל, וועלן מיר זיך זען אויף אַ קורצער צייט.

— דוד...

— יאָ?

— וואָס וועט ווערן מיט די קינדער?

— מיר וועלן פאַר זיי זאָרגן. זיי זענען אונדזער צוקונפט.

— איז דער מצב אין ארץ־ישראל אַ געפערלעכער?

— יאָ, דער מצב איז זייער אַ געפערלעכער...

אַ לאַנגע ווײַלע האָבן זיי ווידער געשוויגן. דאַן האָט דוד געפרעגט:

— איר פאָרט מיט אונדז?

קיטי האָט געפילט, ווי אין איר האַרצן האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן.

— פאַרוואָס פרעגט איר וועגן דעם?

— אייער אָנוועזנהייט ביי אונדז איז שוין געוואָרן כמעט ווי נאַטירלעך. חוץ דעם האָט אַרי עפּעס געזאָגט...

— אויב ארי איז פאַראינטערעסירט... פאַרוואָס פרעגט ער אַליין נישט וועגן דעם?

דוד האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

— ארי האָט נאָך קיינעם גאָרנישט געבעטן — האָט ער זיך אָפּגערופן.

— דוד — האָט קיטי אויסגעשריען — איר מוזט מיר

העלפן. איך בין פולשטענדיק צעמישט. מיר שיינט, אַז איר זענט דער איינציקער, וואָס האָט פאַרשטענדעניש פאַר דעם...

— איך וועל אייך העלפן, אויב איך וועל נאָר קאָנען.

— איך בין אין מיין לעבן נאָך נישט געווען צווישן יידן. איר זענט מיר פרעמד. איר מאַכט מיר צעמישט...

— מיר יידן האַלטן, אַז מיר מאַכן זיך אַליין צעמישט נאָכמער, ווי אַנדערע מיינען...

— צי דאַרף איך זיין מיט אייך פולשטענדיק אָפנהאַר־ציק? איך פיל זיך צווישן אייך ווי אַ פרעמדע...

— דאָס איז פולשטענדיק נאָרמאַל, קיטי. דער גרעסטער טייל מענטשן פילט אַזוי, ווי איר. אַפילו די ווייניקע, וואָס באַצייכענען זיך אַלס אונדזערע „פריינט", — אַפילו זיי, וואָס דעקלאַרירן, אַז זיי האָבן אונדז ליב, פילן זיך אויך צווישן אונדז, ווי פרעמדע. איך מיין, אַז צווישן די דאָזיקע מענטשן געפינען זיך אַזעלכע, וואָס פילן די שולד צוליב די פאַר־ברעכנס, וואָס זענען קעגן אונדז באַגאַנגען געוואָרן. אַנדערע ווילן אַפילו ווערן יידן... איין גאָט ווייסט פאַרוואָס זיי טוען עס. מיר זענען באמת אַ פאָלק, וואָס פירן אַריין אַנדערע אין אַ צעמישונג...

— אָבער אַזאַ מענטש, ווי ארי בן־כנען. ווער איז ער? וואָס איז זיין אמתער כאַראַקטער? צי איז ער בכלל אַזאַ מענטש, ווי אַלע אַנדערע מענטשן?

— ארי איז פונקט אַזאַ מענטש, ווי אַלע אַנדערע. ער איז אָבער אַ פּראָדוקט פון אַ פאַלשער היסטאָרישער אַנט־וויקלונג.

זיי זענען בײדע אויפגעשטאַנען און צוריקגעגאַנגען צום האָטעל. עס איז געווען צייט צו עסן אָונט־ברויט.

— איך ווייס אַליין נישט, פון וואָס אָנצוהויבן — האָט דוד געזאָגט. — איך מיין אָבער, אַז אויב מען וויל ריכטיק

פאַרשטיין די געשיכטע פון ארי בן־כנען, דאַרפן מיר אָנהייבן פון שמעון ראַבינסקי, אַ רוסישן ייד, וועלכער האָט געלעבט אין תחום־המושב פון זשיטאָמיר. דער תחום־המושב איז געווען אַ גרויסער שטח אין דרום־מערב רוסלאַנד, וואָס האָט אויך אַרומגענומען אוקראַינע. איך האַלט, אַז מיר וועלן דאַרפן אָנהייבן פון יאָר 1884, ווען עס האָט געהאַט אַן אָרט די גרויסע געשיכטלעכע ווענדונג.

## קאַפּיטל 2

זשיטאָמיר, רוסלאַנד, 1884 יאָר.

שמעון ראַבינסקי איז געווען אַ שוסטער. זיין פרוי האָט געהייסן רחל. זי איז געווען אַ גוטע און געטרייע ווייב. שמעון האָט געהאַט צוויי זין און די דאָזיקע צוויי יינגלעך זענען געווען זיין גרעסטער אוצר.

יעקב, דער יינגערער, איז אַלט געווען 14 יאָר. ער איז געווען אַ היציקער פון דער נאַטור, אַ בחורל מיט אַ געשליפן צינגל און אַ שאַרפן מוח. ער איז געווען גרייט צו יעדער צייט זיך אַריינצולאָזן אין פאַרביסענע וויכוחים.

יאָסי, דער בכור, איז אַלט געווען זעכצן יאָר. שוין זיין אויסערלעכער אויסזען האָט געמאַכט אַן איינדרוק. ער איז געווען אַ פעסט־געבויטער יונגערמאַן פון איבער אַ מעטער אַכציק די הויך און ער געהאַט צונטער־רויטע האָר, פונקט ווי זיין מוטער רחל. אויף וויפל יעקב איז געווען אַ ברויזנדע נאַטור, אויף אַזוי פיל איז יאָסי געווען שטיל און צוריקגע־צויגן. דעם אמת געזאָגט, ווען יעקבס פלינקער מוח וואָלט זיך געפונען אין קרעפטיקן קערפער פון יאָסי, וואָלט מען געקאָנט שאַפן אַ סופּער־מענטש.

די משפּחה ראַבינסקי האָט געלעבט אין גרויסער נויט און אָרעמקייט. זיי האָבן געוווינט אין דרום־מערבדיקן טייל פון רוסלאַנד, וואָס האָט אַרומגענומען בעסאַראַביע, אוקראַינע,

קרים און טײלן פון װײסרוסלאַנד. דער גאַנצער שטח איז געװען באַקאַנט אונטערן נאָמען: „דער ײדישער תחום־המושב”. די גרענעצן פון דער דאָזיקער זאָנע זענען באַשטימט געװאָרן אין יאָר 1804 און די רוסישע ײדן איז דערלױבט געװאָרן צו װױנען בלױז אין די גרענעצן פון דאָזיקן „תחום־המושב”. פּאַקטיש איז דאָס געװען אײן גרױסער געטאָ. מאָס־קװע און פּעטערבורג זענען אַרױסגעצױגן געװאָרן פון דער אױבנדערמאָנטער זאָנע און דאָרטן האָבן געקאָנט װױנען נאָר אַ קלײנע צאָל פּאַרמעגלעכע ײדן.

דאָס שאַפן דעם תחום־המושב איז געװען אַ רינגעלע אין דער לאַנגער קײט פון אַנטי־ײדישע פאַרפאָלגונגען און דיסקרימינאַציע. די ײדן האָבן זיך באַזעצט אין רוסלאַנד, אױף דעם שטח פון קרים, נאָך אין ערשטן יאָרהונדערט פון דער הײנטיקער צײטרעכענונג. די כוזרים, װאָס האָבן גע־הערשט אין יענעם ראַיאָן, זענען אַזױ שטאַרק פאַרכאַפּט גע־װאָרן פון ײדנטום, אַז זײ האָבן זיך אַלע מגייר־געװען. דאָס קעניגרײך פון די כוזרים איז פּאַקטיש געװען אַ ײדיש קע־ניגרײך. אין צענטן יאָרהונדערט זענען די רוסן פון צפון גע־קומען צו דער מאַכט. זײ זענען באַפאַלן די כוזרים, האָבן זײ פאַריאָגט און פאַרטריבן אין דער פאַרגעסנהײט. זינט דאַן האָט זיך אָנגעהױבן דער שענדלעכער קאַפּיטל פון רדיפות קעגן ײדן.

װען די רוסן האָבן זיך פאַרפעסטיקט אין צפון האָבן זיך אין דרום־רוסלאַנד אַרײנגעכאַפּט די מוסולמענער. בעת דער הערשאַפט פון איסלאַם האָבן די ײדן גענאָסן פון רו און װירטשאַפטלעכן װױלזײן. אָבער נאָך דער ענדגילטיקער מפּלה פון די מוסולמענער איז די מאַכט אין גאַנץ רוסלאַנד אַריבער צו די צאַרן און צו דער פּראַװאָסלאַװנער רעליגיע. די ײדישע „אָפּטריניקע” זענען הונדערטערװײז פאַרברענט געװאָרן

עפנטלעך אויף די שייטער־הויפנס. אין האַרצן פון די אָפּ־געשטאַנענע פּויערים איז טיף איינגעפלאַנצט געוואָרן דער בלבול, אַז יידן זענען מכשפים און אַז זיי באַנוצן זיך מיט קריסטלעך בלוט פאַר זייערע רעליגיעזע צוועקן.

די בלבולים און רדיפות, וואָס האָבן געדויערט לאַנגע יאָרהונדערטער האָבן דערגרייכט זייער הויך־פּונקט בעת דער הערשאַפט פון יעקאַטערינע די ערשטע. קעגן די יידן, וואָס האָבן נישט געוואָלט אַריבערגיין צום קריסטלעכן גלויבן, זענען דורכגעפירט געוואָרן בלוטיקע פּאָגראָמען. ווען אַלע באַמיאונגען צו צווינגען די יידן צו שמד האָבן נישט געגעבן קיין רעזולטאַטן, האָט יעקאַטערינע פאַרטריבן די יידן פון רוסלאַנד. דאָס רוב פון זיי איז אַוועקגעפאָרן קיין פּוילן.

שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן די תקופה פון מלחמות און אָקופּאַציעס. פּוילן איז עטלעכע מאָל פאַרנומען געוואָרן דורך די רוסן און איז עטלעכע מאָל פאַנאַנדערגעטיילט געוואָרן. יעקאַטערינע די צווייטע האָט פאַרנעמענדיק פּוילן צוריק געירשנט די יידן, וואָס זענען פאַרטריבן געוואָרן פון רוס־לאַנד דורך יעקאַטערינע די ערשטע.

די דאָזיקע אַלע געשעענישן האָבן דערפירט דירעקט צום שאַפן דעם „תחום־המושב". אין יאָר 1827 זענען די יידן אויף אַן אכזריותדיקן אופן פאַרטריבן געוואָרן פון די דער־פער און מען האָט זיי מיט געוואַלט באַזעצט אין די געדיכט־באַפעלקערטע יידישע קוואַרטאַלן פון די גרויסע שטעט. אין זעלבן יאָר האָט דער צאַר באַפוילן צוצושטעלן אַ קאָנטינגענט פון יידישע קינדער, וואָס זענען פאַרשלעפּט געוואָרן צו אַ פינף און צוואַנציק יאָריקן מיליטערישן דינסט.

שמעון ראַבינסקי, דער שוסטער פון זשיטאָמיר, זיין טרייע פרוי רחל און זייערע צוויי זין יעקב און יאָסי, זענען געווען געפאַנגענע אין „תחום־המושב" און קנעכט פון אַן אייגנאַר־

טיקן לעבנס־שטייגער. צווישן די יידישע קהילות און דער איבעריקער רוסישער באַפעלקערונג איז נישט געווען קיין שום געזעלשאַפטלעכער קאָנטאַקט, חוץ קליינע האַנדלס־באַציאונגען. די איינציקע סטאַבילע באַזוכער פון דרויסן זענען געווען די שטייער־איינמאָנער, וועלכע האָבן געהאַט רעכט מיטצונעמען מיט זיך, וואָס זיי האָט זיך נאָר געגלוסט. אַנדערע זייטיקע באַזוכער פון דרויסן זענען געווען די ווילדע האָרדעס פון קאָזאַקן, פויערים און סטודענטן, וועלכע האָבן געלעכצט נאָך יידיש בלוט.

אין זייער איזאָלאַציע האָבן די יידן, פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט אָפּפילן קיין טרייהייט צו דער „מוטערל רוס־לאַנד". זייער אומגאַנגס־שפּראַך איז נישט געווען רוסיש, נאָר יידיש. דער לשון פון זייערע תפילות איז געווען העברעיש. אַפילו די קליידונג זייערע איז געווען אַן אַנדערע. זיי האָבן געטראָגן שוואַרצע היטלען און לאַנגע קאַפּאָטעס. אַ סך יידן האָבן זיך פאַרלאָזט פיאות, טראָץ דעם פאַרבאָט פון די מאַכט־אָרגאַנען, און איינע פון די רוסישע פאַרוויילונגען איז געווען צו כאַפּן אַ יידן און אים אָפּשניידן די פיאות.

שמעון ראַבינסקי האָט געלעבט אין דאָזיקן גרויסן געטאָ פונקט אַזוי ווי זיין פאָטער און זיידע. צוליב דעם, וואָס די יידן זענען געווען זייער אָרעם, פלעגן זיי זיך דינגען איבער יעדן גראָשן. אָבער נישט געקוקט אויפן עלנט און טראַגיק פון דאָזיקן טאָגטעגלעכן קיום, האָט דאָך שמעון ראַבינסקי, פונקט ווי די איבעריקע יידן, זיך געהאַלטן ביי שטרענגע מאָראַלישע פּרינציפּן. קיינער האָט נישט צוגענומען די פּרנסה פון אַנדערן און קיינער האָט נישט באַגנבעט אָדער אָפּגענאַרט דעם צווייטן.

דאָס לעבן אין דער קהילה האָט זיך געשטיצט אויף דער הייליקער תורה, בית־הכנסת און רב, וועלכער איז גלייכצייי־

טיק געווען אַ לערער, אַ גייסטיקער מנהיג, אַ דיין און אַ פּרנס פון דער קהילה. די רבנים פון „תחום המושב" זענען געווען גרויסע געלערנטע. זייער חכמה איז געווען אַלזייטיק און זייער אויטאָריטעט איז קיינמאָל נישט באַצווייפלט געוואָרן.

אין דאָזיקן געטאָ האָבן די יידן אָרגאַניזירט אַן אייגענע מלוכה, אונטער דער אַלגעמיינער אָנפירונג פון די רבנים. אין דער דאָזיקער מלוכה זענען געווען הונדערטער טוער און גבאים. עס זענען געגרינדעט געוואָרן צענדליקער חברות צו לערנען תורה און תלמוד. עס זענען געגרינדעט געוואָרן יתומים־הייזער, ווי אויך חברות „הכנסת כלה", וואָס האָבן געזאָרגט פאַר אָרעמע כלה־מיידלעך, חברות פאַר עזרת־חולים און מושב־זקנימס. די קהילה האָט געפירט אַ געמיינזאַמע טעטיקייט פאַרן נוצן פון גאַנצן כלל.

די אָרעמע לייט האָבן געגעבן צדקה פאַר די, וואָס זענען געווען אָרעמער פון זיי. און די גאָר אָרעמע האָבן געגעבן צדקה די יעניקע, וואָס האָבן גאָרנישט פאַרמאָגט. דאָס געבן צדקה איז געווען ווי דאָס נישט־געשריבענע עלפטע געבאָט. מען האָט געדאַרפט זאָרגן וועגן פּרנסה פאַר די למדנים און כּלי קודש. אָבער פריער פאַר אַלץ האָט מען געזאָרגט, אַז דער לימוד פון תורה זאָל נישט איבערגעריסן ווערן.

אַ סך מענטשן אין זשיטאָמיר האָבן געזאָגט, אַז דער שוסטער ראַבינאָוויטש שטייט נישט אָפּ פון רב אין קענען תורה. אין „תחום המושב", ווו כמעט יעדער ייד איז געווען אַ גרויסער קבצן, האָט מען געמאָסטן די עשירות פון מענטשן לויט זיינע קענטענישן. שמעון איז געווען דער גבאי פון בית־הכנסת, אין וועלכן ער האָט געדאַוונט. יעדן יאָר פלעגט ער אויסגעוויילט ווערן אויפן דאָזיקן וויכטיקן אַמט אָדער אַן אַנדערן אַמט אין דער קהילה. און שמעונס ווונטש איז געווען,

אַז די הערצער פון זיינע קינדער זאָלן זיין פול מיט יראת־שמים, פונקט ווי דאָס זייניקע.

דער תלמוד ווערט באַצייכנט דורך די יידן ווי אַ ים. און דער דאָזיקער ים איז אַזוי גרויס און טיף, אַז אַ מענטש קאָן אים לערנען אַ גאַנץ לעבן און מען דאַרף נישט אָנקומען צו קיין אַנדערע ספרים. די ברידער ראַבינסקי האָבן געלערנט די דאָזיקע גרויסע זאַמלונג פון געזעצן און מנהגים, וואָס נעמען אַרום דאָס גאַנצע לעבן.

צוגלייך מיט דער גמרא האָבן די ברידער ראַבינסקי אויך געלערנט חומש, תנ״ך, משנה, אגדה, מאמרי חז״ל און מדרשים. זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט קבלה און אַריינגעקוקט אין זוהר, זיי האָבן געלערנט די תפילות און די זמירות פון די וואָכנטעג און יום־טובים. יאָסי און יעקב האָבן אויך גוט געקענט רש״י און רמב״ם. טראָץ די שווערע באַדינגונגען איז דאָס לעבן פון דער משפחה ראַבינסקי נישט געווען פול־שטענדיק אויסגעהוילט פון האָפענונג און פרייד. אין שטוב זענען שטענדיק אָנגעגאַנגען וויכוחים און געשפּרעכן, זיי זע־נען געווען אַריינגעצויגן אין די ענינים פון ציבור, האָבן זיך אינטערעסירט מיט די חתונות, בר־מצוות, ברית־מילות און לוויות, וואָס זענען פאָרגעקומען אין שטאָט. און שטענדיק האָבן זיי אויסגעקוקט אויף די שבתים און יום־טובים, וואָס האָבן אַריינגעבראַכט אַ נייעם גייסט אין דער טרויעריקער ווירקלעכקייט.

איין נאַכט אין וואָך פלעגט שמעון ראַבינסקי, פונקט ווי אַלע אַנדערע יידן אין שטעטל, זיך פאַרוואַנדלען אין אַ מלך. אין אָוונט האָט דער קלאַנג פון שופר אָנגעזאָגט דעם אָנקום פון שבת. ער פלעגט אַוועקלייגן אין אַ זייט די אַרבעטס־כלים, כדי ווי געהעריק מקבל־פנים זיין די מלכה שבת. ווי ליב ער האָט געהאַט דעם קלאַנג פון דאָזיקן שופר! דער

זעלבער קלאַנג האָט מיט פיר טויזנט יאָר צוריק געריפן זיין פאָלק צו תפילה און קאַמף. שמעון פלעגט פאַרנאַכט אַוועק־גיין אין מקווה און זיין טרייע פרוי רחל פלעגט אָנצינדן די שבת־ליכט און מורמלען אַ תפילה.

שבת פלעגט שמעון אָנטאָן זיינע יום־טובדיקע בגדים. שטאָלץ איז ער געגאַנגען אין בית־הכנסת. יאָסי האָט גע־שפּרייזט פון איין זייט און יעקב פון דער צווייטער זייט.

ווען דער שבת איז אַוועק האָט שמעון זיך צוריקגעקערט צו דער ווירקלעכקייט פון אַ לעבן, וואָס איז געווען פול מיט מי און מאַטערניש. אין פאַרשטונקענעם קעלער, וואָס האָט געדינט גלייכצייטיק אַלס שטוב און געוועלב, איז שמעון ראַ־בינסקי געזעסן אָן איינגעבויגענער איבער זיין אַרבעטס־טיש,ביים שיין פון אַ ליכטל, און געשניטן מיט צעקנייטשטע הענט די לעדערנע פּאַסן. ער האָט דאַן אויסגעזען ווי דער מקונן, וואָס קלאָגט איבערן חורבן פון בית־המקדש...

„אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני... תדבק לשוני לחכי אם לא אזכרכי. אם לא אעלה את ירושלים על ראש שמחתי...״

אין דער דאָזיקער תפילה האָט שמעון ראַבינסקי געפונען אַ טרייסט. אָבער אַפילו אַזאַ פרומער ייד, ווי ער, האָט זיך געמוזט שטעלן די פראַגע: — „ביז ווען, גאָט אין הימל!... ביז ווען? ווי לאַנג נאָך וועט דויערן די גזירה, מיר זאָלן זיך געפינען אין דאָזיקן אָפּגרונט?״

אין די דאָזיקע שווערע מאָמענטן פלעגט דאָס האַרץ פאַרלייכטערט ווערן דורך דער באַגייסטערטער ברכה:

„בשנה הבאה בירושלים״.

בשנה הבאה בירושלים? צי וועט ווען עס איז רעאַליזירט ווערן דער דאָזיקער חלום? צי וועט ווען עס איז קומען משיח און זיי צוריקפירן אין אייגענעם היימלאַנד?...

## קאַפּיטל 3

יעקב און יאָסי זענען צוריקגעקומען אַהיים פון בית־המדרש. יאָסי איז געגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. ער איז געווען פאַרטיפט אין געדאַנקען, נאָכטראַכטנדיק וועגן דעם, וואָס דער רבי האָט זיי געלערנט נאָכמיטיק. דער יינ־גערער יעקב איז געגאַנגען נעבן אים און געוואָרפן שטיינער צו פאַרשיידענע צילן אויף דער גאַס. דאָס יינגל האָט שטענ־דיק געטראָגן מיט זיך אַ פולע קעשענע שטיינער אין פאַל ווען ער וועט זיך אָנטרעפן אויף כוליגאַנעס אָדער שלעגער.

ווען זיי האָבן זיך דערנענטערט צום ראָג פון דער גאַס אויף וועלכער זיי האָבן געוווינט האָט יעקב אָנגעכאַפּט יאָסין פאַר אַ האַנט און געזאָגט:

— היינטיקע נאַכט וועט פאָרקומען נאָך אַ פאַרזאַמלונג אין כהנ׳ס געוועלב....

— איך האָב שוין געהערט וועגן דעם — האָט יאָסי גע־ענטפערט.

— צי וועסטו דאָסמאָל מיטגיין?

— ניין.

— דו דאַרפסט קומען — איז יעקב נישט אָפּגעטראָטן. — איינער פון די „בילו״־מענטשן פון ארץ־ישראל וועט האַלטן אַ רעדע.

יאָסי׳ס האַרץ האָט אָנגעהויבן האַסטיקער צו קלאַפּן ווען ער האָט געהערט די ווערטער: „בילו״ און ארץ־ישראל! ווי שטאַרק ער האָט געוואָלט זען דעם מענטש, וואָס איז געווען אין ארץ־ישראל ממש און צוהערן זיך צו זיינע רייד. טיף אין האַרצן איז ער מקנא־געווען זיין יינגערן ברודער, וואָס האָט אין געהיים זיך באַטייליקט אין די פאַרזאַמלונגען פון די „חובבי ציון״. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט אַרויסגערופן ביי אים אַ נייגעריקייט מיט אירע לאָזונגען צו פאַרטיידיקן דאָס געטאָ און פון שיבת ציון. ער וועט אָבער נישט גיין אַהין, קיינמאָל נישט, כל־זמן דער פאָטער איז אַ קעגנער פון די „חובבי ציון״.

זיי זענען פאַרביי דעם ראָג פון געסל און אַריינגעקומען אין געוועלב. אַ שאַרפער ריח פון רויען לעדער האָט זיי אַ שלאָג געטאָן אַנטקעגן. שמעון האָט אויפגעהויבן די אויגן פון אַרבעטס־טיש און אַ שמייכל געטאָן צו זיי.

— גוטן־אָוונט, טאַטע, — האָבן זייביידע אויסגערופן. מיט אַ שנעלער באַוועגונג האָבן זיי אַ צי געטאָן דאָס פאַר־הענגל, וואָס האָט אָפּגעצוימט דאָס אַלקער פון געוועלב. דער דאָזיקער ווינקל פון טונקעלן קעלער האָט געדינט אַלס שלאָף־צימער. דער פאָטער האָט פון זייערע מינעס גלייך פאַרשטאַ־נען, אַז זיי האָבן גערעדט וועגן עפּעס אַ פאַרבאָטענער זאַך. ער האָט גוט געוווּסט, וואָס דער יינגערער יעקב שפּינט פאַר־באָרגענערהייט אין זיין האַרצן, אָבער דאָס מאָל האָט ער נישט רעאַגירט. — עס איז שוין דער דרך פון יונגע יינגלעך צו זיין צעלאָזן — האָט ער געטראַכט. — איך וועל זיך נישט אַריינמישן אין דאָזיקן ענין און וועל נישט ריידן מיט זיי וועגן דעם, כל־זמן זיי וועלן אַליין נישט אָנהייבן...

שמעון איז געהאַלטן געוואָרן אין געטאָ פאַר אַ גליקלעכן מענטש. זיין משפּחה איז געווען אַ געזונטע און ער איז געווען אַ

גוטער בעל־מלאכה, וואָס האָט געקאָנט מפרנס־זיין די פאַ־מיליע, הגם ער האָט געלעבט, אַזוי ווי די אַנדערע, אין גרוי־סער נויט.

אָבער נישט נאָר די יידישע באַפעלקערונג האָט געלעבט אויפן שוועל פון הונגער. אויך דאָס רוסישע פאָלק, און דער עיקר די פויערים, האָבן געלעבט אין גרויסן דלות, די הער־שאַפט האָט זיך געפונען אין די הענט פון די פעאָדאַלן, וואָס האָבן נישט דערלאָזט צו דער אינדוסטריאַליזאַציע און האָבן שטאַרק עקספּלאָאַטירט די לייב־אייגענע אונטערטאַנען.

פאָלקס־באַוועגונגען, וואָס האָבן אַרויסגעבראַכט די פאָ־דערונג פון ברויט, ערד און געזעלשאַפטלעכע רעפאָרמען, זענען אויפגעקומען צווישן אַלע שיכטן פון דער באַפעלקע־רונג. היות די יידן האָבן זיך געפונען צווישן די צומייסטן אונטערדריקטע, האָבן זיי זיך שטענדיק געפונען אין יעדער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געצילט צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די באַעוולטע.

דער אויפברויז אין גאַנץ רוסלאַנד האָט זיך געשטאַרקט מיט יעדן טאָג. דאָס פייער, וואָס האָט אָנגעזאָגט אַ נאָענטע איבערקערעניש, האָט געטליעט אין די טיפענישן. ערשט דאַן האָט דער צאַר אַלעקסאַנדער דער צווייטער איינגעפירט איי־ניקע רעפאָרמען, וואָס מען האָט געדאַרפט דורכפירן שוין מיט אַ לאַנגער צייט צוריק. זיין ערשטער שריט איז געווען צו באַפרייען די פויערים פון לייב־אייגנטום און ער האָט אויך אַביסל פאַרלייכטערט די אַנטי־יידישע גזירות. לויט די נייע געזעצן האָבן אַפילו געוויסע יידן, גוטע פאַכמענער, געקאָנט וווינען אין מאָסקווע. אין בעסאַראַביע האָבן יידן באַקומען דאָס רעכט צו קויפן באָדן. דאָס אַלץ זענען אָבער געווען ברעקלעך אין פאַרגלייך מיט די אמתע נויטן פון פאָלק.

כדי אָפּצולענקען די אויפמערקזאַמקייט פון די מאַסן האָבן די רוסישע צאַרן זיך אָנגעכאַפּט אין אַלטן אויסגע־

פּרוווטן מיטל — וואַרפן די שולד אויף די יידן. דער אַנטי־סעמיטיזם אין רוסלאַנד האָט זיך געשטיצט אויף איינגע־וואָרצלטע פאָראורטיילן, אומוויסנקייט און פאַלשן גלויבן. צו דעם איז נאָך צוגעקומען די בלינדע שנאה פון די פּויערים צוליב זייער אומגליקלעכן מצב. די רוסישע רעגירונג האָט באַשלאָסן זיך צו באַנוצן מיטן אַנטיסעמיטיזם, ווי מיט אַ פּאָליטיש געווער. זי האָט אָנגעהויבן אַ העץ־קאַמפּאַניע באַ־שולדיקנדיק די יידן, אַז זיי זענען די אָרגאַניזאַטאָרן פון פאַר־שווערונגען, כדי צו פאַרכאַפּן די מאַכט פאַר זייערע פּריוואַטע אינטערעסן. זיי האָבן דערבײַ אויך דערציילט גוזמאות וועגן דער צאָל יידן, וואָס נעמט אָנטייל אין די אונטערערדישע באַוועגונגען.

די העץ־קאַמפּאַניע האָט זיך פאַרשטאַרקט ווען די רוסישע רעגירונג האָט אָנגעהויבן צוצוגרייטן אַנטי־יידישע פּאָגראָמען אין „תחום־המושב״. בעת די דאָזיקע פּאָגראָמען האָבן די כוליגאַנעס געראַבעוועט, געשענדעט יידישע פרויען און פאַר־גאָסן יידיש בלוט. ווען דער ווילדער המון האָט זיך אַריינ־געריסן אין די יידישע וווין־ראַיאָנען האָבן די מאַכט־אָרגאַ־נען זיך געמאַכט נישט־זעענדיק און אָפטמאָל פלעגן זיי אויך אַליין אָנטיילנעמען אין די דאָזיקע עקסצעסן.

דעם 13־טן מערץ 1881 יאָר האָט אויף די יידן זיך אַראָפּגעלאָזט אַ שרעקלעכער אומגליק. דער צאַר אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך אַ באָמבע פון די רעוואָלוציאָנערן און צווישן די פאַראורטיילטע האָט זיך אויך געפונען אַ יידיש מיידל!

די רוסישע רעגירונג האָט אויסגענוצט דעם דאָזיקן פאַקט און אַזוי אַרום ווידער פריי געמאַכט דעם וועג פאַר ווייטערדיקע אַנטי־יידישע רדיפות.

מיטן נייעם צאַר, אַלעקסאַנדער דער דריטער, האָט גע־

קערעוועט דער אינטריגאַנט פּאָביעדאָנאָסצעוו. אין די אויגן פון דאָזיקן מענטשן האָבן די פאָדערונגען איינצופירן דעמאָ־קראַטישע ענדערונגען אין רוסלאַנד אויסגעזען ווי דאָס גרעסטע פאַרברעכן און ער האָט אָן רחמנות באַקעמפט די מענטשן, וואָס האָבן געפאָדערט צו רעפאָרמירן דאָס לעבן אין לאַנד.

וואָס שייך דער יידישער באַפעלקערונג האָט פּאָביעדאָ־נאָסצעוו געהאַט ספּעציעלע פּלענער, וואָס זענען באַשטעטיקט געוואָרן דורכן העכסטן „הייליקן סינאָד". ער האָט געהאַט בדעה צו ליקווידירן די יידן אין רוסלאַנד דורכדעם, וואָס אַ דריטל וועט אויסגעמאָרדעט ווערן מיט דער הילף פון אָרגאַ־ניזירטע פּאָגראָמען, הונגער און אַנדערע מיטלען, דער צוויי־טער דריטל וועט פאַרטריבן ווערן פון די גרענעצן פון רוס־לאַנד און דער רעשט האָט געזאָלט מיט געוואַלט אָפּגעשמדט ווערן. דאָס איז געווען אין דער פּאַסכאַ־וואָך פון יאָר 1881. די קרוינונג פון צאַר אַלעקסאַנדער דעם דריטן איז געווען דער צייכן פאַרן אָנהייב. אין אַלע שטעט און דערפער פון „תחום המושב" האָט זיך אויפן באַפעל פון פּאָביעדאָנאָסצעוו אָנגעהויבן אַ גרויסער יידן־פּאָגראָם. נאָך די ערשטע עקס־צעסן האָט פּאָביעדאָנאָסצעוו אַרויסגעגעבן אַ טוץ געזעצן, וואָס האָבן צוגערויבט ביי די יידן זייערע פריערדיקע פּרי־ווילעגיעס און וועלכע האָבן געצילט צו פאַרלענדן די יידישע איינוווינער.

נאָך די געשעענישן אין יאָר 1881 האָבן די יידן אָנגע־הויבן צו זוכן אַ לייזונג פאַר זייערע פּראָבלעמען. טויזנטער אידעען זענען באַהאַנדלט געוואָרן — אָבער יעדע אידעע איז געווען ווייניקער רעאַל ווי די צווייטע. און דאַן איז אויפגע־קומען די אידייע וועגן שאַפן די אָרגאַניזאַציע פון „חובבי ציון". צו דער זעלבער צייט איז אַרויס פון „תחום המושב"

אַ גרופּע סטודענטן מיט דער לאָזונג „בית יעקב לכו ונלכו״ — ביל״ו — און זענען אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל, ווו זיי האָבן געגרינדעט די קאָלאָניע ראשון־לציון.

די פּאָגראָמען אין תחום המושב האָבן זיך צו יענער צייט נאָך מער פאַרשטאַרקט און האָבן דערגרייכט זייער הויכפּונקט פּסח 1882 יאָר אין דער שטאָט באַלטע. אין רעזולטאַט פון די דאָזיקע פּאָגראָמען האָט זיך אָבער גלייכצייטיק פאַרשטאַרקט די באַוועגונג „חובבי ציון״ און נאָך אַנדערע גרופּן פון יידן זענען אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. נאָך פאַר די ביל״וים איז געגרינדעט געוואָרן דער ישוב אין פּתח־תקוה און דערנאָך זענען געגרינדעט געוואָרן ראש פּינה אין גליל און זכרון יעקב אין שומרון.

אין 1884 האָבן שוין געקעמפט פאַר זייער קיום איבער אַ טוץ קליינע און אָרעמע ישובים אויף דער ערד פון ארץ־ישראל.

נאַכט אין נאַכט זענען אין זשיטאָמיר, פּונקט ווי אין יעדער אַנדערע שטאָט פון „תחום המושב״, פאָרגעקומען געהיימע פאַרזאַמלונגען. די יוגנט האָט זיך אָנגעהויבן צו בונטעווען און איז אַראָפּ פון די אַלטע וועגן.

יעקב ראַבינסקי, דער יינגערער ברודער, איז מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטראָם פון דער נייער אידייע. ער פלעגט אָפט ליגן אויף זיין בעט און גאַנצע נעכט טראַכטן וועגן דעם, ווי ווונדערבאַר דאָס איז צו קעמפן! ווי ווונדערבאַר דאָס איז זיך צו לאָזן אין וועג און אָנקומען אין הייליקן לאַנד! יעקבס האַרץ איז געווען פול ביז איבער די ברעגן מיט דער שפע פון די רומפולע מעשים פון די אָבות. אָפטמאָל האָט ער זיך פאָרגעשטעלט אין געדאַנק, אַז ער נעמט אָנטייל אין דער מלחמה פון יהודה המכבי און פאַרטרייבט די גריכן פון ארץ־

ישראל. ער האָט זיך אויך געזען אַלס זעלנער פון יידישן מיליטער, וואָס גייט אַריין קיין ירושלים, כדי אָפּצורייניקן דעם בית המקדש פון גויאישע אומריינקייטן.

יעקב ראַבינסקי האָט זיך אויך געזען צווישן די מענטשן פון שמעון בר־גיורא, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין ירושלים קעגן די רוימער אין משך פון אַכצן חדשים. ער האָט זיך געזען אין דער סביבה פון בר־גיורא, ווען מען האָט געפירט דעם שטאָלצן יידישן קעמפער אין קייטן קיין רוים, כדי אים אַריינצווואַרפן אין לייבן־גרוב. ער האָט זיך אויך געזען אין געדאַנק אַלס איינער פון די וועכטער, וואָס האָט געהיט די פעסטונגען פון מצדה און ביתר, די יידישע קעמפער וואָס האָבן מלחמה געהאַלטן ביזן לעצטן מאַן. און פון אַלע העלדן האָט יעקבן באַצויבערט די געשטאַלט פון ר׳ עקיבא, וועלכער איז געגאַנגען אויף קידוש השם אין קיסריה. עקיבא איז געווען פאַר אים גלייכצייטיק אַ מנהיג, אַ תנא און אַ קעמפער.

ווען די „חובבי ציון״ זענען אָנגעקומען אין זשיטאָמיר, איז יעקב גלייך אַוועק צו זייערס אַ פאַרזאַמלונג. די בשורה פון פינסקערס „אויטאָעמאַנציפּאַציע״ איז געווען פאַר אים אַן איבעראַשונג. די „חובבי ציון״ האָבן אויך געוואָלט אַריינציען אין זייערע רייען זיין ברודער יאָסי, צוליב דעם, וואָס ער איז געווען אַ הויך־געוואַקסענער און געזונטער בחור. צוליב דעם אָבער וואָס יאָסי האָט געהאָרכט דעם טאַטן ווי מען האָרכט די תורה, האָט ער נישט געוואָלט אָננעמען די עקסט־רעמע אידייען פון די ציוניסטן.

צומאָרגנס נאָכן רעפעראַט פון ביל״ו־מענטש, וואָס איז געקומען פון ארץ־ישראל, האָט יאָסי שוין נישט געקאָנט מער בלייבן גלייכגילטיק. ער האָט געוואָלט הערן פון יעקבס מויל אַלע פּרטים: ווי זעט אויס דער דאָזיקער ביל״ו־מענטש,

וואָס האָט ער געזאָגט אין זיין רעפעראַט און ווי אַזוי ער האָט אַפילו באַוועגט מיט די הענט בעת זיין רעדן.

— איך האַלט, יאָסי, אַז דו דאַרפסט זיך באַטייליקן אין דער פאַרזאַמלונג צוזאַמען מיט מיר — האָט יעקב געזאָגט.

יאָסי האָט טיף אָפּגעזיפצט. דאָס וואָלט געווען דאָס ער־שטע מאָל אין זיין לעבן נישט צו פאָלגן דעם טאַטן. — און ווען אַפילו יאָ — האָט ער זיך אַליין געוואָלט באַרואיקן. אָבער אין משך פון גאַנצן טאָג האָט ער געזוכט אַ מחילה אויף דעם, וואָס ער האָט בדעה צו טאָן.

דעם פאָטער האָבן זיי געזאָגט, אַז זיי גייען זאָגן „קדיש״ נאָך אַ פריינט, וואָס איז געשטאָרבן מיט אַ קורצער צייט צוריק. זיי זענען אָבער אַוועק אין ליכט־געוועלבל פון כהן, ווו עס איז פאָרגעקומען דער רעפעראַט. דאָס געוועלבל איז געווען אַ קליין קעלער, פונקט ווי זייער שטוב. אַ דומפּער ריח פון חלב האָט זיי אַ זעץ־געטאָן אין דער נאָז. די פענצטער זענען געווען פאַרהאָנגען מיט שמאַטעס. אין דרויסן, אויף דער גאַס, זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן שומרים. יאָסי איז געווען איבעראַשט ווען ער האָט דערזען צווישן די אָנוועזנדיקע אַ סך באַקאַנטע פּנימער. דאָס קליינע צימערל איז געווען פול־געפּאַקט מיט מענטשן. דער לעקטאָר האָט געשטאַמט פון אָדעס און האָט געהייסן וולאַדימיר.

וולאַדימיר האָט מיט זיין אויסזען און אויפפירונג זיך אינגאַנצן אונטערשיידט פון די שטעטלשע איינוווינער. ער האָט נישט געטראָגן קיין באָרד און זיך נישט פאַרלאָזן קיין פּיאות. ער האָט געטראָגן הויכע שטיוול און אַ שוואַרצע לע־דערנע קורטקע. שוין ביים אָנהויב פון זיינע רייד איז יעקב באַצויבערט געוואָרן פון אים, אָבער דאָ און דאָרט האָבן זיך גענומען הערן איראָנישע צווישנרופן.

— צי ביסטו עס דער משיח, וואָס איז געקומען אונדז אָוועקפירן אין אונדזער לאַנד? — האָט איינער פון די אָנ־ווענזדיקע אויסגערופן.

— אפשר האָסטו געפונען דעם משיח אונטער דיין בעט, ווען דו האָסט זיך באַהאַלטן בעתן לעצטן פּאָגראָם? — האָט וולאַדימיר געענטפערט מיט אַ קעגנפראַגע.

— פון וואַנען קאָנען מיר זיין זיכער, אַז דו ביסט נישט קיין צאַרישער שפּיאָן?

— און צי ביסטו זיכער, אַז דו וועסט נישט זיין דער קומענדיקער קרבן פון צאַר? — האָט וולאַדימיר רואיק צו־ריקגעענטפערט.

אין צימער איז געוואָרן שטיל. וולאַדימיר האָט גערעדט זייער איבערצייגנדיק. ער האָט געשילדערט די געשיכטע פון יידישן פאָלק אין פוילן און רוסלאַנד און דערנאָך האָט ער אַרומגערעדט דעם מצב פון די יידן אין דייטשלאַנד און עסטרייך. דערנאָך האָט ער גערעדט וועגן גירוש פון די יידן פון ענגלאַנד און פראַנקרייך און וועגן די פּאָגראָמען אין בריי און יאָרק, אין שפּעיער און וואָרמס. ער האָט אויך גערעדט וועגן דער שפּאַנישער אינקוויזיציע און וועגן די גרוילן, וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן קעגן די יידן אין נאָמען פון דער קירך.

— חברים— האָט ער אויסגעשריען — עס איז נישטאָ אַזאַ פאָלק אויף דער וועלט, וואָס זאָל אונדז נישט האָבן דער־נידעריקט. מיר דאַרפן אויפשטיין און צוריק ווערן אַ פאָלק. דאָס איז אונדזער איינציקע רעטונג. פינסקער האָט עס שוין געזאָגט. די „חובבי ציון" גלויבן אין דעם און די ביל"ו־מענטשן זעען דעם מצב אין זעלבן ליכט. מיר דאַרפן זיך צוריקקערן און אויפבויען דאָס הויז פון יעקב.

אויף דער גאַס איז געווען שטיל און פינצטער און זיי האָבן שנעל געאײַלט אַהיים. אָנקומענדיק צו זייער שטוב האָבן זיי אַ קוש־געטאָן די מזוזה און זענען אַריין אינעווייניק. אויף שמעונס טיש איז געשטאַנען אַ ברענענדיק ליכטל. דער טאַטע איז געשטאַנען נעבן טיש, אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן נאַכט־העמד.

— גוט־אָוונט, טאַטע! — האָבן זיי ביידע אויסגערופן גלייכצייטיק, באַמיענדיק זיך אַריינצוכאַפּן אין זייער אַלקער.

— קינדער! — האָט שמעון אויסגערופן צו זיי מיט אַ באַפעלערישן טאָן.

זיי זענען צוגעגאַנגען צום טאַטנס טיש. אין דער זעל־בער רגע האָט זיך דערהערט זייער מוטערס שטימע:

— שמעון — האָט זי געפרעגט — צי זענען שוין די קינדער צוריקגעקומען אַהיים.

— יאָ, זיי זענען שוין צוריקגעקומען.

— זאָג זיי, אַז זיי זאָלן זיך מער נישט אַרומדרייען אַזוי שפּעט אין די גאַסן.

— יאָ, רחל, — האָט שמעון געענטפערט — לייג זיך שלאָפן און איך וועל שוין מיט זיי ריידן.

שמעון האָט אָנגעקוקט ביידע זין און זיך אָפּגערופן:

— איך וועל מאָרגן זאָגן דער פרוי האָראָוויץ, אַז איר מאַן קאָן רואיק ליגן אין קבר, ווייל מיינע זין האָבן געזאָגט קדיש נאָך אים.

יאָסי האָט נישט געוואַגט אָפּצונאַרן זיין טאַטן און ער האָט זיך אָפּגערופן:

— מיר האָבן נישט געזאָגט קיין קדיש נאָך האָראָוויצן.

שמעון ראַבינסקי האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, ווי ער וואָלט געווען איבעראַשט און געזאָגט:

— אַזוי גאָר? איך האָב עס אייגנטלעך געדאַרפט פאַר־

שטיין. איר זענט זיכער געגאַנגען שפּאַצירן מיט מיידלעך. היינט איז געקומען צו מיר דער שדכן אברהם און געזאָגט, אַז ער האָט פאַר דיר, יאָסי, אַ גוטן שידוך.

— מיר זענען נישט געגאַנגען באַקוקן קיין כלות — האָט יאָסי אַרויסגעשטאַמלט.

— נישט קיין מיידלעך ? נישט קיין קדיש ? אפשר זענט איר צוריקגעגאַנגען אין בית הכנסת לערנען אַ בלאַט גמרא ?

— ניין, טאַטע — האָט יאָסי געענטפערט, אָבער מען האָט קוים געקאָנט דערהערן וואָס ער זאָגט.

— מיר זענען געגאַנגען אויף דער פאַרזאַמלונג פון „חובבי ציון״ ! — האָט יעקב אויסגעשריען.

יאָסי האָט אַ צעטומלטער אַ קוק־געטאָן אויפן פאָטער, אָבער ער איז געווען צופרידן, וואָס יעקב האָט דערציילט דעם אמת. דער פאָטער האָט טיף אָפּגעזיפצט און אַ לענגערע ווײַלע אָנגעקוקט זיינע ביידע זין. צום סוף האָט ער זיך אָפּ־ גערופן :

— איך בין זייער געקרענקט צוליב דעם, וואָס איר האָט געטאָן.

— דעריבער האָבן מיר נישט געוואָלט דיר דערציילן, טאַטע — האָט יאָסי זיך אָפּגערופן. — מיר האָבן דיר נישט געוואָלט פאַרשאַפן קיין עגמת־נפש.

— עס אַרט מיך נישט, וואָס איר זענט געגאַנגען אויף אַן אסיפה פון „חובבי ציון״ — האָט שמעון זיך אָפּגערופן. — איך בין בלויז געקרענקט צוליב דעם, וואָס די זין פון שמעון ראַבינסקי טראַכטן אַזוי שלעכט וועגן זייער פאָטער, אַז זיי האַלטן נישט פאַר נויטיק אויפצודעקן פאַר אים זייערע סודות.

— ווען מיר וואָלטן דיר דערציילט — האָט יעקב אַ

צעמישטער זיך אָפּגערופן — וואָלסטו אונדז זיכער פאַרבאָטן דאָרטן צו גיין.

— זאָג מיר, יעקב, ווען האָב איך אייך פאַרבאָטן זיך צו לערנען פון אַנדערע? און צי האָב איך אייך ווען עס איז פאַרבאָטן צו לייענען וועלכן עס איז בוך?...

— ניין, טאַטע — האָט יעקב געענטפערט.

— עס שיינט, אַז מיר האָבן שוין לאַנג געדאַרפט וועגן דעם ריידן — האָט שמעון געזאָגט.

דאָס קליינע ליכטל האָט געוואָרפן אַ שוואַכן שיין, וואָס האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט יאָסיס רויטע האָר. ער איז געווען העכער פון זיין פאָטער כמעט מיט אַ גאַנצן קאָפּ. ער האָט גערעדט פעסט און אַנטשלאָסן. ער פלעגט זיך קיינמאָל נישט איילן מיט אָננעמען אַ באַשלוס, אָבער ווען ער האָט זיך שוין אויף עפּעס דעצידירט, האָט אים קיינער נישט געקאָנט אָפּ־ריידן דערפון.

— יעקב און איך האָבן נישט געוואָלט, אַז דו זאָלסט האָבן עגמת נפש — האָט ער זיך אָפּגערופן. — מיר ווייסן דיין באַציאונג צו די „חובבי ציון" און צו די נייע אידעען. פונ־דעסטוועגן בין איך צופרידן, וואָס איך בין געווען אויף דער אסיפה.

— אויך איך בין צופרידן, וואָס דו ביסט דאָרטן גע־ווען — האָט שמעון רואיק געענטפערט.

— דער רב ליפּצין וויל, אַז איך זאָל אַריינטרעטן אין זיין זעלבסטשוץ — האָט יאָסי געזאָגט.

— הרב ליפּצין וויל אַראָפּגיין פון דרך־הישר און איך הויב שוין אָן צו צווייפלען, צי ער איז בכלל אַ ייד — האָט שמעון זיך אָפּגערופן.

— אין דעם גייט עס טאַקע, טאַטע — האָט יאָסי רואיק צוריקגעענטפערט. — דו האָסט מורא פאַר נייע אידעען.

דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן, ווי יאָסי האָט גערעדט צו זיין פאָטער מיט אַזאַ שפּראַך. ער האָט זיך אָבער גלייך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין.

שמעון איז אַרויס פון הינטערן אַרבעטס־טיש, האָט אַרויפּ־געלייגט די הענט אויף די אַקסלען פון זיינע ביידע זין און זיי אַריינגעפירט אין אַלקערל. ער האָט זיי געבעטן זיך צו זעצן אויפן שמאָלן בעטל.

— צי מיינט איר, אַז איך ווייס נישט, וואָס עס טוט זיך אין אייערע מוחות? — האָט ער געזאָגט צו זיי. — איך מיינט, אַז איר איבערראַשט מיך מיט די נייע אידעען. פּונקט וועגן דאָס זעלבע, אויטאָעמאַנציפּאַציע און זעלבשוץ, האָב איך נאָך געהערט ווען איך בין געווען אַ קינד. איר גייט דורך דעם זעלבן קריזיס, וואָס יעדער ייד מוז דורכגיין... כדי שלום צו מאַכן מיט דער וועלט... כדי צו געפינען פאַר זיך אַן אָרט...

— איז עס דען אַ פאַרברעכן אויב מיר ווילן זיך פאַר־טיידיקן? צי איז דען אַ חטא אויב מיר ווילן פאַרבעסערן אונדזער מצב? — האָט יעקב פלוצים געפרעגט.

— דו ביסט אַ ייד — האָט דער פאָטער געענטפערט — און זיין אַ ייד באַדייט אויספירן געוויסע פליכטן.

— אויך די פליכט זיך צו באַהאַלטן אונטערן בעט, ווען מען וויל מיך דערהרגענען? — האָט יעקב אויסגעשריען.

— שריי נישט אויפן טאַטן — האָט יאָסי זיך אָנגערופן.

— קיינער האָט נישט געזאָגט, אַז עס איז לייכט צו זיין אַ ייד. מיר זענען נישט געבוירן געוואָרן, כדי הנאה צו האָבן פון דער דאָזיקער וועלט. מיר לעבן, כדי מקיים־צו־זיין די מצוות. דאָס איז אונדזער שליחות און אונדזער תכלית.

— און דאָס איז אונדזער לוין — האָט יעקב צוריקגע־ענטפערט.

— משיח וועט קומען צו דער געהעריקער צייט — האָט

שמעון געזאָגט — און איך גלויב נישט, אַז יעקב ראַבינסקי דאַרף דערנענטערן דעם קץ. איך גלויב אָבער, אַז יעקב ראַ־בינסקי דאַרף לעבן לויט גאָטס געבאָטן.

אין יעקבס אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן פאַר כעס.

— איך צווייפל נישט אין גאָטס געבאָטן — האָט ער אויסגערופן מיט אַ ווייַנענדיקער שטימע — אָבער איך צווייפל אין דער חכמה פון די מפרשים, וועלכע האָבן אויסגעטייטשט די מצוות.

אין צימער איז געוואָרן שטיל. יאָסי האָט אַזש געציטערט פאַר שרעק. נאָך קיינמאָל האָט ער נישט געהערט, אַז עמעצער זאָל אַזוי ריידן צו זיין טאַטן. אָבער טיף אין האַרצן האָט ער דאָך באַוווּנדערט זיין ברודערס מוט. יעקב האָט געוואַגט צו שטעלן די פראַגע, וועלכע ער אַליין וואָלט קיינמאָל נישט געהאַט די העזה צו שטעלן.

— אויב גאָט האָט אונדז געשאַפן אין צלם אלוקים — האָט יעקב ווייטער גערעדט — געפינט זיך דער משיח אין יעדן פון אונדז, און דער משיח אין מיין האַרץ זאָגט מיר אונטער, אַז איך זאָל זיך אויפשטעלן און צוריקשלאָגן. ער האַלט מיר אין איין זאָגן, אַז איך דאַרף זיך צוריקקערן צום לאַנד פון די אבות צוזאַמען מיט די „חובבי ציון”. אָט דאָס זאָגט מיר אונטער משיח, טאַטע.

שמעון ראַבינסקי האָט זיך אָבער נישט געלאָזט איבער־צייגן.

— אין אונדזער געשיכטע האָבן מיר שוין געהאַט אַ סך פאַלן, ווען עס האָבן זיך באַוויזן פאַלשע משיחים. איך האָב מורא, אַז איר הערט די רייד פון אַזאַ פאַלשן משיח.

— און ווי אַזוי וועל איך דערקענען דעם אמתן משיח? — האָט יעקב געפרעגט.

— די פראַגע איז נישט, צי יעקב ראַבינסקי וועט דער־

קענען דעם משיח אָדער וועט אים נישט דערקענען. די פראַ־גע איז, צי משיח וועט דערקענען יעקב ראַבינסקין... אויב יעקב ראַבינסקי גייט אַראָפּ פון דרך הישר און הערט זיך צו צו די רייד פון די פאַלשע נביאים, וועט משיח זיכער מיינען, אַז יעקב ראַבינסקי איז שוין נישט קיין ייד. דעריבער לייג איך פאָר, אַז יעקב ראַבינסקי זאָל ווייטער לעבן ווי אַ ייד, פונקט אַזוי ווי עס לעבט זיין טאַטע און ווי עס האָבן געלעבט זיינע זיידעס און עלטער־זיידעס.

## קאַפּיטל 4

„אַ טויט די יידן!"

אַ שטיין האָט צעבראָכן די שויב אין בית־מדרש. דער רב האָט שנעל אַרויסגעפירט די תלמידים דורך אַ הינטערשטן אַרויסגאַנג אין קעלער. אויף די גאַסן זענען געלאָפן יידן און געזוכט אַ באַהעלטעניש פאַרן ווילדן המון פון איבער טויזנט סטודענטן און קאָזאַקן.

„אַ טויט די יידן!" — האָבן געשריען די פּאָגראָמשטשי־קעס. — „אַ טויט די יידן!".

דאָס מאָל איז דער פּאָגראָם דורכגעפירט געוואָרן אונטער דער אָנפירונג פון אַ געוויסן אַנדרעיעוו, דער הויקערדיקער דירעקטאָר פון דער אָרטיקער גימנאַזיע און באַקאַנטער אַנטי־סעמיט אין זשיטאָמיר. אַנדרעיעווס שילער האָבן חוצפּהדיק מאַרשירט איבער די גאַסן פון יידישן וווין־קוואַרטאַל, האָבן אויסגעהאַקט די שויבן פון די קראָמען און אַרויסגעשלעפּט אויף דער גאַס יעדן ייד, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין זייערע הענט, שלאָגנדיק אים מכות־רצח.

„אַ טויט די יידן... שלאָגט די יידן... הרגעט די יידן!".

יעקב און יאָסי זענען שנעל אַרויסגעלאָפן פון בית־המדרש. דורך די שמאָלע געסלעך און אויסגעשטאָרבענע גאַסן האָבן זיי זיך דורכגעשלייכט אַהיים, כדי צו פאַרטיידיקן זייערע

עלטערן. אַ סך מאָל האָבן זיי זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן, ווען עס האָבן זיך צו זיי גענומען דערנענטערן קאָזאַקן אויף פערד און די צעווילדעוועטע סטודענטן. זיי האָבן זיך פאַרקערעוועט אין געסל, וווּ זיי האָבן געוווינט און זיך אָנגעשטויסן אויף אַ צענדליק כוליגאַנעס, שילער פון אַנדרעיעווס גימנאַזיע.

— דאָס זענען צוויי זשידעס! — האָט זיך דערהערט אַ געשריי.

יעקב און יאָסי האָבן זיך אויסגעדרייט און זענען אַנט־לאָפן, כדי אָפּצווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון די פאַרפאָל־גער פון זייערע עלטערנס וווינונג. די גימנאַזיסטן האָבן זיך מיט אַ פייפעריי אַ לאָז־געטאָן נאָך די צוויי ברידער. אין משך פון פופצן מינוט האָבן די גימנאַזיסטן נאָכגעיאָגט די ביידע יינגלעך ביז זיי האָבן זיי אַריינגעטריבן אין אַ בלינד געסל. יאָסי און יעקב האָבן זיך אָנגעשפּאַרט מיט זייערע אַקסלען אין דער וואנט. זיי האָבן שווער געאָטעמט און דער שווייס איז זיי גערונען איבער די פּנימער.

די אָנגרייפער האָבן אַרומגערינגלט די ביידע ברידער אין אַ האַלבן קרייז, און איינער פון דער באַנדע איז צוגעלאָפן צו די ברידער, זיך פאַרמעסטנדיק מיט אַן אייזן אויף יאָסין.

יאָסי האָט פלינק אויסגעמיטן דעם קלאַפּ. ער האָט אָנגע־כאַפּט דעם גימנאַזיסט און אים אַ הויב־געטאָן אין דער הויך, אָפּשליידערנדיק אים מיטן גאַנצן כוח צו דער גרופּע אָנפאַלער. אין דער זעלבער צייט האָט יעקב, וועלכער האָט שטענדיק געהאַט אין די קעשענעס אָנגעגרייט שטיינער, אַ וואָרף געטאָן צוויי שטיינער, וועלכע האָבן געטראָפן אין די קעפּ פון צוויי גימנאַזיסטן. די אָנגרייפער זענען אין שרעק זיך פאַנאַנדער־געלאָפן.

ביידע ברידער האָבן זיך דאַן אַ לאָז־געטאָן אַהיים און

אַריינלויפנדיק אין שטוב, געגומען שרייען: מאַמע! טאַטע!

די שטוב און דער וואַרשטאַט האָבן מיט זיך פאָרגע־שטעלט איין גרויסע חורבה.

— מאַמע! טאַטע!

זיי האָבן געפונען די מאַמען באַהאַלטן אין אַ ווינקל פון קעלער, אַן איבערגעשראָקענע צום טויט.

— ווו איז דער טאַטע? — האָט יאָסי אַ געשריי געטאָן.

— די ספר־תורה! — האָט די מאַמע קוים אויסגעפּליס־טערט. — די ספר־תורה!

אין דער זעלבער רגע, נישט ווייט פון זייער וווינונג, איז שמעון ראַבינסקי אַריין אין בית־הכנסת, וואָס האָט געברענט פון אַלע זייטן, און זיך דורכגעבראָכן דורכן שטיקנדיקן רויך און פייער אַ וועג צום אָרון־קודש. ער האָט שנעל אַראָפּגע־ריסן דעם פּרוכת, אויף וועלכן עס זענען געווען אויסגעהאָפטן די עשׂרת הדיברות, און אַרויסגענומען פון דאָרטן די ספר־תורה.

שמעון האָט צוגעדריקט די ספר־תורה צו דער ברוסט, כדי זי צו שיצן פון די פלאַמען, און מיט וואַקלדיקע טריט זיך גענומען דערנענטערן צו דער טיר. ער האָט באַקומען שווערע בראַנד־וווּנדן און איז שיעור נישט דערשטיקט געוואָרן פון רויך.

מיט די לעצטע כוחות האָט ער זיך אַרויסבאַקומען אין דרויסן, ווו ער איז אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד. אַ באַנדע פון אַן ערך צוואַנציק גימנאַזיסטן האָבן געוואַרט פאַר דער שול און ווי נאָר זיי האָבן דערזען שמעונען מיט דער ספר־תורה האָבן זיי גענומען שרייען:

— הרגעט דעם ייד!

שמעון האָט נאָך פּרובירט זיך אויפצושטעלן, אָבער ער

איז ווידער אַנידערגעפאַלן און צוגעדעקט מיט זיין קערפּער די ספר־תורה. שטעקנס האָבן אים צעשפּאָלטן דעם קאָפּ און שטיוול האָבן צעפליקט זיין פּנים...

— אַ טויט דעם ייד!

אין זיינע גסיסה־ליידן האָט שמעון ראַבינסקי אויסגערופן מיט די לעצטע כוחות:

— שמע ישראל... אדוני אלוהינו... אדוני אחד!

ווען מען האָט געפונען דעם קערפּער פון שמעון ראַבינסקי איז זיין פּנים געווען אַזוי צעקאַלעטשעט, אַז מען האָט אים קוים דערקענט. די ספר־תורה איז דורכן המון פאַרברענט געוואָרן. אַלע יידן אין זשיטאָמיר האָבן געטרויערט איבער זיין טויט. ער איז געשטאָרבן אויף קידוש השם. מען האָט אים מקבר־געווען נעבן אַ צענדליק אַנדערע קדושים־קרבנות פון פּאָגראָם.

רחל ראַבינסקי האָט געפירט אַ לעבן, וואָס איז געווען פול מיט זאָרגן און צער. אָבער דער טויט פון איר מאַן איז געווען פאַר איר אַ טראַגעדיע, וואָס האָט איינגעבראָכן אירע כוחות און איר ווילן. אפילו אירע קינדער האָבן זי נישט געקאָנט טרייסטן. מען האָט זי אַוועקגעפירט צו קרובים אין אַן אַנדער שטאָט, אָבער יעקב און יאָסי זענען געבליבן אין זשיטאָמיר, כדי זיי זאָלן יעדן אינדערפרי און ביינאַכט זאָגן קדיש נאָכן טאַטן. יאָסי האָט נאָכגעטראַכט וועגן זיין פאָטערס ווערטער, אַז ער זאָל לעבן ווי אַ ייד, כדי משיח זאָל אים דערקענען, ווען ער וועט קומען. — און אפשר איז דער טאַטע געווען גערעכט — האָט יאָסי געטראַכט. — אפשר איז אויף זיי נגזר געוואָרן נישט הנאה צו האָבן פון דער דאָזיקער וועלט, נאָר דינען אַלס שומרי־מצוות. אין זיין טיפן צער האָט

יאָסי זיך באַמיט צו געפינען אַ דערקלערונג פון די סיבות, וואָס האָבן גורם־געווען צום אַכזריותדיקן טויט פון זיין פאָטער.

יעקב איז געווען אַנדערש פון זיין ברודער. זיין האַרץ האָט געברענט פון שנאה. אפילו גייענדיק אין שול זאָגן קדיש האָט ער געטראַכט וועגן נקמה. ער איז געווען אומרואיק און פול מיט פאַרביטערונג. ער האָט זיך געשוואָרן, אַז ער וועט נעמען נקמה פאַרן טויט פון זיין פאָטער.

יאָסי, וועלכער האָט געוווּסט וואָס עס טוט זיך אין זיין ברודערס האַרץ, האָט אים נישט אַראָפּגעלאָזט פון אויג. ער האָט זיך באַמיט אים צו באַרואיקן און טרייסטן, אָבער יעקב האָט וועגן גאָרנישט געוואָלט הערן.

אַ חודש נאָכן טויט פון שמעון ראַבינסקי האָט יעקב אַ געוויסע נאַכט זיך אַרויסגעשלייכט פון דער וווינונג בעת יאָסי איז געשלאָפן. ער האָט מיטגענומען פון זיין טאַטנס אַרבעטס־טיש אַ לאַנגן שאַרפן מעסער, האָט אים פאַרשטעקט אין גאַרטל און איז אַוועק צו אַנדרעיעוון, דעם אַנטיסעמיטישן דירעקטאָר פון דער גימנאַזיע, וועמענס שילער האָבן דורכגעפירט דעם פאָגראָם.

אין עטלעכע מינוט אַרום האָט יאָסי אינסטינקטיוו זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, און דערזעענדיק, אַז זיין ברודער איז נישטאָ, האָט ער זיך שנעל אָנגעטאָן און איז אַרויסגעלאָפן אים זוכן. ער האָט געוווּסט, ווו זיין ברודער איז געגאַנגען. פיר פאַרטאָג האָט יעקב אָנגעקלאַפּט אין טיר פון אַנדרעיעווס וווינונג. ווען דער הויקערדיקער אַנדרעיעוו האָט געעפנט די טיר איז יעקב צוגעשפרונגען צו אים און אַריינגעשטאָכן דאָס מעסער טיף אין זיין האַרצן. אַנדרעיעוו האָט בלויז אַרויס־געלאָזט אַ קורצן געשריי און איז אַנידערגעפאַלן אַ טויטער. אַ ווײַלע שפּעטער איז אָנגעלאָפן יאָסי און געפונען זיין ברודער יעקב, שטיין ווי היפּנאָטיזירט ביים טויטן קערפּער פון דער־

הרגעטן. ער האָט אַ שלעפּ געטאָן זיין ברודער פאַרן האַנט אוןביידע זענען שנעל אַנטלאָפן פון אָרט.

אין משך פון גאַנצן טאָג און די נאַכט האָבן די ברידער זיך אויסבאַהאַלטן אין קעלער פון הרב ליפּצינס וווינונג. די ידיעה וועגן דעם, אַז מען האָט דערמאָרדעט אַנדרעיעוון האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט אין גאַנץ זשיטאָמיר. די ראשי־הקהל זענען זיך צוזאַמענגעקומען אויף אַן אַסיפה און האָבן אָנגענומען אַ באַשלוס.

— עס איז זייער מעגלעך, אַז מען האָט אייך דערקענט — האָט דער רב געזאָגט צו די ברידער, ווען ער איז צוריקגע־קומען פון דער אַסיפה. — אייניקע סטודענטן האָבן באַמערקט דיינע רויטע האָר, יאָסי.

יאָסי האָט פאַרביסן די ליפּן און האָט נישט אויסגעזאָגט, אַז ער האָט נאָר געוואָלט אָפּהאַלטן יעקבן פון זיין טאַט, אָבער יעקב האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין שום סימנים פון חרטה.

— איך וואָלט עס מיט פאַרגעניגן געטאָן נאָכאַמאָל — האָט ער געזאָגט.

— כאָטש מיר אַלע פאַרשטייען זייער גוט, וואָס דיך האָט געשטויסן צו דער דאָזיקער טאַט — האָט דער רב זיך אָפּגע־רופן — איז דאָס נישט קיין רעכטפאַרטיקונג. צוליב דעם קאָן קומען אויף אונדז אַ נייער פּאָגראָם, אָבער פון דער צווייטער זייט... מיר זענען יידן און פאַר אונדז איז נישטאָ קיין גערעכ־טער משפּט אין די רוסישע געריכטן. מיר האָבן דעריבער אָנגענומען אַ באַשלוס וועלכן איר מוזט זיך אונטערוואַרפן.

— יאָ, רבי — האָט יאָסי געזאָגט.

— איר דאַרפט זיך אָפּשניידן די פּיאות און זיך אָנטאָן ווי גויים. מיר וועלן אייך געבן גענוג געלט און צידה לדרך, וואָס וועט אייך קלעקן אויף אַ וואָך צייט. איר דאַרפט פאַרלאָזן זשיטאָמיר און קיינמאָל אַהער זיך נישט צוריקקערן.

אַזוי אַרום האָבן יעקב און יאָסי ראַבינסקי אין 1884 יאָר, יינגלעך פון פערצן און זעכצן יאָר, זיך פּאַרוואַנדלט אין פּליטים. זיי זענען געגאַנגען צופוס אין די נעכט און זיך אויסבאַהאַלטן אין די טעג. זיי זענען די גאַנצע צייט געגאַנגען אויף מזרח, קיין לובניע, וואָס האָט זיך געפונען דריי הונדערט קילאָמעטער ווייט פון זשיטאָמיר. זיי האָבן דאָרטן אָפּגעזוכט דעם רב, אָבער ער האָט זיי געזאָגט, אַז די ידיעה וועגן זייער טאַט איז שוין אויך דאָרטן באַקאַנט. דער רב און די פּרנסים פון לובניע האָבן איינגעשטימט צו געבן די יינגלעך געלט און שפּייז אויף נאָך אַ וואָך צייט, כדי זיי זאָלן קאָנען ממשיך זיין זייער וועג. דאָסמאָל האָבן זיך יעקב און יאָסי געלאָזט קיין כאַרקאָוו, צוויי הונדערט קילאָמעטער ווייט פון לובניע. זיי האָבן געמיינט, אַז דאָרט וועט זיי שוין קיינער נישט זוכן. גלייכצייטיק איז אַרויס אַ ידיעה צום כאַרקאָווער רב, אַז די יינגלעך געפינען זיך אויפן וועג צו אים. די גאַנצע געגנט און אַלע דערפער זענען אַלאַרמירט געוואָרן, כדי צו זוכן די ברידער ראַבינסקי. זיי האָבן דעריבער געמוזט אָננעמען די גרעסטע פּאָרזיכטס־מיטלען און צוליב דעם האָט דער וועג קיין כאַרקאָוו געדויערט ביי זיי איבער צוואַנציק טעג. אומעטום, אין גאַנצן תחום־המושב, זענען זייערע נעמען באַקאַנט געוואָרן און אַלע רוסן האָבן געהאַלטן פאַר זייער הייליקער פליכט צו כאַפּן די צוויי ברידער. צוויי וואָכן לאַנג האָבן די ברידער זיך אויסבאַהאַלטן אין פייכטן קעלער פון דער כאַרקאָווער שול און נאָר דער רבי און אייניקע גבאים האָבן געוווסט, אַז זיי געפינען זיך דאָרטן.

אַ געוויסן טאָג איז צו זיי געקומען דער רב סאַלאָמאָן און געזאָגט:

— איר זענט דאָ שוין נישט זיכער. ס׳איז נאָר אַ פראַגע פון צייט, ביז מען וועט אייך אַנטדעקן. די פּאָליציי איז שוין

דאָ עטלעכע מאָל געווען און אויסגעפּרעגט פאַרשידענע מענטשן. אָבער צוליב דעם, וואָס עס רוקט זיך אָן דער ווינטער, וועט זיין פאַר אייך אוממעגלעך ווידער צו אַנטלויפן.

דער רבי האָט אָפּגעזיפצט און געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— מיר האָבן זיך באַמיט אייך צו פאַרשאַפן פּאַפּירן, כדי איר זאָלט קאָנען ארויסגיין מחוץ דעם תחום־המושב — האָט דער רב ווייטער געזאָגט. — אָבער איך האָב מורא, אַז דאָס איז אַן אוממעגלעכע זאַך. איר זענט צו גוט באַקאַנט דער פּאָליציי.

דער רב איז אַרומגעגאַנגען הין און צוריק אין קעלער אַן אומרואיקער. צום סוף האָט ער זיך אָנגערופן:

— מיר האָבן באַשלאָסן, אַז נאָר איין וועג איז אָפן פאַר אייך. אין אונדזער ראַיאָן געפינען זיך איינציקע יידישע ישוב־ניקעס, וועלכע זענען גוט באַפריינדעט מיט זייערע גויאישע שכנים. מיר האַלטן, אַז דאָס איינציקע זיכערע אָרט פאַר אייך, ווייניקסטנס ביז פרילינג, איז אין שטוב פון אַזאַ ישובניק.

— רב סאַלאָמאָן — האָט יאָסי זיך אָפּגערופן. — מיר דאַנקען אייך פאַר אַלץ, וואָס איר האָט געטאָן פאַר אונדז, אָבער מיין ברודער און איך האָבן אייגענע פּלענער.

— וואָס פאַראַ פּלענער?

— מיר ווילן עולה זיין קיין ארץ־ישראל — האָט יעקב זיך אָפּגערופן.

— קיין ארץ־ישראל? — האָט דער רב אַ פאַרוווּנדערטער אויסגערופן. — וויאַזוי?

—מיר האָבן שוין באַטראַכט דעם וועג און גאָט וועט אונדז העלפן.

— גאָט וועט אייך זיכער העלפן, אָבער פאַרלאָזט זיך נישט אויף קיין ניסים — האָט דער רב געזאָגט. — אייך שטייט פאַר אַ לאַנגער און שווערער וועג פון אַ זעקס

הונדערט קילאָמעטער ביזן פּאָרט אין אָדעס. און [illegible]
איר וועט דערגיין קיין אָדעס, האָט איר נאָך נישט קיין מעג־
לעכקייט אַרויפצוגיין אויף אַ שיף אָן רייזע־פּאַפּירן.

— מיר גייען נישט קיין אָדעס...

— אָבער ס'איז דאָך נישטאָ קיין אַנדער וועג...

— מיר וועלן גיין קיין ארץ־ישראל צופוס...

דער רב סאַלאָמאָן איז שטיין געבליבן אַ געפּלעפּטער, הערנדיק דעם דאָזיקן ענטפער.

— משה רבינו איז געגאַנגען אין משך פון פערציק יאָר — האָט יעקב זיך אָפּגערופן — אָבער ביי אונדז וועט עס נישט דויערן אַזוי לאַנג...

— מיין זון, איך ווייס זייער גוט, אַז משה רבינו איז געגאַנגען אין משך פון פערציק יאָר, אָבער דאָס קלערט מיר נאָך נישט אויף, ווי אַזוי איר ווילט אָנקומען קיין ארץ־ישראל צופוס.

— מיר וועלן אייך דערציילן וועגן אונדזער פּלאַן — האָט יאָסי זיך אָפּגערופן — מיר וועלן גיין אויף דרום. די פּאָליציי וועט אונדז נישט זוכן אַזוי שטאַרק אין יענע קאַנטן. מיר וועלן אַרויסגיין פון תחום־המושב און דורך גרוזיע, איי־בער די קאַווקאַזער בערג, וועלן מיר זיך אַריינבאַקומען אין טערקיי.

— נאַרישקייטן... משוגעת!... אַזאַ זאַך איז אוממעגלעך! איר ווילט מיר דערציילן, אַז איר האָט בדעה דורכצוגיין דריי טויזנט קילאָמעטער צופוס אין די ווינטערדיקע קעלטן, איבער פרעמדע לענדער און הויכע בערג? און דאָס אַלץ אָן פּאַס־פּאָרטן? נישט קענענדיק דאָס לאַנד... און געיאָגט דורך דער פּאָליציי? איר זענט דאָך נאָך כמעט קינדער!

יעקב האָט אָנגעקוקט דעם רב און אין זיינע אויגן האָט געברענט אַ פייער פון באַגייסטערונג.

[illegible] אביא זרעך וממערב אקבצך.
אומר לצפון תני ולתימן אל תכלאי, הביאי בני מרחוק ובנותי
מקצה הארץ... — האָט ער פּאַטעטיש אויסגערופֿן.

און אַזוי איז געשען, אַז די ברידער ראַבינסקי, וועלכע זע־נען געזוכט געוואָרן דורך דער פּאָליציי פאַר דערמאָרדן אַנדרע־יעוון, זענען אַנטלאָפן פון כאַרקאָוו און זיך געלאָזט אין זייער ווייטן וועג, אין דער קעלט פון אַ שווערן ווינטער. אין די נעכט האָבן זיי זיך דורכגעבראָכן אַ וועג דורך פאַרשנייטע פעלדער. דער קאַלטער ווינט האָט געשמיסן זייערע יונגע קערפּערס און זייערע גלידער זענען דורכגענומען געוואָרן דורכן פראָסט. זיי האָבן געליטן הונגער און זיי האָבן געגנבעט אויף די פעלדער אַלץ, וואָס איז זיי געקומען אונטערן האַנט. בייטאָג פלעגן זיי זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער.

אין די דאָזיקע פּיינפולע נעכט איז יעקב געווען דער יעניקער, וועלכער האָט אונטערגעהאַלטן יאָסין מיט זיין באַ־גייסטערונג פאַר דער שליחות וואָס זיי האָבן זיך אונטער־גענומען. דער יינגערער האָט אונטערגעהאַלטן דעם מוט, ווען עס האָט זיך שוין אויסגעדוכט, אַז זיי האָבן שוין מער נישט קיין כוחות. און יאָסי, דער פיזיש־שטאַרקערער האָט אונטער־שטיצט דעם יינגערן ברודער. אַ דאַנק דער דאָזיקער באַ־העפטונג פון שטאַרקן גייסט און געזונטן גוף איז זיי געלונגען צו בלייבן לעבן און ממשיך זיין זייער וועג.

אַ סך נעכט איז יאָסי געווען געצוווּנגען צו טראָגן יעקבן אויף די פּלייצעס אין משך פון לאַנגע שעהן. די פיס פון יינגערן ברודער זענען געווען פאַרוווּנדעט און פון זיי האָט געראָנען בלוט. אין משך פון אַ סך טעג איז יאָסי געשלאָפן אויף יעקבס אַקסל, כדי אָנצווואַרעמען דעם גוף פון זיין שוואַכן ברודער. אַ סך מאָל האָבן ביידע געפּויזעט אויף אַלע פיר, כדי זיך אויסצוזוכן אַ באַהעלטעניש.

אויפן אייז און שניי האָבן די ברידער מאַרשירט קיין דרום. טראָט נאָך טראָט, מייל נאָך מייל, וואָך נאָך וואָך. ערשט פרילינגס־צייט זענען זיי פולשטענדיק דערשעפּטע אָנגעקומען קיין ראָסטאָוו.

זיי האָבן דאָרטן אויפגעזוכט דעם יידישן וויזן־ראַיאָן. מען האָט זיי אַריינגעפירט אין אַ שטוב, וווּ מען האָט זיי געגעבן עסן און טרינקען. זיי האָבן דאָרטן אויך געטוישט זייערע צעריסענע בגדים. אָפּרוענדיק זיך דאָרטן עטלעכע וואָכן האָבן זיי זיך ווידער געלאָזט אין זייער וואַנדער־וועג.

הגם זיי האָבן שוין נישט געדאַרפט איצט מער מורא האָבן פאַר די פאַרפאָלגער, האָבן זיי אָבער נאָך געמוזט אָפּהיטן די גרעסטע פאָרזיכטיקייט, ווייל זיי זענען אַרויס פון די גרע־נעצן פון תחום המושב און האָבן מער נישט געקאָנט האָפן אויף שטיצע מצד די יידישע קהילות. זיי האָבן מאַרשירט לענגאויס דעם ברעג פון שוואַרצן ים און זענען ענדלעך אָנ־געקומען קיין גרוזיע. אויך דאָרטן האָבן זיי זיך בייטאָג אויס־באַהאַלטן און ביינאַכט פלעגן זיי גנבענען פון די פעלדער שפּייז, כדי זיך צו דערהאַלטן ביים לעבן.

ווען דער ווינטער איז ווידער געקומען זענען ביידע ברי־דער געשטאַנען פאַר אַ האַרבער דעציזיע: בלייבן אין גרוזיע, זיך באַמיען דורכצוגיין די קאַווקאַזער בערג ווינטער־צייט, אָדער פּרוּוון אַריבערשווימען דעם שוואַרצן ים אין אַ שיפל. יעדער פון די דאָזיקע וועגן איז געווען פול מיט סכנות. דער פּלאַן אַריבערצוגיין די בערג אין ווינטער איז געווען דער געפערלעכסטער, אָבער זיי האָבן באַשלאָסן צו ריזיקירן, ווייל זיי האָבן וואָס שנעלער געוואָלט פאַרלאָזן רוסלאַנד. אין סטאַוו־ראָפּאָל האָבן זיי אַפילו דורכגעפירט עטלעכע איינברוכן, כדי זיך צו באַזאָרגן מיט די נויטיקע בגדים און אויסשטאַטונג, וואָס איז נויטיק געווען דורכצוגיין די בערג.

ווען זיי האָבן שוין אַלץ געהאַט צוגעגרייט האָבן זיי זיך געלאָזט קיין קאַווקאַז, נאָך אַלץ געיאָגט דורך דער פּאָליציי, כדי אָנצוקומען קיין אַרמעניע. און ווידער אַמאָל האָבן זיי געוואַנדערט אין די גרויזאַמע פרעסט פון ווינטער. אָבער דאָס ערשטע יאָר פון זייער וואַנדערונג האָט זיי פאַרהאַרטע־וועט. גלייכצייטיק איז אַלץ שטאַרקער געוואָרן זייער שטרע־בונג אָנצוקומען קיין ארץ־ישראל. די לעצטע שטרעקע פון זייער וועג האָבן זיי דורכגעמאַכט כמעט פולשטענדיק דער־שעפּטע. בלויז דער אינסטינקט האָט זיי געשטויסן פאָרויס.

ווידער איז געקומען דער פרילינג און צום צווייטן מאָל האָבן זיי איבערגעלעבט דעם וואונדער פון תחית המתים פון דער נאַטור. אַ געוויסן טאָג האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט און צום ערשטן מאָל אָפּגעאָטעמט מיט פרייער לופט. זיי זענען אַרויס פון די גרענעצן פון דער „מוטערל רוסלאַנד". אַרויפ־טרעטנדיק אויף דער טעריטאָריע פון טערקיי האָט יעקב זיך אויסגעדרייט און אַ שפּיי געטאָן.

פון איצט אָן האָבן זיי זיך געקאָנט פריי באַוועגן אַפילו בייטאָג. זיי האָבן זיך אָבער געפונען אין אַ פרעמד לאַנד און זיי האָבן נישט געהאַט קיין דאָקומענטן. דער גאַנצער מזרח־דיקער טייל פון טערקיי איז אַ באַרגיקע געגנט און זיי האָבן געמוזט גיין לאַנגזאַם. זיי האָבן געאַרבעט אויף די פעלדער, ווען זיי האָבן נישט גאָרנישט געקאָנט גנבענען און צוויי מאָל זענען זיי אַפילו אַרעסטירט געוואָרן און געזעסן אין תפיסה. יאָסי האָט געזאָגט, אַז זיי מוזן איין מאָל פאַר אַלעמאָל אויפהערן מיט די גניבות אַנישט וועט מען זיי כאַפּן און צוריקשיקן קיין רוסלאַנד. זומער־צייט זענען זיי אָנגעקומען צופוסנס פון באַרג אררט אויף וועלכן עס האָט זיך אַמאָל פאַרהאַלטן נחס תיבה. אין יעדן דאָרף, ווו זיי זענען אָנגעקומען האָבן זיי געפרעגט צי עס וווינען דאָרט יידן.

אין אייניקע דערפער האָבן געלעבט יידן און די ברידער האָבן פון זיי באַקומען עסן, קליידונג און אַ דאַך איבערן קאָפּ. דאָס זענען געווען גאָר אַנדערע יידן, וועלכע יעקב און יאָסי האָבן ביז איצט געקענט. זיי זענען געווען אַבערגלויביקע פּויערים, אָבער זיי האָבן אָפּגעהיט די תורה, דעם שבת און די יום־טובים.

— צי וווינען דאָ יידן?

— מיר זענען יידן.

— מיר ווילן ריידן מיט אייער רב.

— וווהין גייט איר?

— מיר גייען קיין ארץ־ישראל.

דאָס איז געווען דאָס מאַגישע וואָרט, וואָס האָט זיי פריי געמאַכט דעם וועג.

— צי וווינען דאָ יידן?

— אין צווייטן דאָרף וווינט אַ יידישע פאַמיליע.

אומעטום זענען זיי אויפגענומען געוואָרן גאַסטפריינטלעך. און אַזוי זענען פאַרגאַנגען צוויי יאָר. די ברידער האָבן זיך עקשנותדיק גערוקט פאָרויס, פאַרהאַלטנדיק זיך בלויז דאַן ווען זיי האָבן זיך געמוזט אָפּרוען, אָדער בלייבן אַרבעטן, כדי צו באַקומען אַ ביסל עסן.

— צי וווינען דאָ יידן?

זיי זענען אַריבער די טערקישע גרענעץ און זענען אָנגעקומען קיין סיריע. אין אַלעפּאָ האָבן זיי זיך צום ערשטן מאָל באַקענט מיט דער אַראַבישער וועלט. זיי האָבן געוואַנדערט איבער די באַזאַרן און איבער די גאַסן, וואָס זענען געווען באַדעקט מיט קעמל־מיסט. זיי האָבן געהערט די מוסול־מענישן געזאַנגען, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון די מינאַרעטן.

זיי האָבן ווייטער געוואַנדערט ביז פאַר זייערע אויגן האָט אויפגעטויכט די בלוי־גרינע אויבערפלאַך פון מיטללענדישן ים. אַנשטאָט די שטורעמס און די קעלטן, האָט זיי דאָ באַגריסט אַ גליענדיקע היץ. אָנגעטאָן אין שמאַטעס האָבן זיי זיך געלאָזט לענגאויס דער ים־בוכטע.

— צי וווינען דאָ יידן?

יאָ, דאָ האָבן געוווינט יידן, אָבער זיי זענען ווידער געווען אַנדערש ווי די פריערדיקע. די דאָזיקע יידן האָבן אויסגעזען ווי אַראַבער, האָבן גערעדט אַראַביש און זענען געווען אָנגעטאָן ווי אַראַבער. אָבער די דאָזיקע יידן האָבן אויך גערעדט העברעיש און געקענט די תורה, פונקט אַזוי ווי די יידן אין דרום־רוסלאַנד און טערקיי. האָבן אויך די דאָזיקע יידן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי אַראַבער, אויפגענומעןביידע ברידער ווי אייגענע.

און ווייטער איז געגאַנגען דער וועג, דורך לבנון, פאַרביי טריפּאָליס און ביירוט. זיי האָבן זיך אַלץ מער און מער דערנעענטערט צו ארץ־ישראל.

— צי וווינען דאָ יידן?

אינצווישנצייט איז שוין געוואָרן 1888. מער ווי פערציק חדשים זענען פאַרביי זינט יענער נאַכט, ווען יעקב און יאָסי זענען אַנטלאָפן פון זשיטאָמיר. יאָסי איז אויסגעוואַקסן און געוואָרן אַ הויכער ריז פון אַ מעטער אַכציק, מיט אַ קערפּער פון שטאָל. ער איז איצט געווען צוואַנציק יאָר אַלט און האָט געטראָגן אַ צונטער־רויטע באָרד.

יעקב איז געווען אַכצן יאָר אַלט. אויך ער איז אָפּגעמאָגערט געוואָרן אין משך פון דער דריי־יאָריקער וואַנדערשאַפט. ער האָט זיך פאַרהאַרטעוועט, אָבער ער איז געבליבן,

ווי פריער, פון מיטעלער גרויס. ער האָט געהאַט אַ טונקל, פּילבאַר געזיכט און ער איז נאָך אַלץ געבליבן דער היך־קאָפּ, אַזוי ווי ער איז געווען אַלס קינד.

זיי זענען געשטאַנען אויף אַ באַרג און פאַר זיי האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ ברייטער טאָל. יעקב און יאָסי ראַבינסקי האָבן אַראָפּגעקוקט אויף דער חולה־אָזיערע אין גליל העליון. יאָסי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף איינעם פון די פעלזן און אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. דער וואַנדער־וועג האָט זיך פאַר־ענדיקט.

„כי אם חי ה׳ אשר העלה ואשר הביא את זרע בית ישראל מארץ צפונה ומכל הארצות אשר הדחתים שם וישבו על אדמתם״.

יעקב האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף יאָסיס אַקסל און געזאָגט:

— מיר זענען אָנגעקומען אַהיים, יאָסי! מיר זענען אָנ־געקומען אַהיים!

# קאַפּיטל 5

זיי זענען געשטאַנען אויפן באַרג און אַראָפּגעקוקט צום טאָל, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט צופֿוסנס. פֿון דער אַנדער זייט טאָל, אין לבנון, האָט זיך אויפֿגעהויבן דער באַרג חרמון מיט זיין שניי־שפּיץ. אונטער זיי האָבן זיך געפֿונען די זומפּן נעבן דער חולה־אָזיערע. צווישן די בערג, רעכטס, איז געלעגן אַן אַראַביש דאָרף. יאָסי ראַבינסקי איז געווען פֿול מיט התפּעלות. ווי שיין און פֿאַרכאַפּנדיק איז דאָס צוגעזאָגטע לאַנד, ווען מען קוקט פֿון דער הויך. אין דאָזיקן מצב פֿון באַגייסטערונג האָט ער ווי אַ סך יונגע מענטשן געשווירן, אַז אין אַ געוויסן טאָג וועט ער זיך צוריקקערן אַהער, כּדי פֿון זעלבן פּונקט נאָך אַמאָל אָנצוקוקן דעם הערלעכן פּייזאַזש.

זיי האָבן זיך פֿאַרהאַלטן אויף די בערג אַ גאַנצן מעת־לעת און ערשט דאַן האָבן זיי זיך אָנגעהויבן אַראָפּצולאָזן אין דער ריכטונג פֿון אַראַבישן דאָרף. די ווייס־געקאַלכטע הייזלעך זענען געשטאַנען צונויפֿגעדרענגט אויפֿן שיפּוע פֿון באַרג און זיך געבאָדן אין די שטראַלן פֿון דער זון. די באַאַרבעטע פֿעלדער און די איילבירטן־פּלאַנטאַציעס האָבן זיך געצויגן פֿון דאָרף ביז צו די זומפּן פֿון חולה. אויף די פֿעלדער האָבן זיי געזען ווי אַן אייזל שלעפּט אַ הילצערנעם אַקעראייזן. אַנדערע אייזלען האָבן געטראָגן אויף זייערע רוקנס קליינע

תבואה־בינטלעך. אין די וויך־גערטנער האָבן געאַרבעט אַראַ־בישע פּרויען. דאָס גאַנצע דאָרף האָט געמאַכט דעם איינ־דרוק, ווי דאָ וואָלט זיך גאָרנישט געהאַט געענדערט זינט טויזנטער יאָרן.

די מאָלערישקייט פון דאָרף איז אָבער פאַרשווונדן, ווען זיי האָבן זיך צו אים דערנענטערט. אַן אָפּשטויסנדיקער גע־שטאַנק האָט זיי אַ שלאָג געטאָן אַנטקעגן. פון די פעלדער און פון די הייזלעך האָבן די דאָרף־איינוווינער נאָכגעקוקט די ביידע ברידער מיט בליקן פון אומצוטרוי. יעקב און יאָסי זענען געגאַנגען דורך דעם שמוציקן הויפּט־וועג פון דאָרף, וועלכער איז געווען פול באַדעקט מיט מיסט פון קעמלען און אייזלען. ריזיקע מחנות פליגן האָבן אַרומגעטאַנצט אַרום זיי. אַ פוילער הונט איז געלעגן אין פאַרעיפּושטן וואַסער פון רינשטאָק, כדי זיך אָפּצוקילן פון דער היץ. פרויען מיט באַדעקטע פּנימער זענען שנעל פאַרשווונדן אין די ליימענע כאַטקעס, וועלכע האָבן אויסגעזען ווי זיי וואָלטן געהאַלטן ביים איינפאַלן. אין יעדן שטיבל האָט געוויינט אַ טוץ מענטשן און חוץ דעם האָבן זיך נאָך דאָרטן געפונען חזירים, הינער, מויל־אייזלען און ציגן.

די ביידע ראַבינסקיס האָבן זיך פאַרהאַלטן נעבן ברונעם פון דאָרף. הויך־געוואַקסענע מיידלעך האָבן געטראָגן אויף זייערע קעפּ ריזיקע וואַסער־קרוגן. אַנדערע מיידלעך זענען געשטאַנען אויף די קני און געוואַשן וועש, ריידנדיק און לאַ־כנדיק הויך אויף אַ קול. אָבער ווי נאָר די פרעמדע בחורים זענען דערשינען זענען די מיידלעך פאַרשטומט געוואָרן.

— צי קאָנען מיר באַקומען אַ ביסל וואַסער? — האָט יאָסי געפרעגט.

קיינער פון די אַנוועזנדיקע האָט נישט געענטפערט. זיי

זענען דעריבער אַליין צוגעגאַנגען צום ברונעם און אַרויס־געשלעפּט פון דאָרטן אַן עמער וואַסער. זיי האָבן אָפּגעוואַשן די פּנימער, אָנגעפּילט זייערע פלעשער און זיך שנעל אָפּגעטראָגן פון אָרט.

גייענדיק ווייטער דורכן דאָרף האָבן זיי אָנגעטראָפן אויף אַ האַלב־איינגעפאַלענעם הייזל, וואָס האָט געדינט פאַר די דאָרפישע איינוווינער אַלס קאַפע־הויז. אינעווייניק זענען געזעסן אָדער געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע אַ סך מענער, וועלכע האָבן זיך געפוילט צו אַרבעטן. אויף די פעלדער האָבן געאַרבעט זייערע פרויען. אַ טייל פון די אָנוועזנדיקע האָט געשפּילט אין שעש־בעש. די לופט איז געווען אָנגעפּילט מיטן אַראָמאַט פון שטאַרקן קאַווע, וואָס האָט זיך אויסגעמישט מיטן שלעכטן ריח פון אַרום.

— מיר דאַרפן האָבן אַ וועג־ווייזער — האָט זיך יאָסי אָפּגערופן.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך איינער פון די אַראַבער אויפגעהויבן פון דער פּאָדלאָגע און אויפגעפּאָדערט ביידע ברידער צו גיין מיט אים. ער האָט זיי אַוועקגעפירט נישט ווייט פון דאָרף צו אַ וואַסער־קוואַל. פון דער אַנדער זייט קוואַל איז געשטאַנען אַ מעטשעט מיט אַ טורעם. פון דער זייט קוואַל איז געשטאַנען אַ געמויערט הויז אין שאָטן פוןביימער, וואָס האָט געדינט אויפצונעמען באַזוכער. זיי זענען אַרייַנגעפירט געוואָרן אין אַ צימער און מען האָט זיי געבעטן זיך זעצן. דאָס איז געווען אַ הויך צימער מיט ווייס־געקאַלכטע דיקע ווענט, און אָריענטאַליש־געפּאַרמטע פענצטער. נעבן די ווענט פון צימער זענען געשטאַנען בענק, אויף וועלכע עס זענען געלעגן פילפאַרביקע קישעלעך.

צום סוף איז אין צימער אַרייַנגעקומען אַ יונגערמאַן פון

אַ יאָר צוואַנציק. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן גע־שטרייפטן כּאַלאַט, וואָס האָט אים געגרייכט ביזן קנעכל. דער קאָפּ איז ביי אים געווען באַדעקט מיט אַ ווייסן טוך אַרומגע־בונדן מיט אַ שוואַרצן באַנד. מען האָט גלייך געקאָנט דערקע־נען, אַז ער געהערט צו די רייכע דאָרפס־איינוווינער.

— איך בין קאַמאַל, דער מוכטאַר פון נבי יושע — האָט ער זיך אַליין פאָרגעשטעלט. ער האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט, וועלכע זענען געווען באַצירט מיט אַ סך רינגען און באַפוילן צו ברענגען פאַר די פרעמדע פרוכטן און קאַפע. אינ־צווישנצייט זענען אין צימער אַריינגעקומען די דאָרפס־עלטסטע.

צו דער איבעראַשונג פוןביידע ראַבינסקיס האָט דער מוכטאַר גערעדט אַ ביסל העברעיש.

— דאָס אָרט אויף וועלכן דאָס דאָרף געפינט זיך — האט דער מוכטאַר זיך אָפּגערופן — איז לויט דער לעגענדע דאָס אָרט, וווּ עס איז באַגראָבן געוואָרן יהושע בן־נון. איר פאַר־שטייט? יהושע איז געווען נישט נאָר קיין העברעישער מיליטער־פירער נאָר אויך אַ מוסולמענישער נביא.

נאָך דעם ווי דער מוכטאַר האָט אַ ביסל געשמועסט מיט די ברידער האָט ער זיך באַמיט פון זיי אַרויסצובאַקומען ווער זיי זענען און וואָס זיי זוכן. צום סוף האָט ער אָנגעדייט, אַז זיי האָבן משמעות פאַרבלאָנדזשעט, ווייל ביז איצט האָט נאָך קיין איין ייד נישט געוואַגט זיך צו באַווייזן אין חולה־געביט.

יאָסי האָט אים אויפגעקלערט, אַז זיי זענען געקומען אין לאַנד פון צפון־זייט און זוכן דעם נאָענטסטן יידישן ישוב. נאָך אַ האַלב־שעהדיקן שמועס איז פאַרן מוכטאַר קלאָר גע־וואָרן, אַז די צוויי יידן זענען נישט געקומען אַהער, כּדי צו דערוועגבן באָדן. ער איז דאַן געוואָרן צו זיי אַ ביסל פריינט־

לעכער און די ברידער האָבן זיך דערוווּסט, אַז ער איז נישט נאָר דער מוכטאַר פון דאָרף, נאָר ער איז אויך דער אייגנטימער פון גאַנצן באָדן אין נבי יושע, דער גייסטיקער מנהיג פון די דאָרפס־איינוווינער און דער איינציקער מענטש אויפן אָרט, וואָס קאָן לייענען און שרייבן.

דער דאָזיקער אַראַבער איז יאָסין געפעלן געוואָרן, הגם ער האָט אַליין נישט געוווּסט פאַרוואָס. ער האָט דערציילט דעם מוכטאַר וועגן זייער וואַנדער־וועג פון רוסלאַנד און וועגן זייער ווילן זיך צו באַזעצן אין ארץ־ישראל, כדי דאָ צו באַאַר־בעטן די ערד.

— אַן ערך דרייסיק קילאָמעטער דרומדיק פון דאַנען וועט איר געפינען יידן — האָט דער מוכטאַר צום סוף געזאָגט. — אויב איר וועט זיך האַלטן מיטן שאָסיי, וועט איר אַהין אָנקומען אָוונטצייט. דאָס אָרט הייסט ראש־פינה.

— ראש־פינה! ווי גרויס איז געווען די געריכטקייט פוןביידע ברידער! אַ סך מאָל האָבן זיי געהערט דעם דאָזיקן נאָמען אין זשיטאָמיר.

— ראש־פינה געפינט זיך צווישן דער חולה־אָזיערע און דעם ים כנרת. אויפן וועג אַהין וועט איר פאַרבייגיין אַ גרויס בערגל. אונטערן דאָזיקן בערגל ליגט די אַלטע שטאָט חצור. זאָל אייך גאָט שיצן אויפן וועג.

זיי האָבן זיך געזעגנט און פאַרלאָזן דאָס דאָרף. דער וועג האָט געפירט דורך די פעלדער פון נבי יושע און פאַרביי די שטינקענדיקע חולה־זומפן, וואָס זענען געווען פול מיט מאַלאַ־ריע־קאָמאַרן. יאָסי האָט זיך אומגעקוקט און געזאָגט:

— איך וועל נאָך אַהער זיך צוריקקערן... איך בין זיכער, אַז איך וועל נאָך אַהער צוריקקומען.

מיטאָג־צייט זענען זיי אָנגעקומען צום גרויסן בערגל, וועגן וועלכן דער מוכטאַר האָט זיי דערציילט. בעת זיי זענען אַרויפגעקראָכן אויבן איז פאַר זיי געווען קלאָר, אַז אונטער דער ערד איבער וועלכער זיי טרעטן איצט, ליגט באַגראָבן די אוראַלטע שטאָט חצור. יאָסי איז געווען באַגייסטערט:

— שטעל דיר פאָר, יעקב — האָט ער געזאָגט — עס קאָן זיין, אַז יהושע בן־נון איז געשטאַנען דאָ אויפן זעלבן אָרט, ווו מיר שטייען איצט, בעת ער האָט דעראָבערט די שטאָט און צעשלאָגן די כנענים.

די גאַנצע צייט, זינט יאָסי האָט געמאַכט דעם ערשטן שריט אויפן באָדן פון ארץ־ישראל האָט ער זיך געפונען אין אַ צושטאַנד פון פרייד און ענטוזיאַזם. ער האָט אַפילו נישט באַמערקט, אַז זיין ברודער יעקב גייט עפּעס אַרום אַ טרויער־ריקער. יעקב האָט נישט געוואָלט צעשטערן די גוטע שטי־מונג פון זיין עלטערן ברודער און דעריבער האָט ער די גאַנצע צייט זיך נישט אָפּגערופן מיט קיין וואָרט. אָבער זיין אייגענע שטימונג איז געוואָרן פון מינוט צו מינוט ערגער.

ווען עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט זענען זיי אָנגעקומען קיין ראש־פּינה, דער צפונדיקסטער ישוב, וואָס האָט זיך צו יענער צייט געפונען אין ארץ־ישראל. זייער אָנקום האָט אַרויסגערופן גרויס אויפזען. אין אַ קליינעם בנין, וואָס האָט געדינט אַלס קלוב פאַר די אָרטיקע איינוווינער האָט מען זיי פּשוט פאַרשאָטן מיט פראַגן. עס זענען אָבער פאַרביי פערציק חדשים, זינט זיי זענען אַוועק פון זשיטאָמיר און דעריבער האָבן זיי געקאָנט נאָר דערציילן, אַז די פּאָגראָמען, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1881, זענען פון יאָר צו יאָר געוואָרן אַלץ ערגער.

די ברידער האָבן וואָס אַן אמת אויסבאַהאַלטן זייערע

אמתע געפילן, אָבער ראש־פּינה איז געווען פאַר זיי אַ ביטערע אַנטוישונג. אויפן אָרט פון אַ בליענדיקן ישוב, אויף וועלכן זיי האָבן זיך געריכט, האָבן זיי געפונען אַן אָרעמען דאָרף. דאָרטן האָבן געלעבט בלויז אַ פּאָר צענדליק אָרעמע יידן, וועמענס מצב עס איז נישט געווען פיל בעסער, ווי דער מצב פון די אַראַבער אין נבי יושע.

— נישט איין מאָל האָבן מיר זיך שוין געזאָגט, אַז עס וואָלט בעסער געווען ווען מיר וואָלטן געבליבן אין רוסלאַנד — האָט זיך באַקלאָגט איינער פון די חלוצים פון דער מושבה. — אין געטאָ זענען מיר ווייניקסטנס געווען צווישן יידן. מיר האָבן געקאָנט לייענען ביכער און הערן מוזיק. מיר האָבן געקאָנט רעדן מיט מענטשן און האָבן פרויען. אָבער דאָ, איז גאָרנישט נישטאָ.

— און וואָס איז מיט די שטרעבונגען, וועגן וועלכע מיר האָבן געהערט אויף די פאַרזאַמלונגען פון די „חובבי ציון״?
— האָט יאָסי געפרעגט.

— זיכער, מיר זענען געווען דורכגעדרונגען מיט אידעאַלן קומענדיק אַהער — האָט מען אים צוריקגעענטפערט — — אָבער אין דאָזיקן לאַנד ווערן די אידעאַלן שנעל אויסגעוועבט. קוקט אָן די מושבה... אַלץ איז דאָ פאַרניכטעט. מען קאָן דאָ גאָרנישט האָדעווען. דאָס ווייניקע וואָס מיר פאַרמאָגן ווערט צעגנבעט דורך די בעדואינער און דורך די טערקן. אויף אייער אָרט, בחורימלעך, וואָלט איך געגאַנגען ווייטער קיין יפו, און וואָלט אָפּגעשווומען מיט א שיף קיין אַמעריקע.
— וואָס פאַר אַ משונהדיקער געדאַנק — האָט יאָסי געטראַכט.

— ווען נישט די שטיצע פון באַראָן ראָטשילד און פון געוויסע אויסלענדישע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס וואָלטן מיר שוין לאַנג געשטאָרבן פון הונגער.

צומאָרגנס האָבן די ברידער פאַרלאָזן ראש־פּינה און אַוועק דורך די בערג קיין צפת. צפת איז געווען איינע פון די פיר הייליקע שטעט אין יידישן ישוב אין ארץ־ישראל. יאָסי איז געווען זיכער, אַז דאָ ווו עס ווינען יידן פון צווייטן, דריטן און פערטן דור אין לאַנד, וועט זייער אַנטוישונג שנעל פאַרשווינדן, אָבער עס האָט זיך איבערגעחזרט דאָס זעלבע וואָס אין ראש־פּינה. זיי האָבן דאָ געפונען עטלעכע הונדערט אַלטע יידן, וואָס האָבן געלערנט תורה און האָבן זיך מפרנס געווען פון די נדבות, וואָס יידן פון דער גאַנצער וועלט האָבן צוגעשיקט. זיי האָבן לגמרי נישט געהאַט בדעה אויפצושטעלן אויפסניי דעם „בית יעקב”. זיי האָבן נאָר געוואָלט לעבן שטיל, לערנען תורה און עס האָט זיי נישט געאַרט די אָרעמע באַדינגונגען אין וועלכע זיי האָבן געלעבט.

די ברידער ראַבינסקי האָבן צומאָרגנס פאַרלאָזן צפת און זענען אַרויף אויפן באַרג כנען, וואָס ליגט נעבן דער שטאָט. זיי האָבן זיך דאָרטן אַ ביסל אָפּגערוט. דער אויסבליק פון הר כנען איז געווען אַ וואונדערבאַרער. פון דאַנען האָבן זיי געקאָנט זען די שטאָט צפת, און דעם ים כנרת. אין צפון האָבן זיי געקאָנט זען די באַרג־שפּיצן פון חולה־געביט. יאָסי האָט זיך פאַרליבט אין דער דאָזיקער געגנט, ווו ער האָט צום ערשטן מאָל געשטעלט זיין טראָט, אָנקומענדיק אין לאַנד. און ווידער האָט ער זיך געגעבן אין האַרצן אַ נדר, אַז אַ געוויסן טאָג וועט ער קומען אַהער און די ערד וועט געהערן צו אים.

יעקב האָט אָבער שוין מער נישט געקאָנט אויסבאַהאַלטן זיין פאַרביטערונג.

— אונדזער גאַנץ לעבן, אַלע אונדזערע תפילות... און איצט קוק זיך צו, יאָסי...

יאָסי האָט אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף יעקבס אַקסל.

— זע ווי וואונדערבאַר דאָס דאָזיקע אָרט איז — האָט

ער זיך אָפּגערופֿן. — און [illegible]
מי און אַרבעט, וואָס מיר וועלן דאָ אַריינלייגן, וועט די לאַנד־שאַפֿט צופֿוסנס פֿון דאָזיקן באַרג זיין אַזוי שיין, ווי זי זעט איצט אויס פֿון אויבן.

— איך ווייס שוין אַליין נישט אין וואָס צו גלויבן — האָט יעקב שטיל געזאָגט.

— זיי נישט פֿאַרצווייפֿלט — האָט יאָסי זיך אָפּגערופֿן — מאָרגן גייען מיר קיין ירושלים.

ירושלים! דאָס דאָזיקע צויבער־וואָרט האָט באַרואיקט יעקבס טריב געמיט.

צומאָרגנס זענען זיי אַראָפּ פֿון באַרג כנען און זיך גע־לאָזט צום דרום, לענגאויס דעם ים־כנרת, אין טאָל גינוסר, ווו אויף די דערבייאיקע פֿעלדער האָט דער קורדישער סאַלאַך אַ־דין באַזיגט די קריסטלעכע קרייצריטער. אָבער וואָס ווייטער זיי האָבן געוואַנדערט אַלץ מער איז אַפֿילו יאָסי געוואָרן נידערגעשלאָגן. דאָס צוגעזאָגטע לאַנד איז נישט קיין לאַנד, ווו עס פֿליסט מילך און האָניק, נאָר אַ לאַנד פֿול מיט זומפּן אין וועלכע עס ווימלט מיט מאַלאַריע־פֿליגן, שטייניקע פֿעל־דער און אומפּרוכטבאַרן באָדן. אומפּרוכטבאַר, ווייל די אַראַבער און טערקן האָבן זינט טויזנט יאָר נישט צוגעלייגט קיין האַנט, כדי צו באַפֿרוכפּערן די ערד.

נאָך אַ געוויסער צייט זענען די ברידער אָנגעקומען צום באַרג תבור און אַרויפֿקלעטערנדיק אויף אים, האָבן זיי פֿאַר־געזעצט דעם וועג אין די בערג פֿון שומרון און יהודה, ביז זיי האָבן דערזען פֿון דערווייטנס דודס שטאָט.

ירושלים! דאָס האַרץ פֿון זייערע הערצער און דער טרוים פֿון זייערע טרוימען! אין דער דאָזיקער רגע איז פֿון זייער זכרון אויסגעמעקט געוואָרן אַלע יאָרן פֿון פֿאַרפֿאָלגונג און ליידן.

זיי זענען אַריין אין ירושלים דורכן דמשק־טויער און לאַנגזאַם שפּאַצירט איבער די שמאָלע געסלעך און מערק, ביז זיי זענען אָנגעקומען צו דער חורבה פון ר׳ יהודה החסיד.

— ווען דער פֿאָטער וואָלט איצט געווען מיט אונדז... — האָט יאָסי אַרויסגעפּליסטערט.

— אם אשכחך ירושלים... — האָט יעקב געשעפּטשעט אַ תפילה.

פון בית הכנסת זענען די ברידער אַוועק צום כותל־המערבי, דער קודש הקדשים פֿאַרן גאַנצן פֿאָלק פון ישראל.

ווען זיי האָבן אָבער אָנגעהויבן צו מאַכן באַמיאונגען וועגן אַ נאַכטלעגער ביי די ירושלימער יידן, זענען אַלע זייערע אילוזיעס צערונען געוואָרן. די ירושלימער יידן זענען געווען פֿאַנאַטישע חסידים און האָבן זיך פֿולשטענדיק איזאָלירט פון דער דרויסנדיקער וועלט. צום ערשטן מאָל זינט זיי זענען אַרויס פון זשיטאָמיר האָבן יאָסי און יעקב זיך אָנגעטראָפֿן אויף אַ פֿאַל, ווען מען האָט נישט געוואָלט מקיים־זיין לגבי זיי די מצווה פון הכנסת־אורחים. די ירושלימער יידן האָבן נישט ליב געהאַט די חלוצים. די „חובבי ציון״ זענען אין זייערע אויגן געווען אפּיקורסים. די ברידער ראַבינסקי האָבן זיך אָנגעהויבן צו פֿילן ווי פֿרעמדע אין לאַנד פון זייערע אבות. זיי האָבן פֿאַרלאָזן ירושלים שטאַרק פֿאַרטרויערטע און דורך די בערג פון יהודה האָבן זיי זיך געלאָזט צום פּאָרט פון יפו.

די דאָזיקע אוראַלטע שטאָט, וואָס האָט זינט די פֿעניצער געדינט אָן איבעררייס אַלס פּאָרט, האָט אויסגעזען פּונקט אַזוי ווי ביירוט, אַלעפּאָ אָדער טריפּאָליס: ענגע געסלעך, שמוץ, אָפּגעלאָזנקייט. נישט ווייט האָבן זיך געפֿונען יידישע קאָלאָניעס, ווי ראשון לציון, רחובות, פּתח־תקוה, אין יפו גופא האָט עטוואָס געבליט דער יידישער מסחר. עס האָט זיך דאָרטן

אויך געפונען אַן אַגענץ, וואָס האָט געהאָלפן די עולים. דאָ ערשט האָבן די ברידער זיך דערוווּסט וועגן אַלץ, וואָס עס קומט פאָר אין ארץ־ישראל. דאָס רוב יידן אין לאַנד איז געזעסן על התורה והתפילה אין די פיר הייליקע שטעט — ירושלים, חברון, צפת און טבריה. דער צענדליק יידישע קאָלאָניעס האָט זיך געפונען אין אַ שווערןווירטשאַפטלעכן מצב. זיי האָבן זיך אויפגעהאַלטן בלויז אַדאַנק דער שטיצע פון די רייכע אייראָפּעישע יידן, ווי באַראָן ראָטשילד און אַנדערע.

אַ סך אידעאַלן פון די חלוצים און בילו״יים זענען אויסגעוועפּט געוואָרן. אַן אַנדער זאַך איז פירן פּראָפּאַגאַנדע אין רוסישן תחום־המושב וועגן אויפשטעלן אויפסניי דעם „בית יעקב״, אָבער גאָר עפּעס אַנדערש איז געווען די רויע ווירקלעכקייט פון ארץ־ישראל. דאָס רוב חלוצים, וואָס איז געקומען אין לאַנד, האָט נישט געהאַט קיין אַנונג וועגן לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט. די אייראָפּעאישע נדבה־געבער פלעגן אַרויסשיקן ספּעציאַליסטן צו הילף, אָבער אין די מערסטע פאַלן האָט זיך די זאַך פאַרענדיקט מיט דעם, וואָס די לאַנדווירטן פלעגן באַשעפטיקן אַראַבער, כדי צו האָבן ביליקע אַרבעטס־קראַפט און האָבן זיך באַגרענעצט בלויז צו אייניקע עקספּאָרט־אַרטיקלען, ווי פעטס, וויין און ציטרוס־פּרוכטן. פּאַקטיש האָבן די יידן זיך פאַרוואַנדלט אין אַרבעטס־אויפזעער.

די אַראַבער און די טערקישע הערשער האָבן גע־גנבעט פון די יידן אָן רחמנות. די מאַכט־אָרגאַנען האָבן אַרויפגעלייגט גרויסע שטייערן אויף דער גערעטעניש און די קאָלאָניסטן זענען געווען באַגרענעצט אין זייער טעטי־קייט. די וואַנדערנדיקע בעדואינער האָבן באַטראַכט די יידן ווי „קינדער פון טויט״, ווייל די פאַרטיידיקונג פון יידישן האָב און גוטס איז געלעגן אין פרעמדע הענט.

טראָצדעם האָבן אין יפו. געווינט עטלעכע הונדערט יונגעלייט, וואָס האָבן פונקט ווי די ברידער ראַבינסקי, גע־מאַכט אַלע באַמיאונגען, אַז דער פונק פון דער חלוצישער באַוועגונג זאָל נישט אויסגעלאָשן ווערן. דאָס פאַרוואַנדלען דעם מדבר אין אַ בליענדיקן פעלד האָט אויסגעזען כמעט וויאַן אומדערגרייכבאַרער טרוים. אָבער אין די הערצער פון אָט די יוגנטלעכע האָט געטליעט די האָפענונג, אַז אויב עס וועלן זיך געפינען נאָך יידן, וואָס זענען באַהערשט דורך אַ קאַמפס־גייסט, וועט דער טרוים קאָנען פאַרווירקלעכט ווערן. יאָסי איז געווען איבערצייגט, אַז פריער אָדער שפּע־טער וועלן עולה־זיין קיין ארץ־ישראל נאָך אַ סך יידן, אַפילו קעגן זייער ווילן, ווייל קיין אַנדערע רעטונג פון די פּאָגראָ־מען אין רוסלאַנד וועלן זיי נישט געפינען.

אַ יאָר שפּעטער האָבן די ברידער באַקומען אַ בריוו פון הרב ליפּצין. ער האָט זיי מיטגעטיילט, אַז זייער מוטער איז געשטאָרבן פון צער און טרויער.

אין די ווייטערדיקע פיר־פינף יאָר זענען יאָסי און יעקב געוואָרן רייפער און אויסגעוואַקסן צו שטאַרקע מענער. זיי האָבן געאַרבעט אויף די פעלדער פון די יידישע קאָלאָ־ניעס אַלס געוויינלעכע אַרבעטער, אָדער אַלס אַרבעטס־ליי־טער. ביסלעכוויז האָבן זיי פאַרלאָרן דעם בונד און דעם קאָנטאַקט מיט דער טיפער רעליגיעזער אמונה, וואָס איז געווען דער וויכטיקסטער פאַקטאָר אין לעבן פון די יידן אין תחום־המושב. בלויז אין די יום־טוב־טעג פלעגן די ברידער עולה־זיין קיין ירושלים און בלויז ראש־השנה און יום־כיפּור פלעגן זיי מאַכן זייער גייסטיקן חשבון הנפש. יעקב און יאָסי ראַבינסקי האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אַ נייעם טיפּ ייד. זיי זענען געווען יונג, שטאַרק און פריי. און דאָך האָבן זיי געפילט, אַז עס פעלט זיי עפּעס. זיי האָבן

געשטרעבט צו אַ קאָנקרעטן ציל און האָבן איינגעשטעלט אַ קאָנטאַקט מיט די יידן אין איראָפּע.

אַזוי זענען געקומען און אַוועק די יאָרן 1891, 1892 און 1893. אָבער אין דער זעלבער צייט, וואָס יעקב און יאָסי האָבן געלעבט אין ישראל אָן אַ תכלית, זענען אין אַן אַנדערן טייל פון דער וועלט פאָרגעקומען דראַמאַטישע געשעענישן, וואָס האָבן באַשטימט דעם גורל פון די ברידער און דעם גורל פון אַלע יידן אויף לאַנגע דורות פאָרויס.

# קאַפּיטל 6

פראַנקרייך, 1894 — 1897.

דער מצב פון די יידן אין פראַנקרייך, פונקט אַזוי ווי אין דאָס רוב מערב־אייראָפּעישע מדינות, איז געווען אַ סך בעסער ווי דער מצב פון די יידן אין מזרח־אייראָפּע. נאָך די שחיטות און גירושים פון מיטלאַלטער איז אַביסל איינגעשטילט געוואָרן די גיפטיקע שנאה צו יידן אין פראַנקרייך און ענגלאַנד.

די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט אויך פאַר די יידן געבראַכט אַ געוויסע פאַרלייכטערונג. נאָך טויזנט פינף הונדערט יאָר האָט זיך אין אייראָפּע ענדלעך געפונען אַ לאַנד, וואָס האָט דערטיילט די יידן פולע בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג. דער מצב פון די יידן אין פראַנקרייך האָט זיך נאָך מער פאַרבעסערט בעת דער הערשאַפט פון נאַפּאָלעאָן, וועלכער האָט אין יידנטום געזען אַ רעליגיע און נישט קיין נאַציאָנאַליטעט. ער האָט דערקלערט, אַז כל־זמן די יידן אין פראַנקרייך האַלטן זיך ביי זייער אמונה און דריקן אויס טרייהייט דער מדינה, דאַרפן זיי געניסן פון פולע רעכט און גלייכהייט.

אין די ערשטע יאָרן פון נייַנצנטן יאָרהונדערט האָט זיך אָנגעהויבן די גאָלדענע תקופה פאַר די פראַנצויזישע יידן, וועלכע האָבן אַרויסגעגעבן פון זיך אַ ריי באַרימטע

דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, געלערנטע, דיכטער, שרייבער, מו־זיקער און פּאָליטיקער. עס האָט געשיינט, אַז דאָס אַלץ איז געקומען, כדי צו דערווייזן די ריכטיקייט פון דער אַסימי־לאַציע־אידעע, פון וועלכער נאַפּאָלעאָן האָט אַזוי שטאַרק געהאַלטן.

פאַרשטייט זיך, אַז דער אַנטיסעמיטיזם אין פראַנקרייך איז נישט אויסגעוואָרצלט געוואָרן און ער האָט ווייטער עק־זיסטירט אונטער אַ פאַרמאַסקירטער פאָרם. אָבער דאָס זיין אַ ייד איז געווען פאַרבונדן בלויז מיט נישט קיין באַדייטנ־דיקע אומאָנגענעמלעכקייטן. די יידן אין אייראָפּע האָבן קיינמאָל נישט געוווסט פון אַזאַ פרייהייט, ווי די יידן אין פראַנקרייך. אין דער ערשטער העלפט פון ניינצנטן יאָרהונ־דערט זענען די יידן אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַלע פראָ־צעסן פון לעבן אין פראַנקרייך און האָבן געשאַפן די גע־זעלשאַפט „כל ישראל חברים”, וואָס האָט געהאַט זייער אַ גרויסן איינפלוס אין אויסלאַנד און וועלכע האָט פאַנאַנדער־געוויקלט אַ ברייטע אַקציע פון צדקה.

דער אַנטיסעמיטיזם איז משמעות אַן אומהיילבאַרע פעסט. אין געוויסע באַדינגונגען פון אַ דעמאָקראַטישן רע־זשים איז מעגלעך, אַז די יידן־שנאה זאָל זיך נישט אַנט־וויקלען און נישט אָנשטעקן קיין סך מענטשן. אָפטמאָל קאָן מען מיינען, אַז דער באַציל פון יידן־שנאה איז שוין טויט. עס שטעלט זיך אָבער אַרויס, אַז אַפילו אין בעסטן קלימאַט ווערט דער דאָזיקער באַציל נישט אָפּגעשטאָרבן.

אין פראַנקרייך האָט געלעבט אַ יונגער אָפיציר. ער האָט געשטאַמט פון אַ גוטער און רייכער משפחה. אין 1893 יאָר איז ער געבראַכט געוואָרן פאַר אַ מיליטערישן געריכט און מען האָט אים פאַלש באַשולדיקט אין דעם, אַז ער האָט איבערגעגעבן צו די דייטשן געהיימע מיליטערישע סודות.

זיין משפּט האָט אויפגערודערט די וועלט און צום סוף האָט דער דאָזיקער משפּט געוואָרפן אויף דער פראַנצויזישער גערעכטיקייט אַ פלעק, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט אָפּ־וואַשן. דער אָפיציר איז געפונען געוואָרן שולדיק און איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף אייביקער תפיסה. ער איז פאַר־שיקט געוואָרן אויפן „שדים־אינדזל".

דער נאָמען פון אָפיציר איז געווען אַלפרעד דרייפוס.

אין אכזריותדיקן ווינטער פון 1894 יאָר איז אַלפרעד דרייפוס געשטאַנען אַ באַדעקטער מיט שאַנדע אויפן הויף פון געריכט. בעת אַ דערנידערנדיקער עפנטלעכער צערע־מאָניע האָט מען פון זיינע אַקסלען אַראָפּגעריסן די עפּאָלעטן, געשלאָגן אין פּנים, צעבראָכן זיין שווערד און אַרויסגע־ריסן די קנעפּ פון זיין מונדיר. אונטער דעם קלאַנג פון פּויקן איז ער פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס פאַרעטער פון פראַנקרייך. ווען מען האָט אים אָפּגעפירט, האָט קאַפּיטאַן דרייפוס אויסגעשריען: „איך בין אומשולדיק! זאָל לעבן פראַנקרייך!".

אַלפרעד דרייפוס איז געווען אַ ייד און די אַנטיסעמי־טישע פּעסט האָט ווידער אויפגעלעבט אין פראַנקרייך. אויפגערעגטע מענטשן־מאַסן זענען געלאָפן איבער די גאַסן פון פּאַריז און געשריען: „אַ טויט די יידן!".

מיט אַ סך יאָרן שפּעטער איז עמיל זאָלאַ אַרויס אין פאַרטיידיקונג פון אַלפרעד דרייפוס. אין זיין אָפענעם בריוו צום פראַנצויזישן פּרעזידענט האָט דער באַרימטער שרייי־בער געטאַדלט דעם פאַלשן און אומגערעכטן אורטייל.

צווישן די מענטשן, וואָס האָבן זיך געפונען אין גע־ריכט בעת דרייפוס איז עפנטלעך געשטעמפּלט געוואָרן, האָט זיך אויך געפונען אַ געוויסער מאַן, וואָס האָט נישט געקאָנט פאַרגעסן דעם אויסגעשריי „איך בין אומשולדיק!".

אויך די ווילדע געשרייען פון המון אין פּאַריז „אַ טויט די ייִדן!" האָבן אים נאָכגעיאָגט טאָג און נאַכט.

דער נאָמען פון דאָזיקן מאַן, וואָס האָט נישט געקאָנט פאַרגעסן, איז געווען טעאָדאָר הערצל. אויך ער איז געווען אַ ייִד. טעאָדאָר הערצל איז געבוירן געוואָרן אין אונגאַרן, אָבער זיין משפּחה איז אַרויסגעפאָרן קיין עסטרייך און ער האָט זיך דערצויגן אין ווין. ער האָט באַקומען אַן אויבער־פלעכלעכע ייִדישע דערציאונג. ער און זיין משפּחה האָבן געגלויבט אין די אידעען פון אַסימילאַציע, וועלכע זענען דאַן געווען שטאַרק אָנגענומען ביי דער פאַרמעגלעכער ייִדי־שער געזעלשאַפט.

ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער עסייאיסט. ווי אַ סך גייסט־מענטשן פון זיין מין האָט ער אָבער געליטן פון אַן אינערלעכן אומרו. ער האָט חתונה־געהאַט מיט אַ גוטער פרוי, וועלכע האָט אים אָבער נישט געקאָנט געבן די גע־פילן פון סימפּאַטיע און פאַרשטענדעניש אין וועלכע ער האָט זיך גענויטיקט. ער פלעגט אָפט אַרומרייזן און צו זיין גליק איז די משפּחה געווען גענוג פאַרמעגלעך, כדי צו פי־נאַנסירן זיינע נסיעות.

הערצל איז געקומען קיין פּאַריז און דאָ איז ער גע־וואָרן דער קאָרעספּאָנדענט פון דער איינפלוסרייכער ווינער צייטונג „נייע פרייע פּרעסע". ער איז געווען גליקלעך און האָט געלעבט גוט אין פּאַריז. די אַרבעט אַלס קאָרעספּאָנ־דענט האָט אים פאַרשאַפט פיל פרייד און די אַטמאָספער פון דער דאָזיקער גרויסער שטאָט האָט שטאַרק באַגייסטיקט יעדע פאָרם פון גייסטיקן אויסדרוק. וואָס האָט אים אָבער באמת געבראַכט קיין פּאַריז? וועלכע אומזיכטבאַרע האַנט האָט אים אין יענעם ווינטער־טאָג געפירט צום געריכטס־הויף, ווו מען האָט געשטעלט דרייפוסן צום שאַנד־סלופּ?

פאַרוואָס גראָד אים, הערצלען? ער איז נישט געווען קיין ייד נישט אין זיין לעבנס־פאָרם און נישט אין זיין דענקען. און דאָך, הערנדיק ווי דער המון שרייט אויף די גאַסן „אַ טויט די יידן!״, האָט זיך זיין לעבן געענדערט אויף שטענ־דיק.

טעאָדאָר הערצל האָט אָנגעהויבן נאָכצוטראַכטן. ער איז געקומען צום אויספיר, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז אַ שלעכטס, וואָס איז נישט צום אויסראָטן. כל־זמן עס וועלן לעבן יידן אויף דער וועלט, וועלן זיך געפינען מענטשן, וואָס וועלן האַסן די יידן. אין זיין טיפער זאָרג האָט הערצל זיך געפרעגט, וויאַזוי מען קאָן לייזן דאָס דאָזיקע פּראָבלעם און ער האָט געפונען אַן ענטפער אויף דער פראַגע. ער איז געקומען צום זעלבן ענטפער, צו וועלכן מיליאָנען יידן אין הונדערט פאַרשידענע לענדער זענען שוין געקומען פאַר אים. הערצל איז געקומען צו דער איבערצייגונג: נאָר דאַן, ווען די יידן וועלן זיך צוריק פאַרוואַנדלען אין אַ נאַציע, וועט מעגלעך זיין, אַז אַ געוויסן טאָג וועלן די יידן פון אַלע לענדער קאָנען לעבן ווי פרייע מענטשן. דאָס בוך, אין וועלכן ער האָט אַרויסגעבראַכט זיינע געדאַנקען, האָט געהייסן: „דער יודענשטאַט״.

הערצל, וועלכער האָט פון איצט אָן געהאַט אויסצופירן אַ גרויסע שליחות האָט אָנגעהויבן צו מאַכן פיבערהאַפטע באַמיאונגען, כדי צו געפינען אונטערשטיצונג פאַר זיין אי־דייע. ער האָט זיך געטראָפן מיט די רייכע פילאַנטראָפּן, וואָס האָבן אונטערשטיצט די יידישע קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל. אָבער די דאָזיקע מענטשן האָבן באַצייכנט די אי־דייע פון אַ יידישער מדינה אַלס משוגעת. געבן צדקה זענען זיי גרייט געווען צו יעדער צייט, אָבער דעם געדאַנק צו שאַפן אויסניי אַ יידישע נאַציע האָבן זיי געהאַלטן פאַר אַ ווילדער זאַך.

די אידייע איז אָבער געוואַקסן און זיך אויסגעברייטערט איבער דער גאַנצער וועלט. הערצלס אידייע איז נישט געווען ניי און נישט אייגנאַרטיק, אָבער זיין דינאַמישער ווילן האָט אויפגעצווונגען איר רעאַליזאַציע.

אין יאָר 1897 איז פאָרגעקומען אין באַזעל דער ערשטער קאָנגרעס, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט אָנגעזעענע יידישע פערזענלעכקייטן פון דער גאַנצער וועלט. דער דאָזיקער קאָנגרעס איז פאַקטיש געווען אַ פאַרלאַמענט פון וועלט־יידנטום. אַזאַ זאַך האָט נאָך נישט פאַסירט זינט דעם חורבן פון בית שני.

די נייע באַוועגונג האָט באַקומען דעם נאָמען: ציוניזם. אויפן באַזעלער קאָנגרעס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן די היסטאָרישע דערקלערונג, אַז דער ציוניזם שטרעבט צו שאַפן פאַרן יידישן פאָלק אַן עפנטלעך־רעכטלעכע, פאַרזיכערטע היים אין ארץ־ישראל.

אין זיין טאָג־בוך האָט טעאָדאָר הערצל דעמאָלט געשריבן: „איך האָב אין באַזעל געגרינדעט אַ יידישע מדינה. ווען איך וואָלט עס היינט געזאָגט אויף אַ קול, וואָלט מיך די גאַנצע וועלט אויסגעלאַכט. אָבער אפשר אין פינף יאָר אַרום, און זיכער אין פופציק יאָר אַרום, וועט פאַר דער גאַנצער וועלט זיין קלאָר, אַז איך בין געווען גערעכט".

הערצל האָט זיך פיבערהאַפט אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט. ער איז געווען אַ פאַרכאַפנדע פערזענלעכקייט און האָט מיט זיין ענטוזיאַזם מיטגעריסן אַלע מענטשן פון זיין סביבה. ער האָט דערוואָרבן אַ סך נייע אָנהענגער, האָט געשאַפן הילפס־פאָנדן און האָט אויסגעבויט דעם ציוניזם צו אַן אָרגאַניזירטער באַוועגונג. ער האָט דערביי געזוכט צו געפינען אַ לעגאַלע באַזע, אויף וועלכער ער וואָלט געקאָנט אויסבויען דעם פעסטן בנין פון ציוניזם.

אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט איז פאָרגעקו־מען אַ שפּאַלטונג. הערצל האָט זיך אַלץ אָפטער אָנגע־שטויסן אויפן ווידערשטאַנד פון די יעניקע יידן, וואָס האָבן אָפּגעוואָרפן דעם געדאַנק וועגן געבן דעם ציוניזם אַ פּאָלי־טישן כאַראַקטער. אַפילו אַ סך אַלטע „חובבי ציון" זענען געווען קעגן הערצלס געדאַנק. אין די קרייזן פון די שטרענג־פרומע יידן איז הערצל פאַרשריען געוואָרן אַלס פאַלשער משיח, בעת אַן אַנדער טייל פון דער יידישער געזעלשאַפט־לעכקייט האָט אים אָנערקענט אַלס אמתן משיח. אָבער די באַוועגונג, וועלכע ער האָט אַרויסגערופן צום לעבן, האָט מען שוין מער נישט געקאָנט אָפּשטעלן. הונדערטער טויזנ־טער יידן האָבן זיך מיט באַגייסטערונג אָנגעשלאָסן צום ציוניזם און דעמאָנסטרירט זייער אָנגעהעריקייט צו דער באַוועגונג דורך אויסקויפן אַ שקל.

הערצל האָט געאַרבעט איבער זיינע כוחות. ער האָט אויסגעגעבן זיין גאַנצן פּערזענלעכן פאַרמעגן, האָט פאַר־נאַכלעסיקט זיין פאַמיליע און פאַרלוירן דאָס געזונט. ער האָט נאָך נישט געהאַט קיין אָפיציעלן אָפּמאַך מיט וועלכער עס איז רעגירונג, אָבער ער איז צוגעטראָטן צו פאַרהאַנדלונגען מיט מלוכה־פירער. דער סולטאַן פון דער אָטאָמאַנישער מלוכה, אַבדול האמיד דער צווייטער, האָט אויפגענומען הערצלען אויף אַן אוידיענץ און עס האָט גע־שיינט, אַז פאַר אַן אַנטשפּרעכנדיק הויכער סומע געלט, איז ער גרייט איבערצוגעבן ארץ־ישראל. דער אַלטער טיראַן האָט דרינגענד געדאַרפט האָבן געלט. שפּעטער אָבער האָט ער זיך צוריקגעצויגן פון זיין באַשלוס, אין דער האָפענונג, אַז ער וועט מאַכן אַ בעסערן געשעפט מיט ארץ־ישראל. דאָס איז געווען אַ שווערער קלאַפּ פאַר הערצלען.

אַ געוויסן מאָמענט האָט אויך ענגלאַנד אַרויסגעוויזן

סימפּאַטיע צום געדאַנק פון טעאָדאָר הערצל. די בריטישע אימפּעריע האָט צו יענער צייט אויסגעברייטערט אירע איינפלוסן אין נאָענטן און מיטעלן מזרח. די ענגלענדער זענען געווען פאַראינטערעסירט צו געווינען אויף זייער זייט די סימפּאַטיע פון די יידן, כדי צו קאָנען רעאַליזירן זייערע ווייטערדיקע פּלענער. זיי האָבן פאָרגעלייגט די ציוניסטן אַ טייל פון האַלב־אינדזל סיני, ווו עס וואָלטן זיך געקאָנט באַזעצן יידישע עמיגראַנטן. דער דאָזיקער פּלאַן איז אָבער נישט געווען קלאָר פּרעציזירט און היות הערצל האָט נאָך אַלץ געהאָפט, אַז ער וועט קאָנען אָפּשליסן אַן אָפּמאַך מיט וועלכער עס איז רעגירונג וועגן ארץ־ישראל, איז דער ענגלישער פּלאַן אָפּגעפאַלן.

ווען אַלע ווייטערדיקע באַמיאונגען צו דערגרייכן אַן ארץ־ישראל־„טשאַרטער" זענען דורכגעפאַלן האָבן די ענגלענדער אַרויסגערוקט אַ צווייטן פאָרשלאַג. זיי האָבן פאָרגעלייגט די ציוניסטן צו באַזעצן יידן אין דער אַפריקאַנישער טעריטאָריע אוגאַנדאַ. היות דער מצב אין אייראָפּע איז געוואָרן אַלץ שווערער און הערצל איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז מען מוז כאָטש געפינען אַ צייטווייליקן מקום־מקלט כדי צו פאַרלייכטערן די לאַגע פון די יידן, האָט ער אָנגענומען דעם ענגלישן פאָרשלאַג. ער האָט אויסגעדריקט זיין גרייטקייט צו ברענגען דעם דאָזיקן פּלאַן אויפן קומענדיקן ציוניסטישן קאָנגרעס.

ווען הערצל האָט רעפערירט אויפן קאָנגרעס דעם אוגאַנדאַ־פּלאַן האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף אַ שטאַרקער אָפּאָזיציע מצד די פירער פון די רוסישע ציוניסטן, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז די יידן דאַרפן זיך באַזעצן נאָר אין זייער אַלט־ניי היימלאַנד — ארץ־ישראל.

די אומאויפהערלעכע פּאָגראָמען אין רוסלאַנד און אין

פוילן, וואָס האָבן געדויערט אין משך פון די לעצטע פינף און צוואָנציק יאָר האָבן דערפירט דערצו, אַז יידן האָבן אין די טויזנטער פאַרלאָזן מזרח־איראָפּע. צום אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט זענען פופציק טויזנט יידן אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל.

דער טערקישער סולטאַן, אַבדול האַמיד דער צווייטער, האָט באַטראַכט די דאָזיקע איינוואַנדערער אַלס פאַרבינדעטע פון ענגלאַנד. ער האָט דעריבער באַפוילן מער נישט אַריינצולאָזן אין פּאַלעסטינע קיין יידן פון רוסלאַנד, פוילן אָדער עסטרייך. די דאָזיקע פאַראָרדענונג האָט דעם סולטאַן קיין סך נישט געהאָלפן. די טערקישע באַאַמטע האָבן באַקומען שוחד־געלט און די טויערן פון ארץ־ישראל זענען געווען אָפן פאַר יעדן איינעם, וואָס האָט געוואָלט אַהין קומען.

דאָס איז געווען די ערשטע עליה־כוואַליע פון יציאת־איראָפּע!

אָבער ווען די יידן האָבן אָנגעהויבן זיך צוריקצוקערן פון גלות אין זייער צוגעזאָגטן לאַנד האָט די אַראַבישע וועלט אָנגעהויבן צו ברויזן. נאָך הונדערטער יאָרן פון פאַריאָכונג איז צווישן די אַראַבער אויפגעקומען אַן אויפלעבונג, וואָס האָט אָנגעזאָגט דעם אָנהויב פון אַראַבישן נאַציאָנאַליזם.

דאָס צוואָנציקסטע יאָרהונדערט! כאַאָס אין נאָענטן מזרח! ציוניזם! אַראַבישער נאַציאָנאַליזם! אונטערגאַנג פון דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע און אויפשטייג פון דער בריטישער מאַכט! דאָס אַלץ האָט זיך געקאָכט ווי אין אַ ריזיקן קעסל, וואָס האָט געדראָט אויפצורייסן.

טעאָדאָר הערצל האָט פאַרענדיקט זיין לעבן מיט דער

בליץ־אַרטיקייט און שנעלקייט פון אַ קאָמעט. צען יאָר נאָך יענעם טאָג, ווען ער האָט געהערט דעם אויסגעשריי פון אַלפרעד דרייפוס: „איך בין אומשולדיק!", איז הערצל גע־שטאָרבן פון אַ האַרץ־שלאַג, אין פיר און פערציקסטן יאָר פון זיין לעבן.

# קאַפּיטל 7

ווען די ציוניסטישע באַוועגונג איז געשאַפֿן געוואָרן זענען שוין די ברידער ראַבינסקי געווען אַלטע איינוווינער אין ארץ־ישראל. זיי האָבן געקענט דאָס לאַנד אין דער לענג און דער ברייט און האָבן שוין געאַרבעט אין זייער אַ סך ערטער. צו יענער צייט האָבן אַלע זייערע אילוזיעס זיך אויסגעוועפּט.

יעקב איז געווען פאַרביטערט און יאָסי האָט זיך באַמיט צו געבן אַן איינהאַלט זיין עקזיסטענץ. ער האָט געשעצט זיין פרייהייט און חוץ דעם האָט ער נאָך אַלץ נישט אויפֿגעהערט צו טרוימען וועגן חולה־געביט, וואָס געפינט זיך צפונדיק פון צפת.

יעקב האָט פיינט געהאַט די אַראַבער און די טערקן. ער האָט זיי געהאַלטן פאַר שונאים, פונקט ווי יענע קאָזאַקן און סטודענטן אין זשיטאָמיר. וואָס אַן אמת האָבן די טערקן נישט דורכגעפירט קיין פּאָגראָמען קעגן די יידן, אָבער זיי

האָבן זיך נישט געמאַכט זעענדיק די אַלע עוולות, וואָס מען האָט געטאָן די יידן אין ארץ־ישראל. אין משך פון אַ סך נעכט זענען יעקב און יאָסי געזעסן און דיסקוטירט וועגן די דאָזיקע אַלע פּראָבלעמען.

— עס איז פאַר מיר קלאָר — פלעגט יעקב זאָגן — אַז מיר דאַרפן זיך איינשאַפן באָדן אויף אַ געזעצלעכן אופן, אָבער פון וואַנען וועלן מיר נעמען ערד־אַרבעטער? און פון וואַנען וועלן מיר האָבן די גאַראַנטיע, אַז די בעדואינער און טערקן וועלן אונדז לאָזן צורו?

— ווען די פּאָגראָמען וועלן זיך ווידער פאַרשאַרפן, וועלן מיר האָבן גענוג ערד־אַרבעטער — פלעגט יאָסי אים ענטפערן. — און וואָס שייך די טערקן... קאָן מען זיי אונ־טערקויפן. מיט די אַראַבער דאַקעגן דאַרפן מיר איינשטעלן אַ שלום. דאָס וועט קאָנען געשען, ווען דו וועסט זיך לערנען זייי פאַרשטיין...

— דער אַראַבער פאַרשטייט נאָר איין זאַך — האָט יעקב אַ צוק־געטאָן מיטן אַקסל. — דאָס איז די פויסט...

— דו וועסט נאָך אַ געוויסן טאָג הענגען אויף דער תליה... — האָט יאָסי זיך אָפּגערופן.

ביידע ברידער האָבן זיך אַלץ מער און מער דערווייטערט איינער פון אַנדערן, וואָס שייך זייערע אָנשויאונגען. יאָסי האָט געשטרעבט צו שלום און פאַרשטענדעניש. יעקב דאַקעגן איז געווען פאַר אַ דירעקטע אַקציע, אַלס תשובה קעגן יעדער עוולה, וואָס ווערט געטאָן די יידן.

יעקב האָט זיך אָנגעשלאָסן צו אַ גרופּע פון פופצן פערזאָן, וואָס איז אַרויס דורכפירן אַ דרייסטע אונטערנע־מונג. איינע פון די אינסטיטוציעס, וואָס האָט זיך פאַרנומען

מיט אויסלייזן דעם באָדן, האָט געקויפט אַ קליינעם שטח אין עמק יזרעאל, ווו אין משך פון דורות איז קיין יידישער פוס נישט געטראָטן. די דאָזיקע פופצן חלוצים האָבן געשאַפן אַ צענטער פאַר לאַנדווירטשאַפטלעכער הכשרה. זיי האָבן אָנגערופן דאָס אָרט: שדה־טוב. דער זיכערהייטס־מצב אין דאָזיקן אָרט איז געווען זייער אַ געפערלעכער, ווייל ער איז געווען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט אַראַבישע דערפער. די יידישע חלוצים זענען געווען אויסגעשטעלט אויפן חסד פון די בעדואינער, וועלכע פלעגן זיך נישט אָפּשטעלן אַפילו פאַר קאַלטבלוטיקע מאָרדן.

אין יאָר 1900 האָט דער יידישער ישוב אין ארץ־ישראל געציילט פופציק טויזנט פערזאָן און יאָסי האָט געפונען אַ געוויסע פאַראינטערעסירונג אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. די יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון די רוסישע פּאָגראָמען האָבן אין זייער רוב זיך נישט געוואָלט פאַרנעמען מיט קיין לאַנדווירטשאַפט, אָנקומענדיק קיין ארץ־ישראל. זיי זענען געוואָרן סוחרים אָדער קרעמער אין יפו. אייניקע פון זיי האָבן זיך באַזעצט אין דער קליינער פּאָרט־שטאָט חיפה. נישט אַלע נייע עולים האָבן זיך אָבער געקאָנט איינשליסן אין האַנדלס־לעבן אַלס סוחרים אָדער קרעמער. אַ סך פון זיי זענען געקומען אָן שום מיטלען און גאָר שנעל האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מען דאַרף אויסלייזן נאָך באָדן.

אין איינעם פון די פאַרלאָזענע האָטעלן אין יפו, וואָס האָט געדינט אַלס צענטער פאַר די יידישע עולים, האָבן די ציוניסטן געעפנט דעם ערשטן אַמט איינצוקויפן באָדנס — דעם „ארץ־ישראל־אַמט״. אויך די פאָנדן פון באַראָן ראָטשילד און פון אַנדערע געזעלשאַפטן האָבן פאַרשטאַרקט זייער טעטיקייט ביים איינקויפן באָדנס פאַר נייע יידישע קאָלאָניזאַציע־פונקטן.

אין יאָר 1902 האָט איינער פון די פאָנדן, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אויסקויפן באָדן, פאָרגעלייגט יאָסי ראַ־בינסקי ער זאָל ווערן לייטער פון אַ געזעלשאַפט צו קויפן ערד. ער האָט גוט געקענט דאָס לאַנד און ער האָט באַקומען דעם נאָמען פון אַ מוטיקן מענטש, וועלכער האָט נישט קיין מורא צו גיין אַפילו אין די אַראַבישע דערפער. חוץ דעם האָט ער זיך געקאָנט אַן עצה געבן מיט די טערקן, וואָס איז געווען זייער וויכטיק צוליב דעם, וואָס צו יענער צייט האָבן זיי שטאַרק באַגרענעצט דעם באָדן־איינקויף פאַר יידן.

יאָסי האָט געהאַט גרויסע ספקות אין שייכות מיט די נייע יידישע קאָלאָניעס. ער האָט געהאַלטן, אַז דורך יידישע נדבות און אַראַבישער אַרבעט וועט מען נישט קאָנען אויס־לייזן דאָס צוגעזאָגטע לאַנד, אָבער ער האָט נישט געוואָלט דורכלאָזן די געלעגנהייט צו קויפן באָדן פאַר יידן און ער האָט אָנגענומען דעם פאָסטן.

עס זענען געווען אויך אַנדערע סיבות צוליב וועלכע יאָסי האָט איינגעשטימט אָנצונעמען דעם נייעם אַמט. ערשטנס האָט ער זיך געקאָנט אָפטער זען מיט זיין ברודער יעקב און צווייטנס האָט ער געקאָנט זיך באַקענען מיט יעדן ווינקעלע אין לאַנד. עס האָט אים אויך געלאָקט די מעג־לעכקייט צו באַזוכן דעם געביט, וואָס האָט זיך געפונען פון יענער זייט ראש־פינה און ווידער צו זען דעם חולה־טאָל ביי נבי יושע.

יאָסי האָט באמת אויסגעזען זייער שיין ווען ער איז געפאָרן איבערן לאַנד רייטנדיק אויף אַן אַראַבישן פערד. ער איז דאַן אַלט געווען דרייסיק יאָר, הויך, פעסט און ברייט אין די פלייצעס. זיין רויטע באָרד האָט זיך אָפגעשלאָגן אין דעם ווייסן כאַלאַט, וואָס ער האָט געטראָגן. איבער זיין

ברוסט איז געהאָנגען אַ גאַרטל מיט ביקסן־קוילן און ביים זייט איז געווען צוגעבונדן אַ גרויסער בייטש. אין אַזאַ הילוך פלעגט ער פאָרן איבער די בערג פון שומרון און דעם טאָל פון שרון, איבערן גליל און אַנדערע ערטער, זוכנדיק באָדן פאַר יידן.

דאָס רוב פון ארץ־ישראל באָדן האָט זיך געפונען אין באַזיץ פון עטלעכע צענדליק רייכע אַראַבישע עפענדיס. די אַראַבישע פעלאַכן האָבן בלויז געפּאַכטעט די ערד און פאַר דעם האָבן זיי געמוזט אָפּגעבן אַ פערטל, אָדער אַפילו אַ העלפט פון דער גערעטעניש. די עפענדיס האָבן גאָרנישט געטאָן, כדי צו פאַרלייכטערן דעם שווערן מצב פון זייערע פעלאַכן.

יאָסי, ווי אויך די אַנדערע מענטשן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט אויסקויפן באָדן, האָבן פאַר יעדן שטיקל ערד געמוזט צאָלן ריזיק־גרויסע פרייזן. די עפענדיס האָבן פאַר־קויפט די יידן די ערגסטע באָדנס און אומפּרוכטבאַרע זומפּן. זיי זענען געווען זיכער, אַז אויף די דאָזיקע פאַרלאָזענע און וויסטע שטחים וועט מען גאָרנישט קאָנען אויפטאָן, אָבער דאָס „יידישע גאָלד" האָבן זיי גערן גענומען.

יאָסי האָט אָפּט באַזוכט דעם צפון־ראַיאָן פון ראש־פּינה און איז אייניקע מאָל געווען דער גאַסט פון מוכטאַר קאַמאַל, אין נבי יושע. דיביידע מענטשן האָבן זיך שטאַרק באַפריינדעט. קאַמאַל, וועלכער איז עלטער געווען פון יאָסי בלויז מיט אַ פּאָר יאָר, האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך אַן אויסנאַם אין פאַרגלייך מיט די אַנדערע אַראַבישע עפענ־דיס, פון וועלכע דאָס רוב האָט זיך געפונען אין קאַיר אָדער ביירוט, ווו זיי האָבן געהוליעט אויפן חשבון פון זייערע פעלאַכן. קאַמאַל האָט זיך געפירט אַנדערש. דער גאַנצער באָדן

אין אבו יושע און אין דער סביבה האָט געהערט צו אים און ער האָט זיך דאָ געפירט ווי אַן אַבסאָלוטער מאָנאַרך. אַלס יונגערמאַן האָט ער זיך פאַרליבט אין דער טאָכטער פון אַן אָרעמען פעלאַך. דאָס מיידל איז קראַנק געווען אויף טראַכאָמע, אָבער קאַמאַלס פאָטער האָט נישט דערלויבט זיין זון צו העלפן דעם מיידל. קאַמאַלס פאָטער איז געווען ביי דער מיינונג, אַז זיין זון קאָן זיך דערלויבן צו קויפן פיר אַנדערע פרויען און וויפל ער וויל געליבטע. ער האָט דעריבער נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס מען דאַרף זיך אַזוי פיל זאָרגן וועגן איין אָרעם מיידל. דאָס מיידל איז געוואָרן בלינד און געשטאָרבן דערנאָך אין עלטער פון אַכצן יאָר.

די דאָזיקע פערזענלעכע טראַגישע איבערלעבונג האָט דערפירט דערצו, אַז קאַמאַל איז געוואָרן אַ קעגנער פון זיין אייגענער קאַסטע. דער פאַרלוסט פון מיידל האָט אים גע־טראָפן אַזוי שטאַרק, אַז ביי אים האָט זיך אַנטוויקלט אין אַ געוויסן זין אַ סאָציאַלער געוויסן. ער איז אַוועקגעפאָרן קיין קאַיר, נישט כדי זיך דאָרטן צו פאַרוויילן, נאָר כדי צו דערוואַרבן וויסן וועגן די נייע מעטאָדן פון לאַנדווירטשאַפט, וועגן סאַניטאַרע איינריכטונגען און געזונטהייטס-וועזן. ווען זיין פאָטער איז געשטאָרבן האָט קאַמאַל זיך צוריקגעקערט קיין נבי יושע מיטן באַשלוס צו לעבן צווישן זיינע פעלאַכן און צו פאַרבעסערן זייערע לעבנס־באַדינגונגען.

קאַמאַלס אַלע באַמיאונגען זענען אָבער דורכגעפאַלן. די טערקן האָבן זיך אָפּגעזאָגט אים צו העלפן אויפצושטעלן אין דאָרף אַ שולע אָדער עטוואָס צו טאָן, כדי צו פאַרבע־סערן די סאָציאַלע באַדינגונגען. אין דאָרף האָט נאָך אַלץ געהערשט דער זעלבער מצב, ווי מיט טויזנטער יאָרן צוריק. באַזונדערס ווייטיקלעך האָט קאַמאַל אָפּגעפילט דעם פאַקט,

וואָס מען האָט אים נישט דערלויבט צו פירן אַ טעטיקייט צווישן די איינוווינער, וועלכע זענען געווען אַזוי נאַיוו און אָפּ־געשטאַנען, אַז זיי האָבן בכלל נישט פאַרשטאַנען זיינע כוונות. וואָס אַן אמת זענען די פאַרהעלטענישן אין נבי יושע געווען אַ סך בעסערע, ווי אין די אַנדערע דערפער פון גליל, אָבער די לעבנס־באַדינגונגען זענען דאָרטן נאָך אַלץ געווען פּרימיטיווע.

די פּלוצימדיקע עליה פון יידן קיין ארץ־ישראל האָט אויסגעזען אויסטערליש אין זיינע אויגן און ער האָט דערי־בער אונטערגעהאַלטן די פריינטשאַפט מיט יאָסי ראַבינסקי, וועלכער האָט אויפגעקלערט דעם אַראַבישן מוכטאַר דעם מהות פון ציוניזם.

יאָסי האָט זיך באַמיט איבערצורײדן דעם מוכטאַר קאַ־מאַל ער זאָל אים פאַרקויפן אַ שטיקל נישט־באַארבעטן באָדן, כדי דאָרטן צו פאַרלייגן אַ יידישן קאָלאָניזאַציע־פּונקט. אָבער קאַמאַל האָט נישט איינגעשטימט אויף דעם. די יידן האָבן אים צעמישט. ער האָט נישט געוווסט, צי מען קאָן זיי געטרויען אָדער נישט. פאַר אים איז קלאָר געוואָרן, אַז נישט אַלע יידן זענען ווי יאָסי ראַבינסקי. חוץ דעם האָט ער נישט געוואָלט זיין דער ערשטער עפענדי, וואָס פאַרקויפט באָדן אין עמק החולה.

אַזוי ווי קאַמאַל האָט זיך געלערנט פון יאָסי, אַזוי האָט יאָסי זיך געלערנט פון דאָזיקן אַראַבישן עפענדי. ביי זיין גאַנצער אויפגעקלערטקייט איז קאַמאַל געווען און פאַרבליבן אין זיין וועזן אַן אַראַבער. ער האָט געהאַט דריי פרויען, וועגן וועלכע ער האָט קיינמאָל קיין וואָרט נישט דערמאָנט,

ווייל פאַר אַן אַראַבער איז די פּרוּוי בלויז אַ שקלאַפֿין. קאַמאַל איז שטענדיק געווען גאַסטפֿריינדלעך און העפֿלעך, אָבער ווען עס איז געגאַנגען אין קאָנקרעטע באַשלוסן האָט ער געקאָנט זיין האַרט ווי אַ שטיין. ביי אַ געלעגנהייט האָט ער אַפֿילו יאָסין געפֿרעגט אַן עצה וועגן אַ געוויסן ענין. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן געבן עמיצן קלעפּ, וואָס אין די אויגן פֿון דאָזיקן אַראַבער האָט עס אויסגעזען פֿולשטענדיק נאַטירלעך. יאָסי האָט אויך געזען, ווי אַזוי קאַמאַל האָט רעגירט אין זיין הויף. טראָצדעם, וואָס ער איז געווען אַ סך מילדער, ווי אַנדערע עפֿענדיס, האָט ער דאָך אָנגעווענדעט די איינציקע מאַכט־פֿאָרם, וואָס איז נאָענט פֿאַר די אַראַבער: אַן אַבסאָלוטע הערשאַפֿט.

פֿון קאַמאַלן האָט יאָסי ראַבינסקי געלערנט די רומפֿולע און טראַגישע געשיכטע פֿון אַראַבישן פֿאָלק. ער האָט זיך דערוווּסט וועגן שנעלן אויפֿשטייג פֿון איסלאַם, וועגן דעם, אַז באַגדאַד און דמשק זענען געווען אַמאָל גורױסע קולטור־רעלע צענטערן, פּונקט אַזוי ווי אַטען און רוים, וועגן די מלחמות צווישן די מוסולמענער און קרייצריטער און וועגן די איבערפֿאַלן פֿון די מאָנגאָלן, וואָס האָבן געדויערט איבער אַ גאַנצן יאָרהונדערט.

די אַראַבער האָבן אויסגעשעפּט זייערע כוחות אין ענד־לאָזע קאַמפֿן ביז דער רום פֿון זייערע שטעט איז אויסגע־לאָשן געוואָרן און די בליענדיקע אָאַזיסן האָבן זיך פֿאַר־וואַנדלט אין זאַמדיקע מדבריות. אַלץ מער און מער האָבן זיי אָנגעהויבן צו קעמפֿן מיט די אייגענע ברידער און אַזוי אַרום זענען זיי נישט געווען אימשטאַנד אָפּצושטויסן דעם לעצטן קלאַפּ, וואָס זיי האָבן באַקומען פֿון די אייגענע גלוי־

בנס־ברידער — פון די טערקן. די מעכטיקע אָטאָמאַנען האָבן דעראָבערט דאָס לאַנד פון די אַראַבער און אין משך פון פינף הונדערט יאָר האָט אין דאָזיקן לאַנד געהערשט פעאָ־דאַליזם און קאָרופּציע.

אַ טראָפּן וואַסער איז אין מדבר געוואָרן ווערטפולער ווי גאָלד און טייערע קליידער. דאָס לעבן האָט זיך פאַר־וואַנדלט אין אַ קאַמף פאַר דער נאַקעטער עקזיסטענץ. די אַראַבישע וועלט, אין וועלכער עס איז שוין מער נישט גע־ווען קיין וואַסער, איז זיך פאַנאַנדערגעפאַלן און איז פאַר־זונקען געוואָרן אין שמוץ. אין דער דאָזיקער וועלט איז שווינדל, פאַראַט, מאָרד און בלוט־נקמה, — געוואָרן אַ נאַטירלעכע דערשיינונג. די גרויזאַמע ווירקלעכקייט האָט געצווונגען די אַראַבער צו פירן אַזאַ לעבן, וואָס איז פאַר זייטיקע מענטשן געווען אומפאַרשטענדלעך.

יאָסי ראַבינסקי איז געווען פאַרכאַפּט פון דער פיל־פאַרביקייט פון אַראַבישן לעבן. ער האָט געקאָנט אָפּשטיין שעהן־לאַנג אין יפו און זיך צוקוקן צו די אַראַבישע גע־ווּעלבלעך. ער האָט באַמערקט, אַז דאָס לעבן פון די אַראַ־בער איז געגליכן צו אַ שאַך־שפּיל. יעדער שריט איז גע־מאַכט געוואָרן מיט אַזאַ כיטרער אויסגערעכנטקייט, אַז דער פאַרטנער זאָל פאַרשפּילן.

בעת זיינע רייזעס איבערן לאַנד ביים איינקויפן באָדן האָט זיך יאָסי ראַבינסקי גוט באַקענט מיט די סקרופּוללאָזע מעטאָדן פון די אַראַבער. אָבער ווען ער פלעגט קומען צו גאַסט צו עמיצן פון זיינע באַקאַנטע אַראַבער, פלעגט ער

שטענדיק באַאײַנדרוקט װערן אױפּסניי פֿון זײער גאַסט־פֿרײַנטלעכקײט, גײַציקײט און דראַנג צו פֿאַרװײַלונגען, האַס און ביטערקײט, שװינדל און געװאַלט־טאַט, פֿרײַנטלעכקײט און צוגעלאָזנקײט — דאָס אַלץ זענען געװען באַשטאַנד־טײלן פֿון אַ פֿאַנטאַסטישן געמיש, װאָס האָט פֿאַרגעשטעלט מיט זיך דעם כאַראַקטער פֿון אַן אַראַבער און װעלכער האָט אַרױסגערופֿן שטױנונג בײַ מענטשן, װאָס האָבן נישט גע־קענט זײער לעבנס־שטײגער.

קאַמאַל האָט אױך דערצײלט יאָסין װעגן „קאָראַן" און פֿון דאַנען האָט יאָסי זיך דערװוּסט, אַז אַבֿרהם איז אױך דער פֿאָטער פֿון די אַראַבער, אַזױ װי ער איז דער פֿאָטער פֿון די ייִדן. ער האָט זיך אױך דערװוּסט, אַז אױך משה רבינו װערט אין די אױגן פֿון די מוסולמענער באַטראַכט אַלס נבֿיא, און אַז אַלע נבֿיאים פֿון תנ"ך, זענען אױך די נבֿיאים פֿון „קאָראַן".

קאַמאַל האָט זיך באַצױגן מיט חשד צו דער אידײע פֿון שיבֿת ציון. די ייִדן האָבן אַרױסגערופֿן בײַ אים פֿאַרװוּנדע־רונג: זײ זענען געקומען װי פֿרידלעכע מענטשן אַהער, האָבן זיך אײַנגעשאַפֿט באַדן לױטן געזעץ און האָבן געערעדט װעגן אױסלײזונג. װען קאַמאַל האָט זיך אָבער באַקענט מיט די גרונט־סיבות, װאָס האָבן באַװױגן די ייִדן צו קומען קײן ארץ־ישׂראל, האָט ער טיף אין האַרצן זײ געגעבן גערעכט. בײַ דעם אַלעמען האָט ער דאָך געגלױבט, אַז די נײַע עולים װעלן איבערכיטרעװען די אַראַבער און זײ אױסנוצן, פּונקט אַזױ װי דאָס האָבן געטאָן לגבי די אַראַבער אַלע אַנדערע פֿעלקער.

יעקב איז לאַנג נישט געבליבן אין שדה־טוב. די עקס־פּערימענטאַלע הכשרה־פֿאַרם האָט נישט געגעבן די דער־וואַרטע רעזולטאַטן און ווידער האָט יעקב אָנגעהויבן צו בלאָנדזשען איבערן לאַנד זוכנדיק אַ באַרואיקונג פֿאַר זיין ברויזנדן געמיט.

אין יאָר 1905 איז אין רוסלאַנד אויסגעבראָכן אַ רע־וואָלוציע, וואָס איז אונטערדריקט געוואָרן. די דעמאָלטיקע געשעענישן אין רוסלאַנד זענען געווען באַגלייט מיט שוי־דערלעכע פּאָגראָמען, וואָס האָבן אויפגעטרייסלט די גאַנצע וועלט. דער גרויסער שרייבער לעוו טאָלסטאָי איז געווען אַזוי אויפגעטרייסלט, אַז ער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט בריוו אין וועלכן ער האָט שאַרף געטאַדלט דעם צאַר און זיין אינערן־מיניסטער פּלעווע, ווי אויך די לייט פֿון דער שוואַרצער מאה, וועלכע האָבן אָרגאַניזירט די פּאָגראָמען. הונדערטער טויזנטער יידן האָבן צו יענער צייט עמיגרירט פֿון רוסלאַנד. דאָס רוב פֿון זיי איז אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע און אַ קליינער טייל פֿון זיי האָט עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

די דאָזיקע עולים האָבן מיט זיך פֿאַרגעשטעלט אַ נייעם דור. זיי זענען נישט געווען קיין פּליטים, ווי די ברידער ראַבינסקי און זיי האָבן אויך נישט געהאַט בדעה זיך צו פֿאַרוואַנדלען אין סוחרים. דאָס זענען געווען יוגנט־לעכע, וואָס זענען געווען באַהערשט פֿון ציוניסטישן גע־

דאַנק און דורכגעדרונגען מיט אידעאַלן צו פאַרוואַנדלען די וויסטעניש אין אַ בליענדיקן גאָרטן.

דאָס יאָר 1905 האָט געעפנט מיט זיך די „צווייטע עליה" אין דער געשיכטע פון יידישן יציאת־אייראָפּע.

# קאַפּיטל 8

די „צווייטע עליה" האָט געבראַכט מיט זיך דעם אידעאַליזם אין ארץ־ישראל. די נייע עולים האָבן נישט געוואָלט ווערן קיין סוחרים אין יפו אָדער לעבן פון די נדבות וואָס זייערע ברידער האָבן צוגעשיקט פון אויסלאַנד. זיי זענען געווען פאַרכאַפּט פון דער שליחות אויסצולייזן די ערד.

גרופּן פון יוגנטלעכע האָבן זיך באַזעצט אויפן באָדן, וואָס איז זיי פאַרקויפט געוואָרן דורך די עפּענדיס און זיי האָבן זיך באַמיט אויסצוטריקענען די זומפּן. דאָס איז געווען זייער אַ שווערע אַרבעט. פאַר אַ סך פון די אַלטע איינוווינער איז דאָס בכלל געווען אומפאַרשטענדלעך, אַז יידן זאָלן באַאַרבעטן אַליין די פעלדער, ווי פעלאַכן. די אַלטע קאָלאָניסטן זענען אין זייער רוב געווען בלויז אַרבעטס־אויפזעער און אין זייער פריערדיקן „היימלאַנד" זענען יידן בכלל נישט געווען קיין ערד־אַרבעטער. פון אַלע ווערטן, וואָס די „צווייטע עליה" האָט געבראַכט מיט זיך, איז דאָס וויכטיקסטע געווען אַן ספק דער ווילן אַליין צוצולייגן א האַנט צום באָדן און אים אויסלייזן פון אַראַבישער אַרבעט דורך אייגענער מי. דער וויכטיקסטער פּראָפּאַגאַטאָר פון דאָזיקן געדאנק איז געווען א. ד. גאָרדאָן, וועלכער האָט געזען אין אַרבעט אַ דערהויבענעם פּרינציפּ. א. ד. גאָרדאָן איז געווען אַן אַלטער מאַן

און גייסט־מעגטש, אָבער ער האָט פאַרטוישט די לערע אויף אַ ווירקלעכערן ציל — באַאַרבעטן דעם באָדן מיט אייגענע הענט.

דאָס זענען געווען טעג, ווען אין יעקבן האָט צוריק אויפ־געלעבט די באַגייסטערונג. ער איז אַרויסגעפאָרן אין אַ בייער לאַנדווירטשאַפטלעכער פאָרם אין גליל. אויף דער דאָזיקער פאָרם, וואָס האָט זיך געפונען אין סג׳רה, איז ער אַרומגע־כאַפּט געוואָרן מיטן זעלבן התלהבות צו דער אַרבעט, וועלכן ער האָט געזען ביי די יוגנטלעכע פון דער „צווייטער עליה״. אַ געווויסן טאָג איז ער אַראָפּגעקומען קיין יפו, צו זיין ברודער יאָסי, כדי מיט אים אַרומצורײדן אַ נייעם פּלאַן, וואָס האָט ווי דער שטייגער אַרויסגערופן ביים אימפּולסיוון יעקב אַ ליידנשאַפטלעכע התפעלות.

— דו ווייסט דאָך — האָט יעקב געזאָגט צו זיין ברו־דער יאָסי — אַז די בעדואינער שאַנטאַזשירן אונדז. זיי ווילן אונדז צווינגען מיר זאָלן זיי באַשעפ־טיקן אַלס שומרים... זיי דאַרפן עס אונדז אָפּהיטן... דאָס זעלבע האָבן זיי געוואָלט דורכפירן אין סג׳רה. זיי זענען געקומען און געדראָט מיט נקמה, אויב מיר וועלן זיי נישט נעמען אַלס שומרים. מיר האָבן זיי אָבער נישט גענומען און זיך פאַרטיידיקט ווי עס געהער צו זיין. אַ געוויסע צייט איז אונדזער מצב געווען אַ קריטישער, אָבער מיר האָבן דער־הרגעט זייער מנהיג און זינט דאַן האָבן זיי אונדז געלאָזט צורו.

— און וואָס ווייטער?... — האָט יאָסי געפרעגט.

— מיר האָבן אַרומגערעדט דעם ענין — האָט יעקב גע־ענטפערט — און מיר זענען געקומען צום אויספיר, אַז אויב מיר זענען אימשטאַנד צו פאַרטיידיקן אונדזער אייגענעם ישוב, קאָנען מיר אויך פאַרטיידיקן אַלע ישובים. מיר האָבן

אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן צו שאַפן באַוואָפנטע פּאַטרולן און מיר ווילן, אַז דו זאָלסט איבערנעמען די אָנפירונג איבער איינער פון די אָפּטיילונגען.

יידישע שומרים! וואָס פאַר אַ וווּנדערבאַרע אידייע! יאָסי איז געווען געריירט, אָבער ער האָט געענטפערט מיט זיין געוויינלעכן, צוריקגעהאַלטענעם אופן:

— איך מוז זיך באַטראַכטן...

— וואָס איז דאָ פאַראַן צו טראַכטן? — האָט יעקב געפרעגט.

— דו שטעלסט זיך פאַר די זאַך זייער איינפאַך, יעקב. קודם כל ווערלן די בעדואינער נישט מוותר־זיין אויף אַזאַ וויכטיקן פרנסה־מקור אָן אַ מלחמה. און צווייטנס ווערלן די טערקן אונדז פאַרבאָטן צו טראָגן געווער.

— איך וועל דיר זאָגן אָפן — האָט יעקב זיך אָפּגערופן — מיר ווילן, אַז דו, יאָסי, זאָלסט קומען צו אונדז, ווייל קיינער ווי דו קען נישט אַזוי גוט דאָס לאַנד און קיינער ווי דו קאָן נישט אַזוי גוט ריידן מיט די אַראַבער און די טערקן...

— קוקט אים נאָר אָן — האָט יאָסי איראָניש זיך אָפּגערופן — מיט איינמאָל איז פאַר דיר קלאָר געוואָרן, אַז מיין יאָרן־לאַנגע פריינטשאַפט מיט די אַראַבער איז נישט געווען קיין פאַרשווענדונג פון צייט...

— וואָס איז אַלזאָ דיין תשובה — האָט יעקב אים איבערגעהאַקט אין די רייד.

— מיין תשובה איז, אַז איך וועל זיך באַטראַכטן. איך מיין, אַז מען וועט דאַרפן קודם־כל איבערצייגן די מתיישבים גופא, אַז זיי זאָלן זיך לאָזן היטן דורך אונדז, יידישע שומרים. און נאָך אַ זאַך רופט אַרויס ביי מיר זאָרג... אויב מען וועט אונדז זען מיט ביקסן, וועט מען זאָגן, אַז מיר גרייטן זיך צו מלחמה.

יעקב איז אויפגעשפרונגען הערנדיק די רייד פון זיין ברודער.

— ווען מיר ווילן פאַרטיידיקן אונדזער אייגענעם פאַר־מעגן, באַדייט עס, אַז מיר זוכן אַ קריג? — האָט ער גע־שריען. — באַך צוואַנציק יאָר געפינען זיך אין לאַנד, דענקסטו נאָך אַלץ ווי אַ ייד פון געטאָ.

יאָסי איז אָבער געווען פאַרעקשנט.

— מיר זענען געקומען אַהער מיט פרידלעכע ציִלן — האָט ער געזאָגט. — מיר האָבן געקויפט דעם באָדן אויף אַ געזעצלעכן אופן. מיר האָבן געבויט אונדזערע ישובים נישט שטערנדיק קיינעם. איצט, אויב מיר וועלן זיך אָנהויבן צו באַוואָפענען, וועלן מיר אונטערגראָבן דעם אידעאַלן יסוד פון ציוניזם. און רייד זיך נישט איין, אַז דאָס איז נישט קיין געפערלעכער ענין.

— איך קאָן נישט הערן דיינע רייד, יאָסי — האָט יעקב העפטיק צוריקגעענטפערט. — באמת, עס איז וווּנדערבאַר אויסצוּלייזן די ערד מיט דער גרויסמוטיקער פּראַטעקציע פון די מערדערישע בעדואינער. אויסגעצייכנט. איך וועל זאָגן די מענטשן, אַז מיין ברודער איז פאַרזונקען אין טיפע מחשבות. מיט דיר, אָדער אָן דיר, וועט דער „השומר" גע־שאַפן ווערן. די אָפּטיילונג, וועלכע דו האָסט געזאָלט איבער־נעמען, וועט קומענדיקע וואָך אַרויסגיין צום לאַגער.

— וווּהין?

— צום באַרג כנען!

דער באַרג כנען! יאָסי איז געוואָרן טיף געריירט, הערנ־דיק די דאָזיקע ווערטער, אָבער ער האָט זיך באַמיט אויס־צובאַהאַלטן זיינע געפילן.

— איך וועל זיך פונדעסטוועגן פאַרטראַכטן — האָט ער געזאָגט.

יאסי האָט זיך איבערלייגט דעם ענין. ער איז שוין געווען מיד פון איינקויפן באַדן און שאַפן נייע קאָלאָניעס, וואָס האָבן זיך געהאַלטן בלויז אויף צדקה. גלייכצייטיק האָט ער אָבער פאַרשטאַנען, אַז אַ טוץ באַוואָפנטע יידן, אַזעלכע הייזקעפּ ווי זיין ברודער יעקב, קאָנען ברענגען גרויסע צרות. ביים שאַפן גרופּן פון באַוואָפנטע „שומרים" דאַרף מען האָבן אַ סך ישוב־הדעת און מען מוז זיין צוריקגעהאַלטן. דאָך האָט אים געלאָקט דער געדאַנק, אַז ער וועט האָבן די מעגלעכקייט צו לעבן אין דער סביבה פון הר־כנען און צו באַזוכן פון צייט צו צייט דעם חולה־טאָל. יאסי האָט באַשלאָסן צו פאַרלאָזן זיין אַמט אין דער אינסטיטוציע ווו ער האָט געאַרבעט און זיך אָנגעשלאָסן צו דער גרופּע, וואָס איז אַרויף אויפן הר־כנען. ער איז געוואָרן אַ מיטגליד פון „השומר".

דאָס געביט, וואָס איז צוגעטיילט געוואָרן יאסיס גרופּע, האָט אַרומגענומען דעם באַרג כנען, אָנהויבנדיק פון ראש־פינה אין צפון, ביזן טאָל גינוסר, לענגאויס דעם ים כנרת אין דרום, און ביז צפת און מירון — אין מערב. יאסי האָט זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג, אַז פריער אָדער שפּעטער וועלן די בעדואינער זיך דערוויסן, אַז מען האָט צוגענומען פון זיי די שמירה, און זיי וועלן דערפירן צו אומאַנגענעמע אינצידענטן אין די ישובים. ער האָט דאַן אָנגענומען אַ פּלאַן וואָס האָט געדאַרפט פאַרמיידן אומאַנגענעמלעכקייטן.

בראש פון ווילדסטן בעדואינער־שבט אין געביט איז געשטאַנען אַן אַלטער רענעגאַט און שמוגלער מיטן נאָמען סור־לייטאַן. זיינע מענטשן האָבן זיך דער עיקר געפונען אין די בערג נעבן נבי יושע. סולייטאַן פלעגט שאַנטאַזשירן די אַרומיקע ישובים און פלעגט פאָדערן פון זיי אַ טייל פון געדעטעניש אַלס לוין פאַר דער „שוץ". דעם זעלבן טאָג, ווען יאסי איז אָנגעקומען צום הר כנען, און נאָך איידער די אַראַ־

בער האָבן זיך דערוווסט וועגן שאַפֿן דעם „השומר", איז ער רייטנדיק אַוועקגעפֿאָרן צו סוליימאַנס לאַגער. ער איז געפֿאָרן אָן אַ באַגלייטונג און אומבאַוואָפֿנט.

שפּעט אין אָוונט איז ער אָנגעקומען צום אָרט, וואָס האָט זיך געפֿונען צפֿונדיק פֿון נבי יושע, נעבן תל־חי, ביי דער גרענעץ פֿון לבנון. די געצעלטן פֿון לאַגער זענען געשטאַנען אומרעגלמעסיק צעוואָרפֿן אויפֿן וויסטן באָדן פֿון בערגל. די דאָזיקע אייביקע וואַנדערער האָבן זיך געהאַלטן אַלס די ריינסטע און פֿרייסטע פֿון אַלע אַראַבער און זיי האָבן גע־קוקט מיט פֿאַראַכטונג אויף די אָרעמע פֿעלאַכן און אויף די שטאָטישע איינוווינער. דאָס לעבן פֿון די בעדואינער איז וואָס אַן אמת געווען זייער שווער, אָבער זיי האָבן זיך געפֿילט ווי פֿרייע מענטשן. זיי זענען געווען קעמפֿער וואָס האָבן אי־בערגעשטיגן מיט ווילדקייט אַלע אַנדערע אַראַבישע שבטים אָבער גלייכצייטיק זענען זיי אויך געווען גוטע סוחרים.

ווען די בעדואינער האָבן דערזען דעם פֿרעמדן ריז מיט דער רויטער באָרד, איז אין בעדואינער־לאַגער אויסגעבראָכן אַן אַלגעמיינע בהלה. די פֿרויען, אָנגעטאָן אין שוואַרצע קליי־דער און באַהאָנגען מיט קייטן און מטבעות, זענען זיך צע־לאָפֿן ביים אָנקום פֿון פֿרעמדן רייטער.

יאסי איז אַריינגעפֿאָרן אין מיטן לאַגער און ערשט דאַן האָט זיך צו אים דערנענטערט אַ נעגערישער אַראַבער, וועלכער איז אויס פֿון סודאַן. ער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט אַלס סוליימאַנס לייב־וועכטער און האָט אַריינגעפֿירט יאסין אין גרעסטן גע־צעלט פֿון לאַגער.

דער ראש פֿון די רויבער איז אַרויס פֿון זיין געצעלט. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן שוואַרצן כאַלאַט און האָט געטראָגן אויפֿן קאָפּ אַ טורבאַן. צוויי זילבערנע שווערדן זענען געהאָנגען נעבן זיינע היפֿטן. ער איז געווען בלינד אויף

אַן אויג און זיין פּנים איז געווען באַדעקט מיט ווונדן־שראַ־מען, אנהענקס־צייכנס פון אַ סך קאַמפן מיט באַוואָפנטע מע־נער און מיט פרויען, וואָס האָבן אים צעקראַצט דאָס געזיכט מיט זייערע שאַרפע נעגל. סוליימאַן און יאָסי האָבן לאַנג אָבסערווירט איינער דעם אנדערן.

יאָסי איז אַריינגעפירט געוואָרן אין געצעלט. דער ליי־מענער באָדן איז געווען אויסגעלייגט מיט טייערע טעפּיכער און קישנס. יאָסי און סוליימאַן האָבן זיך באַקוועם אַוועקגע־זעצט און דאַן האָט דער בעדואינער־שייך באַפוילן אַ קנעכט צו ברענגען פרוכטן און קאַווע לכבוד דעם גאַסט. ביידע האָבן פאַרוויכערט נאַרגילעס און אין משך פון אַ האַלבער שעה האָבן זיי אויסגעטוישט צווישן זיך גאַרנישט זאָגנדיקע העפ־לעכקייטס־רייד. דאַן האָט מען זיי דערלאַנגט צום עסן שעפּסן־פלייש מיט שאַרף ־געווירצטע רייז, און צום סוף פון דער סעודה האָבן זיי באַקומען געלן מעלאָן. עסנדיק האָבן זיי נישט אויפגעהערט צו ריידן, און אַזוי איז זיי אַוועק נאָך אַ שעה אויף אַ פריינטלעכן געשפּרעך. סוליימאַן האָט געקענט יאָסין און ער האָט געוווּסט, אַז ער איז געקומען צו אים מיט אַ ספּעציעלער שליחות.

באָכן עסן האָט דער בעדואינער געפרעגט יאָסין וועגן דער סיבה פון זיין באַזוך און יאָסי האָט אים דאַן אויסגע־זאָגט, אַז דער „השומר” האָט באַשלאָסן איבערצוגעבן די שמירה אין יידישע הענט. ער האָט דערביי געדאַנקט סוליי־מאַנען פאַר זיין טרייען דינסט אין דער פאַרגאַנגענהייט.

דער אַראַבער האָט אויפגענומען יאָסיס מיטיילונג מיט דער פולסטער רואיקייט און אפילו קיין פינטל נישט געטאָן מיטן אויג. יאָסי האָט דאַן אויסגעשטרעקט די האַנט און גע־בעטן דעם בעדואינער ער זאָל אויך אויסשטרעקן די האַנט,

כדי צו שליסן אַ פריינטשאַפטס־אָפּמאַך. סוליימאַן האָט אַ שמייכל געטאָן און אויסגעצויגן זיין האַנט צו יאָסי.

די זעלבע נאַכט האָט יאָסי זיך צוריקגעקערט, רייטנדיק אויף זיין פערד, קיין ראש פינה און ער האָט גלייך צונויפּ־געררופן אַן אסיפה פון די מתיישבים. דער געדאַנק גופא וועגן שאַפן דעם „השומר" האָט אַרויסגעוואָרפן אַ פחד אויף זיי אַלעמען. זיי זענען געווען זיכער, אַז סוליימאַן וועט זיי אַלע אויסשעכטן, ווען ער וועט זיך דערוויסן וועגן דעם. די פאַר־זיכערונגען פון יאָסי ראַבינסקי, אַז ער וועט בלייבן אין ראש פינה, האָט איינגעשטילט די מורא פון די קאָלאָניסטן.

אין זעלבן צימער, ווו ס'איז פאָרגעקומען די אסיפה, איז אין אַ ווייטן ווינקל געשטאַנען אַ צוואַנציק־יאָריק מיידל, וואָס האָט עולה־געווען מיט אַ געוויסער צייט צוריק. זי האָט אויפמערקזאַם אָבסערווירט און זיך צוגעהערט צו די רייד פון יאָסי ראַבינסקי. דאָס מיידל איז געקומען פון שלעזיע, אין פוילן, און זי האָט געהייסן שרה. זי איז געווען זייער אַ נידעריקע, אויף וויפל יאָסי איז געווען הויך, און זי האָט געהאַט פעך־שוואַרצע האָר, אין פאַרגלייך מיט זיינע צונג־טער־רויטע האָר. דאָס מיידל איז באַצויבערט געוואָרן, הערנדיק זיינע רייד.

— דו ביסט דאָ אַ נייע? — האָט יאָסי זי געפרעגט נאָך דער פאַרזאַמלונג.

— יאָ.

— איך בין יאָסי ראַבינסקי.

— אַלע קענען דיך דאָ...

יאָסי ראַבינסקי איז געבליבן די גאַנצע וואָך אין ראש־פינה. ער איז געווען זיכער, אַז סוליימאַן וועט קומען באַזוכן דאָס אָרט. ער האָט אָבער אויך געוווסט, אַז דער בעדואינער איז זייער אַ כיטרער פאַרשוין און ער וועט זיך נישט אויפּ־

פירן לייכטזיניק. יאסי האָט אויך גישט אַרויסגעוויזן קיין אומגעדולד, וואַרטנדיק אויפן באַזוך פון אַראַבער. דאָס מיידל איז אים געפעלן געוואָרן און ער האָט אַליין געוואָלט זיך פאַרהאַלטן וואָס לענגער אין ראש פינה. אין איר אָנוועזנהייט האָט יאסי זיך פלוצים פאַרוואַנדלט אין אַ שעמעוודיקן מאַן.

אַלע איינוווינער פון ראש פינה, חוץ יאסין אַליין האָבן געוווּסט, אַז זיין לעבן דראָט אַ סכנה. אויפן נייגטן טאָג פון זיין וויילן אין דער קאָלאָניע זענען אין מיטן דער נאַכט אַריינגעדרונגען אין דער מושבה אַ טוץ אַראַבער און צוגעגנבעט תבואה אין ווערט פון עטלעכע הונדערט פונט. יאסי איז געשטאַנען אויף דער וואַך און ער האָט אָבסערווירט יעדן טריט פון די אַריינדריגגלער. עס איז פאַר אים זייער לייכט געווען זיי צו כאַפּן בעת דער גניבה, אָבער כאַפּן איין בעדואינער האָט ער נישט געוואָלט. ער האָט צוגעגרייט אַן אַנדער פּלאַן.

צומאָרגנס פרי איז יאסי ווידער אַוועקגעפאָרן רייטנדיק אויף זיין פערד צו סוליימאנס לאַגער. דאַסמאָל איז ער געווען באַוואָפנט — מיט זיין לאַנגער בייטש. ער האָט אַריינגאַלאָ־פירט אין לאַגער מיט דער גרעסטער שנעלקייט און זיך גלייך אַ לאָז געטאָן צו סוליימאנס געצעלט. דאָרטן איז ער אַראָפּ פון פערד. דער סודאַנישער קנעכט איז אַרויסגעקומען און אים איינגעלאַדן מיט אַ שמייכל אַריינצוגיין אינעווייניק. יאסי האָט אָבער געגעבן דעם קנעכט אַ הילכיקן פּאַטש איבערן פנים און דער שוואַרצער אַראַבער האָט זיך אין זיין גאַנצער לענג אויסגעצויגן אויף דער ערד.

— סוליימאַן! — האָט יאסי אויסגעשריען מיט זיין דונערנדיקער שטימע, כדי אַלע בעדואינער אין לאַגער זאָלן אים הערן. — סוליימאַן, קום אַרויס אין דרויסן.

עטלעכע צענדליק מענטשן פון סוליימאנס משפחה האָבן

זיך פֿאַרזאַמלט אַרום געצעלט. זיי האָבן געהאַלטן ביקסן אין די הענט.

— קום אַרויס אין דרויסן! — האָט יאָסי איבערגעחזרט זיין רוף.

דער ראש פֿון די בעדואינישע רויבער איז נישט אַרויס פֿון געצעלט אין משך פֿון אַ גאַנצער שעה. ערשט דאַן איז ער אַרויסגעקומען און אַנשפּאַרנדיק די הענט אין די זייטן האָט ער אַ צעשמייכלטער אָנגעקוקט יאָסין.. צווישן ביידן איז געווען אַ מהלך פֿון געציילטע שריט.

— ווער זשומעט עס נעבן מיין געצעלט ווי אַ קראַנקער קאָמאַר? — האָט סוליימאַן געפֿרעגט. אַלע אַרומיקע בעדו־אינער האָבן זיך הילכיק פֿאַנאַנדערגעלאַכט.

יאָסי האָט אויף קיין רגע נישט אַראָפּגעלאָזט זיין בליק פֿון אַלטן שייך.

— יאָסי ראַבינסקי זשומעט ווי אַ קראַנקער קאָמאַר — האָט יאָסי זיך אָפּגערופֿן — און ער זאָגט, אַז סוליימאַן איז אַ גנב און אַ ליגנער!

דער שמייכל פֿון סוליימאַנס פּנים איז פֿאַרשוווּנדן און אויף זיין אָרט האָט זיך באַוויזן אַן אויסדרוק פֿון ווילדן כּעס. די בעדואינער אַרום זענען געשטאַנען געשפּאַנטע און האָבן געוואַרט אויף אַ צייכן, כּדי זיי זאָלן זיך קאָנען וואַרפֿן אויפֿן ייִד און אים צערייסן אויף שטיקער.

— ביסטע זייער, — האָט יאָסי זיך אָפּגערופֿן מיט אַ כּלור־מרשטן ווייכן טאָן — רוף צונויף אַלע דיינע ברידערן־זין. דיין כּבֿוד איז נישט גרעסער ווי דער כּבֿוד פֿון אַ הונט און מען האָט מיר געזאָגט, אַז דו ביסט פּונקט אַזוי מוטיק ווי אַ פֿרוי.

דו ביסט פּונקט אַזוי מוטיק ווי אַ פֿרוי! קיין גרעסערע באַליידיקונג פֿאַרן בעדואינער־שייך האָט נישט געקאָנט זיין.

יאסי האָט אים מיט דעם אַרויסגערופן אויף אַ פּערזענלעכן קאַמף.

סוליימאַן האָט אויפגעהויבן די פויסט אין דער הויך און אַ געשריי־געטאָן:

— דיין מוטער איז די גרעסטע זונה אויף דער וועלט...

— רייד ווייטער, פּרוי... רייד ווייטער — האָט יאסי צור ריקגעשריען.

סוליימאַנס כבוד איז געשטעלט געוואָרן אויף דער וואָגשאָל. מיט אַ שנעלער באַוועגונג האָט ער אַרויסגעצויגן אייגעם פון די זילבערנע שווערדן, וואָס איז געהאָנגען ביי זיין זייט, און זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן ריז מיטן רויטן באָרד.

יאסי האָט אַ שמיץ געטאָן מיט דער בייטש!

די בייטש האָט זיך אַרומגעוויקלט אַרום דעם אַראָבערס פּיס און ער איז אַנידערגעפאַלן ווי אַן אונטערגעהאַקטער. יאסי איז דאַן צוגעפאַלן צום שייך און אים אָנגעהויבן צו שלאָגן מיט אַזאַ כוח, אַז דער עכאָ פון די שמיץ האָט זיך אָפּגעשלאָגן אין די אַרומיקע בערג.

— מיר זענען ברידער! מיר זענען ברידער! — האָט סוליימאַן אָנגעהויבן צו שרייען.

יאסי איז אויפגעשטאַנען און זיך אָפּגערופן:

— סוליימאַן, דו האָסט מיר אויסגעשטרעקט דיין האַנט אַלס צייכן, אַז מיר האָבן געשלאָסן צווישן זיך אַן ערן־אָפּמאַך, אָבער דו האָסט מיך אָפּגענאַרט. אויב דו וועסט וואַגן, אָדער עס וועט וואַגן ווער פון דיינע מענטשן אַרויפצוקומען אויף אונדזערע פעלדער, וועל איך צעפליקן זיין גוף מיטן דאָזיקן בייטש און וועל די שטיקער וואַרפן צו די שאַקאַלן.

יאסי האָט זיך אויסגעדרייט און זיינע אויגן האָבן ווי דורכגעבויערט די דערשטוינטע בעדואינער. זיי זענען אַלע געווען אַזוי געפּלעפט, אַז זיי האָבן זיך נישט געקאָנט רירן

פון אָרט. זיי האָבן נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזאַ שטאַרקן און מוטיקן מענטש. יאָסי האָט זיך אויסגעלאַכט פון זייערע ביקסן, האָט זיך אומגעקערט צו זיי מיטן רוקן, זיך אַרויפגע־כאַפּט אויפן פערד און איז פאַרשווּנדן פון אָרט.

זינט דאַן איז סולימאַנס פוס נישט אַרויפגעטראָטן אויף אַ יידיש פעלד.

צומאָרגנס, ווען יאָסי האָט זיך אַרויפגעזעצט אויפן פערד, כדי אָפּצופאָרן צו זיין גרופּע אויפן הר כנען, האָט שרה אים געפרעגט, ווען ער וועט צוריקומען. ער האָט אָנגעהויבן צו שטאַמלען, אַז ער האָט בדעה צו באַזוכן ראש פינה יעדן חודש. זי האָט גאַרנישט געענטפערט. דאָס מיידל האָט בלויז גע־פילט, אַז דאָס האַרץ ווערט איר צעבראָכן. זי האָט נאָך קיינ־מאָל אין לעבן נישט געזען אַזאַ מענטש, וואָס זאָל זיך גלייכן צו יאָסי ראַבינסקי — נישט קיין ייִד, און נישט קיין אַראַבער, נישט קיין קאַזאַק און נישט קיין קעניג! ווען זי האָט נאָכ־געקוקט ווי ער איז רייטנדיק אויפן פערד פאַרשווּנדן הינטערן האָריזאָנט, האָט זי אין האַרצן געשוואוירן, אַז זי וועט אים ווידמען איר ליבע ביזן סוף פון איר לעבן.

אין משך פון אַ גאַנץ יאָר איז יאָסי געשטאַנען בראש פון דער „השומר״־גרופּע און געהיט דעם שטח, וואָס איז אים צו־געטיילט געוואָרן היטן. ער האָט דערפילט זיין אַמט מיט אַזאַ זיכערער האַנט, אַז אין משך פון דער גאַנצער צייט האָט נישט פּאַסירט קיין שום ערנסטער אינצידענט. יאָסי האָט זיך קיינ־מאָל נישט באַנוצט מיט קיין הייס געווער. ווען עס האָט עפּעס פּאַסירט, פלעגט ער אַוועקגיין צו די אַראַבער און זיי פריינטלעך וואָרענען: אויב דאָס וועט פּאַסירן צום צווייטן מאָל — וועט פליען די בייטש! יאָסיס בייטש איז געוואָרן אַ שם־דבר אין גאַנצן גליל העליון, פּונקט אַזוי ווי זיין רויטע

באָרד. די אַראַבער האָבן גערופן די בייטש מיטן נאָמען „האַר בליץ״.

יעקבן האָט דאָס אַלץ געלאַנגווייליקט. ער האָט זיך גע־נודיעט צוליבן פעלן פון אַקטיווער טעטיקייט און נאָך זעקס חדשים שמירה אין די ראַמען פון „השומר״, האָט ער פאַר־לאָזן דאָס אָרט און ווידער אַנגעהויבן צו וואַנדערן אין דער האָפענונג, אַז אים וועט זיך איינגעבן אויף דעם אָדער אַנדערן וועג אויסצופילן די ליידיקייט אין זיין לעבן.

יאָסי דאַקעגן האָט אין דער אַרבעט אין „השומר״ גע־פונען אַ גרעסערע באַפרידיקונג ווי אין דער פריערדיקער טעטיקייט פון איינקויפן באָדן. ער האָט אויך געפונען אַ באַ־שטעטיקונג פאַרן וויכטיקן פרינציפ, אַז די יידן קאָנען זיך אַליין פאַרטיידיקן און זענען שוין מער נישט קיין „קינדער פון טויט״.

טיף אין האַרצן האָט יאָסי געוואַרט אויף דער רגע, ווען ער וועט קאָנען אַריינפאָרן אויף זיין פערד קיין ראש פינה. ער וועט אויסשטרעקן זיין קערפער, כדי ער זאָל אויסזען נאָך העכער און פעסטער אויפן קאַרק פון ווייסן פערד. דאָס האַרץ וועט אים פעסטער קלאַפן ביים געדאַנק, אַז שרה, דאָס שוואַרץ־אויגיקע מיידל פון שלעזיע, קוקט אים נאָך. אָבער ווען די זאַך איז דערגאַנגען צו אַ געשפרעך אָדער צו קאָנ־קרעטע ליבעס־דערקלערונגען, האָט יאָסי פאַרלוירן זיין מוט.

שרה איז געווען נידערגעשלאָגן, זי האָט פשוט נישט גע־קאָנט אויסוואַרצלען פון יאָסין די געפילן פון שעמעוודיקייט. ווען דאָס וואָלט פאַסירט אין „אַלטן היימלאַנד״, וואָלט אַ שדכן אַוועקגעגאַנגען צו יאָסיס עלטערן און אַלץ וואָלט דורכ־געפירט געוואָרן כדת וכדין. אָבער דאָ, איז אפילו נישט נאָר קיין שדכן נישט געווען, נאָר אפילו אַ רב.

אַזוי האָט זיך דער ענין געצויגן אַ גאַנץ יאָר. אַ געוויסן

טאָג איז יאסי אומגעריכט אַרײַנגעפֿאָרן קיין ראש פינה רײַטנ־דיק אויף זײַן פֿערד. ער האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און פֿאַרגעלייגט שרהן זי זאָל מיטרײַטן מיט אים אויף אַ שפּאַציר אין עמק החולה.

ווי וווּנדערבאַר! חוץ יאסי ראַבינסקי האָט קיין איין מענטש נישט געוואָגט אַרויסצופֿאָרן אַזוי ווײַט! זיי האָבן אַוועקגעגאַלאָפּירט קיין נבי־יושע און פֿון דאָרטן צו די בערג. דער שמאָלער וועג האָט זיך פֿאַרענדיקט אויפֿן שפּיץ פֿון באַרג.

— געבוי אויפֿן דאָזיקן אָרט בין איך אַריבער די גרענעץ קיין ארץ־ישראל — האָט יאסי שטיל געזאָגט.

ער האָט אַרומגענומען מיט זײַן בליק דעם גאַנצן געביט פֿון חולה־טאָל. שרה האָט אים אָנגעקוקט און זיך נישט אָפּ־גערופֿן מיט קיין וואָרט. זי האָט געוווּסט, ווי טיף זײַן ליבע איז צום דאָזיקן אָרט. מער ווי אַ שעה זענען זיי ביידע געשטאַנען און געשוויגן.

די קליינע שרה, וואָס האָט קוים געגרייכט ביז צו זײַן ברוסט, האָט שטייענדיק נעבן איז פּלוצים דערפֿילט ווי דורך איר קערפּער גייט דורך אַ כוואַליע פֿון ליבע.

— יאסי ראַבינסקי — האָט זי געפּליסטערט — צו ווילס־טו איך זאָל ווערן דײַן פֿרוי?

יאסי האָט זיך פּלוצים פֿאַרחוסט.

— וואָס זאָגסטו? — האָט ער געפֿרעגט. — ווי מאָדנע... דאָס זעלבע האָב איך דיך געוואָלט פֿרעגן...

אין ארץ־ישראל איז נאָך אַזאַ חתונה נישט געווען, ווי די חתונה פֿון יאסי און שרה. פֿון גאַנצן גליל און אפילו פֿון ווײַטן יפֿו, זענען געקומען געסט. עס זענען געקומען די מענטשן פֿון „השומר", יעקב, די קאָלאָניסטן פֿון ראש פינה, די טערקן, קאַ־מאַל און אפילו סוליימאַן. קיינער האָט נישט געקאָנט אָפּ־

רייטן זייערע בליקן פון יאסין און שרה, וועלכע זענען געשטאַנען אונטער דער חופה און זיך געשווירן טרייהייט. יאסי האָט צעבראָכן מיטן פוס אַ כוס, צום זכר פון חורבן בית. עסן איז געווען אַזוי פיל, אַז ס׳וואָלט געסטייעט פאַר אַ גאַנצן פאָלק און די טענץ און די פייערלעכקייטן האָבן זיך געצויגן אַ גאַנצע וואָך.

ווען די לעצטע געסט זענען זיך שוין פאַנאַנדערגעפאָרן, האָט יאסי אָוועקגעפירט שרהן צו זיין געצעלט, וואָס איז געשטאַנען אויפן שיפוע פון באַרג כנען. שפּעטער פלעגט יאסי אָפט פאָרן מיט זיין פרוי פון הר כנען קיין יפו, ווו מיט דער צייט זענען אָנגעקומען אַ סך נייע עולים. ער האָט באַקומען אַן אַמט אין דער „חברת הכשרת הישוב״ און שפּעטער איז ער געוואָרן איינער פון די פירער פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע.

אין 1909 יאָר האָט מען זיך באַראָטן מיט יאסי וועגן אַ נייעם וויכטיקן פּלאַן. אַ סך פון די יידן, וואָס האָבן געוווינט אין יפו, האָבן באַשלאָסן צו שאַפן בעסערע און שענערע וווינונגס־באַדינגונגען און פירן אַ קולטורעלערן לעבן. דאָס איז אוממעגלעך געווען צו שאַפן אין דער אַלטער אַראַבישער שטאָט. יאסי האָט געהאָלפן ביים קויפן אַ שטיק באָדן, צפונדיק פון יפו, וווּ צו יענער צייט האָבן זיך געפינען בלויז זאַמדן און פרדסים. אויפן דאָזיקן שטיק ערד איז נאָך צוויי טויזנט יאָר געשאַפן געוואָרן די ערשטע יידישע שטאָט — מיטן נאָמען תל־אביב.

# קאַפּיטל 9

דער מצב פון די יידישע קאָלאָניעס איז נאָך אַלץ געווען אַ שלעכטער. עס זענען געווען אַ סך סיבות פאַר דעם. די גלייכגילטיקייט און דאָס פעלן פון אידעאַליזם האָט זיך גאָר שטאַרק אָפּגעפילט. אין די קאָלאָניעס האָט מען נאָך אַלץ גע־ציכטעט עקספּאָרט־אַרטיקלען און מען האָט זיך נאָך אַלץ באַנוצט מיט ביליקער אַראַבישער אַרבעט. טראָץ דעם וואָס עס איז אָנגעגאַנגען אַן עליה פון יידן, וועלכע האָבן געוואָלט ווערן ערד־אַרבעטער, איז כמעט נישט געלונגען איבערצו־צייגן די קאָלאָניסטן, זיי זאָלן באַשעפטיקן יידישע אַרבעטער אין זייערע ווירטשאַפטן.

דער דאָזיקער מצב האָט געפירט צו אָפּהענטיקייט. די ווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען פון ארץ־ישראל האָבן זיך נישט פיל פאַרבעסערט אין פאַרגלייך מיט דער לאַגע, וואָס האָט געהערשט ווען די ברידער ראבינסקי זענען געקומען מיט צוואַנציק יאָר צוריק. תל־אביב האָט זיך אין אַ געוויסער מאָס פאַרוואַנדלט אין אַ קולטור־צענטער, אָבער קיין שום אַנדע־רער פאָרשריט איז נישט פאַרגעקומען.

די ענערגיע און אידעאַליזם פון דער „צווייטער עליה" איז פאַרטאַכלעוועט געוואָרן. פּונקט ווי יעקב און יאָסי, האָבן

אויך די איבעריקע עולים געוואַנדערט פון אָרט צו אָרט אָן אַ תכלית און האָבן זיך אין ערגעץ נישט איינגעוואָרצלט.

וואָס מער דער „ארץ־ישראל־אַמט" האָט אויסגעקויפט באָדן, איז מיט יעדן טאָג אַלץ קלאָרער געוואָרן, אַז דאָס גאַנצע קאָלאָניזאַציע־פּראָבלעם מוז גרינטלעך רעווידירט ווערן. יאָסי און אַ סך פון זיינע חברים, זענען שוין פון לאַנג געקומען צום אויספיר, אַז די פּריוואַטע לאַנדווירטשאַפט איז נישט קיין געהעריקע לייזונג, ווייל זי שאַפט נישט קיין מעג־לעכקייטן פון זיכערקייט און פון צוגרייטן די יידן צו לאַנד־ווירטשאַפטלעכער אַרבעט.

יאָסי האָט געוואָלט, אַז אויפן אויסגעלייזטן באָדן, זאָלן געשאַפן ווערן קיבוצים, וועמענס איינוווינער זאָלן אַליין באַ־אַרבעטן דעם באָדן און זאָלן פירן אַ געמישטע ווירטשאַפט, כדי זיך אַליין צו דערנערן. די מיטגלידער פון די דאָזיקע קיבוצים האָבן זיך געדאַרפט האַלטן צוזאַמען, כדי זיך צו קאָנען בעסער פאַרטיידיקן קעגן די אַראַבישע אָנגריפן. כדי דאָס צו פאַרווירקלעכן, האָט דער גאַנצער אויסגעלייזטער באָ־דן געדאַרפט איבערגעוויזן ווערן צום קרן קימת אַלס יידישע ערד און באָדן, וואָס געהערט צו אַלע יידן. די קיבוץ־מיט־גלידער מוזן דעם באָדן אַליין באַאַרבעטן און טאָרן זיך נישט באַנוצן מיט געדונגענער אַרבעטס־קראַפט, נישט מיט קיין יידישער און נישט מיט אַראַבישער.

דער ווייטערדיקער שריט אויפן דאָזיקן וועג איז געמאַכט געוואָרן ווען די אָנגעקומענע יידן פון דער „צווייטער עליה" האָבן זיך פאַרפליכטעט צו אַרבעטן אויסשליסלעך ביים צו־גרייטן דעם באָדן צו לאַנדווירטשאַפט. זיי האָבן געשוואָרן, צו פאַרוואַנדלען ארץ־ישראל אין אַ היימלאַנד, נישט ציענדיק דערפון קיין פערזענלעכן נוצן. דורך די דאָזיקע פאַרפליכ־טונגען האָבן זיי פאַקטיש זיך שוין דערנענטערט צום געדאַנק

פון לאַנדווירטשאַפטלעכן קאָלעקטיוו. די קיבוצישע פאָרם פון באַאַרבעטן די ערד, איז אויפגעקומען נישט נאָר צוליב אַ פּאָ־ליטישן אָדער געזעלשאַפטלעכן אידעאַליזם, נאָר אַ סך מער צוליב דער נויטווענדיקייט פון דעמאָלטדיקן קאַמף פאַר עק־זיסטענץ. קיין אַנדער לייזונג איז דאַן נישט געווען.

דאָס אַלץ האָט געשאַפן פאָרבאַדינגונגען פאַר אַ דראַמאַ־טישן עקספּערימענט, וואָס איז רעאַליזירט געוואָרן אין 1909 יאָר. די ציוניסטישע התישבות־געזעלשאַפט האָט דערוואָרבן אין עמק הירדן, אויפן דרומדיקן ברעג פון כנרת, פיר טויזנט דונאם באָדן, וואָס איז דאָס רוב באַשטאַנען פון זומפּן. די גע־זעלשאַפט האָט דאָרטן אַרויסגעשיקט צוואַנציק יונגע מענער און פרויען, וועלכע האָבן געדאַרפט פאַרוואַנדלען די דאָזיקע זומפּן אין פרוכטבאַרן באָדן.

יאָסי איז מיטגעפאָרן מיט דער דאָזיקער גרופּע, וועלכע האָט אויפגעשטעלט געצעלטן ביים ראַנד פון די זומפּן. דעם נייעם ישוב האָבן זיי אַ נאָמען געגעבן נאָך די ווילדע רויזן, וואָס זענען געוואַקסן ביים ראַנד פון ים כנרת: שושנה.

מען האָט דאָרטן אויפגעשטעלט דריי הילצערנע באַראַקן פון נישט געהובלטע ברעטער. איין באַראַק האָט געדינט אַלס געמיינזאַמער עס־צימער און אויף פאַרזאַמלונגען. דער צווייּ־טער באַראַק האָט געדינט אַלס שייער און מאַגאַזין פאַר די אַרבעטס־מכשירים. און אין דריטן האָבן געוווינט די זעכצן בחורים און די פיר מיידלעך.

אין ערשטן ווינטער זענען די באַראַקן צענדליקער מאָל פאַרשווענקט געוואָרן דורך די רעגנס. די וועגן און שאָסייען זענען געווען אַזוי דורכגעווייקט, אַז די מתיישבים זענען אָפּט־מאָל געזעסן אַ לאַנגע צייט אָפּגעשניטן פון דער דרויסנדיקער וועלט. צום סוף זענען זיי געווען געצוווּנגען זיך איבערצו־

קלייבן אין אַן אַראַבישן דאָרף, כדי דאָרטן איבערצוּוואַרטן ביזן פרילינג.

יאסי האָט זיך אין דעם דאָזיקן פרילינג צוריקגעקערט צום קיבוץ שושנה און האָט זיך מיט ברען גענומען צו דער אַרבעט. זומפּן און בלאָטעס זענען מעטער נאָך מעטער צוריקגעשטויסן געוואָרן. מען האָט פאַרפלאַנצט הונדערטער אויסטראַלישע עאוקליפּטוס־בוימער און מען האָט אויסגעגראָבן קאַנאַלן, כדי אָפּצוציִען דאָס וואַסער.

די גאַנצע אַרבעט האָט געמוזט געמאַכט ווערן מיט די הענט. דאָס איז געווען אַ קאַטאָרזשנע אַרבעט. די גרופּע האָט געאַרבעט פון פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט און אַ דריטל פון די חברים איז שטענדיק געלעגן אין מאַלאַריע־פיבער. דאָס איינציקע באַקאַנטע מיטל קעגן דער דאָזיקער קרענק איז געווען די אַראַבישע הייל־מעטאָדע פון שטעלן פּיאַווקעס, כדי אָפּצוציִען דאָס בלוט. זיי האָבן געאַרבעט אין דער ברענענדיקער היץ שטייענדיק ביזן ברוסט אין די זומפּיקע בלאָטעס.

אויפן צווייטן יאָר האָט מען שוין געקאָנט זען אַ געוויסן דערפאָלג פון דער דאָזיקער שווערער אַרבעט: אַ טייל פון באָדן איז שוין געווען פרוכטבאַר. איצט האָט מען געמוזט באַזייטיקן די שטיינער פון די פעלדער און אויסראָטן דעם ווילדגראָז.

אין תל־אביב האָט יאסי פאָרגעזעצט זיין קאַמף מען זאָל ווייטער אונטערשטיצן דעם דאָזיקן עקספּערימענט — ער האָט אַנטדעקט אַ הערשטויִנלעכע דערשיינונג, די בענקשאַפט זיך אויפצושטעלן אַן אייגענע היים איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז די צוואַנציק יונגע מענטשן זענען געווען גרייט צו נעמען אויף זיך די שווערסטע אַרבעט אָן געצאָלט.

אָבער אַלץ נישט פֿאַרענדיקט. נישט געקוקט אויף דעם, האָבן די חברים דאָך באַשלאָסן צוצוטרעטן צו אַ לאַנדווירטשאַפֿט־לעכער טעטיקייט.

דאָס איז געווען אַ זייער ערנסטער באַשלוס, ווייל דאָס רוב פֿון די יונגע מענטשן האָט קיין אנונג נישט געהאַט וועגן לאַנדווירטשאַפֿטלעכער אַרבעט און אפילו נישט געוווסט דעם אונטערשייד צווישן אַ הון און האָן. זיי האָבן זיך פֿאַרלאָזט אויף אַ גליקלעכן צופֿאַל, אָבער אין דאָס רוב פֿאַלן האָבן זיי געליטן אַ דורכפֿאַל. זיי האָבן נישט געוווסט ווי אַזוי מען פֿאָרט גלייך מיט אַן אַקער־אייזן איבערן פֿעלד, ווי מען פֿאַר־זייט, ווי מען מעלקט אַ קו אָדער ווי מען פֿלאַנצט אַ בוים. די ערד־אַרבעט איז פֿאַר זיי געווען אַ פֿאַרהוילענע זאַך.

זיי זענען אָבער צוגעגאַנגען צום דאָזיקן פּראָבלעם מיט דער זעלבער אַנטשלאָסנקייט ווי ביים אויסטריקענען די זומפּן. נאָך דעם, ווי פֿון די זומפּן איז אָפּגעצויגן געוואָרן דאָס וואַ־סער, האָט דער באָדן געמוזט קינסטלעך באַוואַסערט ווערן. דאָס וואַסער האָט מען געמוזט ברענגען פֿון טייך אויף אייז־לען אין בלעכענע פּעסלעך. מען האָט עקספּערימענטירט מיט אַן אַראַבישן וואַסער־ראָד און מען האָט געמאַכט אַ פּרוווּ מיט גראָבן ברונימער. צום סוף אָבער, איז מען געקומען צום אויס־פֿיר, אַז דאָס בעסטע וועט זיין צו גראָבן קאַנאַלן, כדי אויפֿ־צוזאַמלען אין זיי דעם רעגן־וואַסער.

די ערד האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו אַנטפּלעקן אירע געהיימענישן. אָפּטמאָל, ווען יאָסי פֿלעגט קומען קיין שושנה, האָט ער זיך נישט געקאָנט אָפּווּנדערן פֿון דער אומפֿאַר־גלייכלעכער התלהבות פֿון די קיבוץ־חברים. זיי האָבן פֿאַר־מאָגט בלויז דאָס, וואָס זיי האָבן געטראָגן אויפֿן לייב, און אויך דאָס האָט געהערט צום קיבוץ. אין געמיינזאַמען עס־

צימער האָבן זיי זיך דערנערט מיט קאַרגע מאַלצייטן און זע־
נען אַלע געשלאָפן אונטער איין און דעמזעלבן דאַך.

די אַראַבער און בעדואינער האָבן מיט דערשטוינונג זיך
צוגעקוקט, ווי דער קיבוץ שושנה בליט אויף. ווען די בעדו־
אינער האָבן פעסטגעשטעלט, אַז הונדערטער דונאַם באָדן איז
שוין קולטיווירט געוואָרן, האָבן זיי באַשלאָסן צו פאַרטרייבן
די יידן פון דער ערד. די פעלד־אַרבעט אין קיבוץ האָט געמוזט
געפירט ווערן אונטערן שוץ פון אַ באַוואָפנטער וואַך. צו דער
מאַלאַריע־פלאָג און שווערער אַרבעט איז צוגעקומען נאָך אַ
פּראָבלעם: די זיכערקייט. נאָך אַן אויסערסט שווערן אַר־
בעטס־טאָג אויף די פעלדער האָבן די מידע קיבוץ־חברים
געמוזט שטיין ביינאַכט אויף וואַך. זיי האָבן אָבער דעם קי־
בוץ נישט פאַרלאָזן. די אָפּגעריסנקייט פון אַרום און זייער
נישט באַהאַוונטקייט אין לאַנדווירטשאַפט, די דראָונגען פון
די בעדואינער, דער זומפּ, די מערדערישע היץ, די מאַלאַריע
און צענדליקער אַנדערע פּלאָגן האָבן נישט אָפּגעשראָקן די
מוטיקע יונגע מענטשן.

יעקב ראַבינסקי איז געקומען אין קיבוץ שושנה, כדי
דאָרטן צו פּרוּוון מזל און אין 1912 יאָר איז דאָרטן אויך אָנ־
געקומען יוסף טרומפּעלדאָר, וועלכער האָט געהאַט געדינט
אַלס אָפיציר אין דער רוסישער אַרמיי און האָט זיך באַרימט
געמאַכט מיט זיין העלדישקייט בעתן רוסיש־יאַפּאַנישן קריג
און אין וועלכן ער האָט פאַרלוירן אַ האַנט. דער אַפּעל פון
די ציוניסטן, האָט אים געבראַכט קיין ארץ־ישראל. טרומפּעל־
דאָר און יעקב ראַבינסקי האָבן זיך פאַרנומען מיט די זיכער־
הייטס־פראַגן פון קיבוץ, ביז זיי האָבן אַ סוף געמאַכט צו די
רויב־אָנפאַלן פון די בעדואינער.

דאָס קאָלעקטיווע לעבן האָט אַרויסגעבראַכט נאָך אַ סך
אַנדערע פּראָבלעמען, וואָס זענען נוגע געווען אַלע קיבוץ־

חברים. מען האָט געלייזט די דאָזיקע פּראָבלעמען אויף אַ דורכאויס דעמאָקראַטישן אופן, הגם די יידן האָבן ליב פון דער נאַטור צו זיין אומאָפּהענגיק און עס האָט זעלטן פּאַסירט, אַז צוויי יידן זאָלן האָבן איין און די זעלבע מיינונג.

עס זענען אויפגעקומען פראַגן פון אַרבעטס־פּאַרטיילונג, פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די קראַנקע, פאַר בילדונג און דערציאונג. און וואָס האָט מען געזאָלט טאָן, אין פאַל ווען אַ מיטגליד האָט נישט געוואָלט אָדער נישט געקאָנט אַרבעטן דעם גאַנצן טאָג? און מיט די, וואָס זענען געווען נישט צופרידן פון דער אַרבעט, וואָס זיי האָבן באַקומען? אָדער מיט די, וועמען דאָס עסן איז נישט געפעלן געוואָרן, אָדער האָבן נישט געוואָלט לעבן אין ענגשאַפט? און ווי זאָל מען ליקווידירן פּערזענלעכע סכסוכים?

אָבער איין זאַך איז געווען שטאַרקער ווי אַלע איבנדער־מאָנטע פראַגן: יעדער חבר אין קיבוץ שושנה האָט אַנטשלאָסן אָפּגעוואָרפן דאָס אַלץ, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון גלות. זיי האָבן זיך צוגעאייגנט נייע ווערטן און געשטרעבט צו שאַפן פאַר זיך מיט די אייגענע הענט אַ נייע היים.

דער קיבוץ אין שושנה האָט געהאַט זיין אייגענעם ערן־קאָדעקס און אייגענע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג. חתונות און גטן זענען דורכגעפירט געוואָרן לויט אַן אַלגעמיינעם באַשלוס. מען האָט רעגולירט דאָס לעבן אינערהאַלב דעם קי־בוץ אין אַ פאָרם, וואָס האָט אָפּגעוואָרפן די טראַדיציאָנעלע מנהגים. מען האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די קייטן פון דער פאַרגאַנגענהייט.

נאָך אַ לאַנגער צייט פון אונטערדריקונג האָבן די יידן פון שושנה דערלעבט דאָס, צו וואָס זיי האָבן יאָרן־לאַנג

געשטרעבט: צו דער אנטשטייאונג פון אַ באמת פרייער יידישער פויערים־באַפעלקערונג. צום ערשטן מאָל האָבן יידן אָנגעהויבן זיך צו קליידן ווי לאַנדווירטן, האָבן געטאַנצט אַ האָראַ ביים שיין פון אַ שייטער און די אַרבעט אויף דער ערד איז פאַר זיי געוואָרן אַ ווירדיקער לעבנס־ציל.

אין משך פון דער צייט זענען אין קיבוץ אויפגעקומען גרינע לאָנקעס מיט בלומען, קוסטעס און ביימער, ווי אויך נייע געביידעס. פאַר פאַרהייראַטע פּאָרלעך האָט מען אויס־געבויט קליינע הייזלעך. מען האָט אויך איינגעקויפט ביכער פאַר אַ ביבליאָטעק און מען האָט שוין באַשטעלט אַ דאָק־טאָר.

דאַן איז געקומען דער „בונט" פון די פרויען. איינע פון די פיר פרויען, וועלכע זענען געקומען אין קיבוץ צוזאַמען מיט די ערשטע גרינדער, איז געווען אַ נידעריקע, בישט גאָר קיין שיינע מיידל, מיטן נאָמען רות. זי איז געווען דער טרייַ־בנדיקער כוח פון בונט. אויף די פאַרזאַמלונגען פון די קיבוץ־חברים פלעגט זי שטענדיק אַרויסטרעטן מיט דער מיינונג, אַז די פרויען זענען געקומען פון רוסלאַנד און פוילן קיין ארץ־ישראל, נישט כדי צו ווערן דאָ הויז־באַלעבאָסטעס. זי האָט געפאָדערט גלייכע רעכט און גלייכע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. צום סוף זענען די פרויען צוגעלאָזט געוואָרן צו די זעלבע אַרבעטן, וואָס די מענער האָבן אויסגעפירט, אפילו ביים אַקערן די פעלדער. די פרויען האָבן איבערגענומען דעם הינער־הויף און דעם פאַרזיי פון גרינסן. זיי האָבן זיך אויסגעלערנט אומ־צוגיין מיט אַ ביקס און זענען געשטאַנען אויף וואַך.

רות, די אָנפירערין פון „בונט", האָט געפאָדערט פאַר זיך די אויפזיכט איבער די פינף קי פון קיבוץ, אָבער די מענער זענען געווען קעגן דעם. יעקב האָט זיך באַמיט איר אויפצו־

קלערן, אַז דאָס וועט זיין זייער אַ שווערע אַרבעט פאַר איר און צום סוף האָט זי איינגעזען, אַז ס׳איז באמת אַ געפּערלעטע זאַך פאַר פרויען זיך צו פאַרנעמען מיט די קי. די דאָזיקע פינף קי האָבן דאַן פאַרגעשטעלט מיט זיך דעם ווערטפולסטן און צום בעסט־אָפּגעהיטסטן אוצר פון קיבוץ שושנה. אַלע זענען געווען דערשטוינט צו הערן, אַז רות, האָט זיך צוריקגעצויגן פון איר פאַרלאַנג אָן שום ווידערשטאַנד. דאָס איז לגמרי נישט געלעגן אין איר כאַראַקטער. אַ חודש צייט האָט זי מיט קיינעם קיין וואָרט גערעדט וועגן דעם. זי פלעגט אָבער ביי יעדער געלעגנהייט זיך אַרויסגעבן אין שכנותדיקן אַראַבישן דאָרף, ווו זי האָט זיך געלערנט די שווערע קונסט פון מעלקן קי. אין דער פרייער צייט איז זי געזעסן פאַרטיפט איבער בראָשורן וועגן מילך־ווירטשאַפט.

אַ געוויסן פרימאָרגן איז אין שטאַל אַריינגעקומען יעקב, וועלכער האָט זיך נאָר וואָס צוריקגעקערט פון דער נאַכט־שמירה. רות האָט געבראָכן איר צוזאָג! זי איז געזעסן נעבן דער בעסטער קו, איזבל, און זי רואיק געמאָלקן. מען האָט צונויפגערופן אַ ספּעציעלע פאַרזאַמלונג פון קיבוץ, כדי צו מאַכן רותן אַ פאָרוואורף פאַר איר אומגעהאָרכזאַמקייט. רות האָט זיך פאַרענטפערט און געבראַכט פאַקטן און ציפערן, וועלכע האָבן געדאַרפט באַווייזן, אַז זי איז ביכולת אַרויסצובאַקומען מער מילך דורך ריכטיקער פאַשע און געזונטן פאַרשטאַנד. זי האָט דערביי באַשולדיקט די מענער אין איגנאָראַנץ און אומטאָלעראַנץ. דער ענין האָט זיך פאַרענדיקט מיט דעם, וואָס רות האָט באַקומען די אויפזיכט איבער די קי. זי האָט פאַרגרעסערט די סטאַדע פינף־און־צוואַנציק־פאַכיק און אין אַ צייט אַרום איז רות געוואָרן די בעסטע ספּעציאַליסטין אין ארץ־ישראל אויפן געביט פון מילכיקערייען.

יעקב און רות האָבן חתונה־געהאַט און דער קיבוץ איז געווען מיט דעם פולשטענדיק איינשטימיק. מען האָט וועגן איר געזאָגט, אַז זי איז דער איינציקער מענטש אויף דער וועלט, וואָס איז מסוגל צו באַזיגן יעקבן אין אַ ווערטער־שלאַכט. זיי האָבן זיך שטאַרק געליבט און האָבן געלעבט זייער גליקלעך.

דער מצב אין קיבוץ איז אַ געוויסע צייט געוואָרן זייער קריטיש, ווען עס זענען געבוירן געוואָרן די ערשטע קינדער. די פרויען האָבן אויסגעקעמפט גלייכבאַרעכטיקונג און זיי האָבן פאַרנומען ווירטשאַפטלעכע שליסל־פּאָזיציעס אין קיבוץ. און ווידער איז אויפגעקומען אַ פּראָבלעם: ווי אַזוי צו רעגו־לירן דאָס פאַמיליע־לעבן. די חברים פון קיבוץ שושנה זענען געווען ביי דער מיינונג, אַז עס מוז זיין און ס'איז מעגלעך אַ ביקע, אייגנאַרטיקע לייזונג פון קינדער־פּראָבלעם, ווייל אויך זייער גאַנצער לעבנס־שטייגער איז געווען ביי אין זיין פאָרם.

אַזוי איז געקומען צו דעם, אַז מען האָט אין קיבוץ גע־שאַפן אַ קינדער־היים, אין וועלכן מען האָט זיך פאַרנומען מיט די קינדער און די מאַמעס זענען געווען פריי, כדי זיי זאָלן ווייטער קאָנען אַרבעטן.

יעקב ראַבינסקי האָט ענדלעך געפונען דאָס, וואָס אים האָט געפעלט און וואָס ער האָט געזוכט. דער קיבוץ שושנה איז געוואַקסן, ביז עס האָבן שוין דאָרטן געוווינט הונדערט מיטגלידער און ער האָט פאַרמאָגט מער ווי טויזנט דונאַם באָדן. יעקב האָט בישט געהאַט קיין געלט און נישט קיין איי־גענע קליידער. ער האָט געהאַט אַ פרוי מיט אַ שאַרפער צונג, וועלכע איז אָנגעגאַנגען אַלס די בעסטע לאַנדווירטין אין גאַנצן גליל. אין די אָוונטן, ווען דער אַרבעטס־טאָג האָט זיך

פאַרענדיקט, איז ער געגאַנגען צוזאַמען מיט רות איבער די גרינע לאָנקעס און דורך די בלומען־בייטן, אָדער זיי פלעגן אַרויפגיין אויפן קליינעם בערגל און באַקוקן די אַרומיקע צע־בליטע פעלדער. ער איז געווען צופרידן און גליקלעך.

עס האָט געשיינט, אַז שושנה, דער ערשטער קיבוץ אין ארץ־ישראל, האָט געפונען פאַרן פּראָבלעם פון ציוניזם די ריכטיקע לייזונג, וועלכע מען האָט אַזוי פיל יאָרן געזוכט.

## קאַפּיטל 10

אַ געוויסן טאָג איז יאָסי געקומען אַהיים פון אַ ספּעציע־לער זיצונג פון ועד הלשון, פאַרזונקען אין טיפע מחשבות. שרה איז געזעסן און געוואַרט, גרייט אים צו דערלאַנגען אַ גלאָז טיי. זי פלעגט שטענדיק אַזוי וואַרטן, בייטאָג צי ביי נאַכט, ביז ער וועט זיך צוריקקערן פון זיינע פאַרזאַמלונגען, כדי אים צוצוגרייטן טיי. זיי זענען ביידע געזעסן אויפן באַל־קאָן פון זייער דריי־צימער־וווינונג אויף דער הירקון־גאַס ביי יפו, פון וואַנען מען האָט גוט געקאָנט זען דעם ים־ברעג, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט אין אַ ברייטן בויגן צו תל־אביב.

— שרה — האָט יאָסי מיט אַמאָל זיך אָפּגערופן — איך האָב עפּעס באַשלאָסן. איך בין היינט געווען אויף אַ זיצונג פון ועד הלשון און זיי האָבן מיך געבעטן אָנצונעמען אַ העב־רעאישן נאָמען און ריידן נאָר העבראיש. בן־יהודה האָט היינט אין אָוונט געהאַלטן אַ רעדע. ער טוט אויף גרויסע זאַכן ביים מאָדערניזירן די העברעאישע שפּראַך.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ נאַרישקייט — האָט שרה גע־ענטפערט — דו האָסט דאָך מיר אַליין געזאָגט, אַז עס איז נאָך קיינמאָל נישט געלונגען ווידער אויפצולעבן אַ שפּראַך.

— יאָ, אָבער איך האָב זיך באַטראַכט, אַז ביז איצט האָט נאָך קיין שום פאָלק נישט פּרובירט אויפצולעבן אַ נאַציע, ווי

מיר טוען דאָס איצט. ווען איך זע וואָס עס איז אויפגעטאָן געוואָרן אין שושנה און אין די אנדערע קיבוצים...

— דו האָסט דערמאָנט שושנה... אפשר ווילסטו בייטן דיין נאָמען אויף אַ העברעאישן, ווייל דיין ברודער, וועלכער האָט פריער געהייסן יעקב ראַבינסקי, האָט אויך אַזוי געטאָן?

— א, נאַרישקייטן — האָט יאסי געזאָגט.

— ווי אייגנטלעך, הייסט ער איצט, דער פריערדיקער יעקב ראביגסקי?

— ער הייסט עקיבא. דאָס איז דער נאָמען פון אַ מענטשן פון וועלכן ער איז שוין אַלס יינגל געווען באַגייסטערט.

— אַזוי, און אפשר ווילסטו אויך אָננעמען אַ נאָמען פון עמעצן פון וועמען דו ביסט געווען באַייסטערט אַלס יינגל?

— עס איז נישט אויסצוהאַלטן פון דיר — האָט יאסי אַ ברום־געטאָן מיט כעס. ער האָט זיך אויפגעהויבן און אַריין אין שטוב.

שרה איז אים נאָכגעגאנגען ריידנדיק:

— ווען דו וואָלסט נאָך ווען עס איז געגאַנגען דאַוועגען אין שול, וואָלסטו געוווּסט, אַז העברעאיש איז די שפּראַך אין וועלכער מען רעדט באַר מיט גאָט.

שרה — האָט יאסי העפטיק אויסגערופן — טייל־מאָל שטעל איך זיך די פראגע צוואָס האָסטו זיך גענומען די מי צו קומען אַהער פון שלעזיע. אויב מיר ווילן דענקען און האַנדלען ווי אַ נאַציע, דאַן מוזן מיר אויך ריידן ווי אַ נאַציע.

— מיר טוען דאָך דאָס. אונדזער שפּראַך איז יידיש.

— יידיש איז די שפּראַך פון גלות, די שפּראַך פון די געטאָס. אָבער העברעאיש איז די שפּראַך פון אַלע יידן.

שרה האָט דראָענדיק אויפגעהויבן אַ פינגער קעגן איר הויכן מאַן און שמייכלענדיק געזאָגט:

— האַלט נישט פאַר מיר קיין ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע־רעדעס, יאָסי. פאַר מיר וועסטו שטענדיק זיין און בלייבן יאָסי ראַבינסקי, ווי לאַנג איך וועל לעבן.

— איך האָב אָנגענומען אַ באַשלוס, שרה. איך וואָלט דיר געעצהט אַ ביסל אָפּצופרישן דיין עברית, ווייל דאָס איז די שפּראַך אויף וועלכער מיר וועלן פון איצט אָן ריידן.

— דיין באַשלוס איז זייער אַ נאַרישער, יאָסי!

יאָסי האָט גוט נאָכגעטראַכט איידער ער האָט געגעבן בן־יהודהן און די אַנדערע מיטגלידער פון וועד הלשון זיין הסכמה. אָבער זיי זענען געווען גערעכט: די העברעאישע שפּראַך מוז ווידער אויפגעלעבט ווערן. אויב דער פאַרלאַנג צו נאַציאָנאַלער איינהייט איז גענוג שטאַרק, וועט אויך מעג־לעך זיין אויפצולעבן אַ טויטע שפּראַך.

אָבער שרה איז נישט געווען ביי דער דאָזיקער מיי־נונג. זי האָט גערעדט יידיש און אויך אירע עלטערן האָבן גערעדט יידיש. זי האָט נישט געהאַט בדעה, אויף דער עלטער, זיך נעמען לערנען אַ נייע שפּראַך. אַ גאַנצע וואָך איז שרה אין די אָוונטן געזעסן פאַרשלאָסן אין שלאָף־צימער, אָבער יאָסי האָט אפילו נישט געטראַכט נאָכצוגעבן. דריי וואָכן לאַנג האָט ער מיט שרהן גערעדט נאָר העברעאיש און זי פלעגט אים ענטפערן אויף יידיש.

— יאָסי, — האָט זי אַ געוויסן אָוונט אויסגערופן צום מאַן — יאָסי, קום אַהער און העלף מיר.

— אַנטשולדיק — האָט יאָסי געענטפערט — אין דער שטוב איז נישט פאַראַן קיינער מיטן נאָמען יאָסי. אויב דו

מיינסט מיך — האָט ער ווייטער געזאָגט — איז מיין נאָמען ברק בן־כנען.

— ברק בן־כנען?

— יאָ, — האָט ער געענטפערט — איך האָב אַ לאַנגע צייט נאָכגעטראַכט, כדי צו געפינען דעם ריכטיקן נאָמען. די אַראַבער פלעגן רופן מיין בייטש מיטן נאָמען „בליץ״, וואָס איז אין העברעאיש „ברק״. אויסערדעם האָט אויך דבורהס גענעראַל געהייסן ברק. און כנען רוף איך זיך דערפאַר, ווייל איך האָב אַמאָל ליב באַקומען דעם באַרג כנען.

שרה האָט צוגעמאַכט די טיר מיט אַ פעסטן קלאַפּ אין איבערגעדרייט דעם שליסל.

יאָסי האָט איר נאָכגעשריען:

— איך בין געווען גליקלעך, דעמאָלט אויף דעם באַרג כנען, ווייל איך האָב נישט געהאַט קיין עקשנותדיקע ווייב! געוווין זיך צו צו דיין נאָמען, שרה בן־כנען — שרה בן־כנען!

יאָסי, פון איצט אָן ברק, האָט ווידער נישט באַקומען קיין צוטריט צום שלאָפצימער. איבער אַ וואָך צייט האָבן מאַן און ווייב נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט צווישן זיך.

אַ חודש נאָך דעם, ווי עס איז אויסגעבראָכן צווישן זיי דער שטרייט, איז ברק אַ געוויסן אָוונט געקומען אַהיים פון זיכער אַן אָנשטרענגענדיקער דריי־טאָגיקער זיצונג אין ירו־שלים. עס איז שוין געווען שפעט אין דער נאַכט און ער איז געווען דערשעפּט און מיד. ער האָט געוואָלט ווי אַמאָל זיך אָוועקזעצן מיט שרהן ביי אַ גלעזל טיי כדי איר איבערצו־געבן אַלע נייעס, אָבער די טיר פון איר צימער איז געווען פאַרשלאָסן. ער האָט אָפּגעזיפצט, אויסגעטאָן די שיך און זיך אָוועקגעלייגט אויף דער סאָפע. ער איז געווען אַזוי גרויס,

אַז זיינע פּיס זענען אַריבערגעהאַנגען איבערן אָנלען. ער איז געווען זייער מיד און ער האָט געטראַכט ווי גוט דאָס וואָלט געווען, ווען ער וואָלט זיך איצט געקאָנט אויסציִען אין זיין בעט. אים האָט שוין אָנגעהויבן פאַרדריסן, וואָס ער האָט אָנגעהויבן דעם שטרייט מיט זיין ווייב. אַ קורצע ווײַלע, איידער דער שלאָף האָט אים איבערוועלטיקט, האָט ער דער־זען אין אַ שפּאַלט פון דער טיר צום שלאָף־צימער אויפ־שיינען אַ ליכט־שטראַל. די טיר האָט זיך געעפנט און שרה איז שטילערהייט צוגעגאַנגען צום מאַן. זי האָט אַנידער־געקניט נעבן אים און אַוועקגעלייגט איר קאָפּ אויף זיין ברוסט.

— איך האָב דיך ליב ברק בן־כנען — האָט זי אַרויס־געפליסטערט אין אַ גוטן העברעאיש.

ברק בן־כנען האָט געהאַט אַ סך אַרבעט אין דער נייער שטאָט תל־אביב. וואָס מער עס איז געוואַקסן דער ייִדישער ישוב אין ארץ־ישראל, אַלץ אַקטיווער איז ער געוואָרן. ער האָט זיך באַטייליקט אין אַלע זיצונגען פון די ציוניסטישע אינסטיטוציעס און אין דאָס רוב פאַלן האָט ער פאַרהאַנדלט מיט די טערקן און אַראַבער. ער האָט אָנגע־שריבן אַ סך מעמאָראַנדומס וועגן די פּראָבלעמען פון פּאָ־ליטישן ציוניזם און פלעגט פאָרן מיט זיין פרוי צו די ציו־ניסטישע קאָנגרעסן און קיין לאָנדאָן, וווּ עס האָט זיך גע־פונען די ציוניסטישע אָנפירונג.

טראָץ דעם האָט ברק נישט געפונען דאָס אמתע גליק, צו וועלכן עס האָט זוכה געווען זיין ברודער עקיבא אין קיבוץ שושנה. ברק האָט שטענדיק געטראַכט וועגן חולה־

טאָל, וואָס געפינט זיך צפונדיק פון הר־כנען. שרה איז גע־
ווען אַ פאַרשטענדיקע פרוי און פולשטענדיק איבערגעגעבן
איר מאַן. זי האָט געוואָלט שטילן זיין בענקשאַפט צו דער
ערד דורך האָבן אַ קינד. אָבער איר ווונטש איז געבליבן
אומדערפילט. פינף מאָל נאָכאַנאַנד האָט זי געמפילט. דאָס
איז געווען פאַר זיי ביידן אַ שווערער קלאַפּ, ווייל ברק איז
שוין געווען אין מיטן די פערציקער.

אין 1908 יאָר איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד פון
די „יונגע טערקן", וועלכע האָבן אַראָפּגעוואָרפן דעם אַלטן
טיראַן און קאָרומפּירטן דעספּאָט אַבדול כאַמיד דער צוויי־
טער. די ציוניסטישע באַוועגונג האָט געלייגט גרויסע האָפ־
נונגען אויפן נייעם רעזשים אין טערקיי. אָבער גיך האָט זיך
אַרויסגעוויזן, אַז דער נייער טערקישער הערשער, מוכאַמעד
חער פינפטער, האָט נישט געוואָלט געבן די ציוניסטן דעם
בעגאַרטן „טשאַרטער".

די ענגלענדער דאַקעגן האָבן שוין פון לאַנג אַרויסגע־
וויזן זייערע סימפּאַטיע־געפילן צום ציוניזם. ברק איז גע־
ווען איבערצייגט, אַז מען קאָן דערפירן צו אַן ענגער צוזאַ־
מענאַרבעט צווישן יידישן פאָלק און גרויס־בריטאַניע.

מיטן אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג איז געקומען
דער גינסטיקער מאָמענט. די ענגלענדער האָבן געווענדעט
זייער אויפמערקזאַמקייט צום מיטעלן מזרח. בריטישע
אַגענטן האָבן אָנגעהויבן צו פירן אַ פיבערהאַפטע טעטיקייט
אין דאָזיקן ראַיאָן און האָבן אונטערגעהעצט די אַראַבער
קעגן די טערקן, צוזאָגנדיק די אַראַבער, אַז זיי וועלן באַ־
קומען אומאָפּהענגיקייט. די בריטישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן
אונטערגעקויפט די אַראַבישע הערשער מיט אַ סך גאָלד.

דער יידישער ישוב אין ארץ־ישראל האָט נישט געדאַרפט געלאָקט ווערן, כדי זיך צו שטעלן אויף דער זייט פון די ענגלענדער. די ארץ־ישראל־יידן האָבן פון זייער טיפן האַרצן געווונטשן ענגלאַנד אַ נצחון.

ווען דער טערקישער דזשאַמאַל פּאַשאַ איז באַשטימט געוואָרן אַלס הויפּט־קאָמאַנדיר פאַר סיריע און ארץ־ישראל האָט ער קעגן יידישן ישוב אין ארץ־ישראל אָנגעווענדעט שווערע רעפּרעסיעס פאַר זיינע סימפּאַטיעס צו די ענגלענ־דער.

ברק בן־כנען האָט געמוזט אין משך פון זעקס שעה אַנט־לויפן פון ארץ־ישראל. סיי ער און סיי זיין ברודער עקיבא, האָבן זיך געפונען אויף דער „שוואַרצער ליסטע" פון דער טערקישער פּאָליציי און עס האָט זיי דערוואַרט טויט־שטראָף. צוליב די שווערע גזירות און פאַרבאָטן מצד די טערקישע מאַכט־אָרגאַנען איז די יידישע טעטיקייט אין ארץ־ישראל כמעט פולשטענדיק אָפּגעשטעלט געוואָרן.

— ווען דאַרפן מיר אַוועקפאָרן? — האָט שרה געפרעגט.

— פאַרטאָג — האָט ברק בן־כנען געענטפערט — נעם מיט זיך בלויז אַ קליין פּעקל. דאָס איבעריקע מוזן מיר איבערלאָזן דאָ.

שרה האָט זיך אַ וואַקל־געטאָן און זיך אָנגעשפּאַרט מיטן אַקסל אין וואַנט. זי האָט מיטן האַנט אַ גלעט געטאָן איר בויך. זי האָט זיך געפונען אין זיבעטן חודש פון שוואַנגער־שאַפט און געפילט די באַוועגונגען פון לעבעדיקן קינד אין איר לייב... פינף מאָל געמפילט... — האָט זי געטראַכט.

— איך קאָן נישט גיין — האָט זי געשעפּטשעט — איך וועל נישט קאָנען גיין.

ברק האָט זי אָנגעקוקט מיט אַ ליבלעכן בליק.

— קום, שרה, מיר טאָרן נישט פאַרלירן אפילו קיין איין מינוט.

זי איז צוגעלאָפן צו אים און זיך געוואָרפן אין זייַנע אָרעמס.

— ברק... ברק... איך האָב מורא, אַז איך וועל אויך דאָס קינד פאַרלירן... איך קאָן נישט... איך קאָן נישט...

ברק האָט טיף אָפּגעזיפצט.

— דו מוזט גיין מיט מיר. איין גאָט ווייס, וואָס עס קאָן דאָ פּאַסירן, אויב די טערקן וועלן דיך כאַפּן.

— איך וויל נישט פאַרלירן דאָס קינד.

ברק האָט לאַנגזאַם פאַרפאַקט זיין וואַליזקעלע און זי פאַרשלאָסן.

— אויב אַזוי, פאָר אַוועק אין קיבוץ שושנה — האָט ער זיך אָנגערופן. — רות וועט אַכטונג געבן אויף דיר, אָבער גיי נישט צו נאָענט צו אירע קי...

ער האָט זי צאַרט אַ קוש געטאָן אין די באַקן.

— שלום, שרה, — האָט ער אַרויסגעשטאַמלט. — איך האָב דיך ליב...

נאָך דעם ווי ברק בן־כנען איז פאַרשוווּנדן פון ארץ־ישראל, איז שרה אַוועקגעפאָרן אין קיבוץ שושנה. זי האָט דורכגעמאַכט דעם געפערלעכן וועג אויף אַ קליין וועגעלע, אין וועלכן עס איז געווען איינגעשפּאַנט אַן אייזל. אין קיבוץ שושנה האָט זי צוזאַמען מיט רות געוואַרט אויפן גע־בורט פון איר קינד.

עקיבא און ברק זענען אַנטלאָפן קיין קאַיר, ווו זיי האָבן געטראָפן זייער אַלטן פריינט יוסף טרומפּעלדאָר. טרומפּעל־

דאָר האָט זיך דאָן פאַרנומען מיט שאַפן אַן אָפּטיילונג פון יידישע קעמפער אין די ראַמען פון בריטישן מיליטער. דיביידע ברידער האָבן זיך מאָביליזירט צו דער דאָזיקער יידי־שער אָפּטיילונג און האָבן זיך אויך באַטייליקט אין קאַמף פאַר גאַליפּאָלי. די ענגלענדער האָבן זיך באַמיט אַן דערפאָלג דורכצוברעכן אַ דורכגאַנג דורך די דאַרדאַנעלן, כדי אַריינ־צוקומען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל פון דרום־זייט. אַלע באַ־מיאונגען פון דער דאָזיקער קאַמפּאַניע זענען אָבער דורכ־געפאַלן און בעתן צוריקטריט איז עקיבא פאַרוווּנדעט גע־וואָרן אין ברוסט.

נאָך דער מפּלה ביי גאַליפּאָלי, איז די דאָזיקע יידישע אָפּטיילונג, וואָס האָט זיך גערופן „קאָרפּוס פון מויל־אייזל־פירער", פאַנאַנדערגעלאָזט געוואָרן. עקיבא און ברק זענען אָפּגעפאָרן קיין ענגלאַנד און זיך מאָביליזירט אין יידישן לעגיאָן, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך זאב זשאַבאָטינסקי.

נאָך איידער עקיבא האָט זיך אויסגעהיילט פון זיינע ווונדן, איז ער געשיקט געוואָרן אין די פאַרייניקטע שטאַטן אין אַ שליחות צו די אַמעריקאַנער ציוניסטן, בראש פון וועל־כע עס איז געשטאַנען דער ריכטער פון העכסטן געריכט, בראַנדייס.

ווען ד"ר חיים ווייצמאַן האָט זיך דערוווּסט, אַז ברק בן־כנען דינט אין יידישן לעגיאָן אַלס געווייגלעכער זעלנער, האָט ער אים פון דאָרטן תיכף אַרויסגעצויגן. ד"ר ווייצמאַן איז געווען ביי דער מיינונג, אַז מען קאָן אויסנוצן ברק בן־כנען פאַר וויכטיקערע אויפגאַבן.

ברק איז צוגעצויגן געוואָרן צו דער גרופּע ציוניסטישע סופר, וואָס האָבן געפירט פאַרהאַנדלונגען מיט דער ענגלי־

שער רעגירונג וועגן דערטיילן אַ גאַראַנטיע פאַר דער צו־קונפט פון ארץ־ישראל. דער מצב פון די ענגלענדער איז צו יענער צייט געווען זייער אַ שווערער. די קאַמפּאַניע אין מעסאָפּאָטאַמיע האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ דורכפאַל. דאָס בריטישע מיליטער איז ביי קוט אַל אימאַראַ אַרומגערינגלט געוואָרן דורך אַ טערקישער דיוויזיע און איז געצוואונגען גע־וואָרן אין געפאַנגענשאַפט.

די ענגלענדער האָבן זיך איינגעבראָכן; די טערקן זע־נען געזעסן ביים ברעג פון סועץ־קאַנאַל און דאָס דייטשע מיליטער האָט באַזיגט די רוסן אויפן מזרח־פראָנט. די ברי־טישע באַמיאונגען אַרויסצורופן אַן אַראַבישן אויפשטאַנד קעגן טערקיי האָבן בישט געגעבן קיין שום רעזולטאַטן.

ד״ר ווייצמאַן און די ציוניסטן האָבן געפילט בחוש, אַז עס איז געקומען די געהעריקע שעה צו מאַכן דעצידירנדע שריט, כדי אויפצושטעלן אַ יידישע היים אין ארץ־ישראל. ענגלאַנד האָט זיך שנעל געצויטיקט אין סימפּאַטיע און הילף, כדי צו באַקומען די שטיצע פון אַלע יידן אויף דער וועלט, און באַזונדערס די שטיצע פון די אַמעריקאַנער יידן. די ענגלענדער זענען דעריבער גרייט געווען אויף אַ דראַמאַ־טישן באַשלוס.

נאָכן פאַרענדיקן די פאַרהאַנדלונגען צווישן די ציוניס־טישע טוער מיט די ענגלענדער, האָט דער דעמאָלטיקער ענגלישער אויסערן־מיניסטער, לאָרד באַלפור, פאַרעפנטלעכט זיין בריוו צום לאָרד ראָטשילד, אין וועלכן עס איז געווען געשריבן:

„די רעגירונג פון זיין קעניגלעכן מאַיעסטעט באַטראַכט מיט סימפּאַטיע דעם געדאַנק וועגן שאַפן אַ יידישע נאַציאָ־

נאַלע היים פאַרן יידישן פאָלק אין ארץ־ישראל, און זי וועט מיט אַלע כוחות זיך באַמיען צו פאַרלייכטערן די דערגריי־כונג פון דאָזיקן ציל".

אַזוי איז געבוירן געוואָרן די באַלפור־דעקלאַראַציע, דער „גרויסער טשאַרטער" פון יידישן פאָלק!

## קאַפּיטל 11

די פּאָליציי פון דזשאַמאַל פּאַשאַ האָט געפונען שרה בן־כנען אין קיבוץ שושנה צוויי וואָכן פאַרן געבורט פון קינד. ביז צו יענער צייט האָבן רות און די איבעריקע קיבוץ־חברים געזאָרגט פאַר איר און געטאָן אַלץ, כדי זי זאָל קאָנען אין פולער רו געבוירן איר קינד.

די טערקישע פּאָליציי איז אָבער געווען ברוטאַל. שרה איז אַרויסגעשלעפּט געוואָרן אין מיטן דער נאַכט פון איר שטוב. מען האָט זי אַריינגעוואָרפן אין אַ פאַרמאַכטן פּאָליציי־אויטאָ און זי געפירט איבערן בלאָטיקן וועג צו דער שוואַרצער געביידע פון דער פּאָליציי־סטאַציע אין טבריה.

אין משך פון פיר און צוואַנציק שעה איז זי אָן איבעררייס געפּאַרשט געוואָרן.

— וווּ איז דיין מאַן?... ווי אַזוי איז אים געלונגען צו האָט ער קעגן יידישן ישוב אין אר ־ישראל אַנגעווענדעט אנטלויפן?... וואָס פאַר אַ נייעס באַקומסטו פון אים?... מיר ווייסן, אַז דו שיקסט אים איבער געהיימע ידיעות... דו פירסט שפּיאָנאַזש פאַר ענגלאַנד... דו קאָנסט נישט אָפּלייקענען, אַז

דיין מאַן האָט קאָאָפּערירט מיט די ענגלענדער... וועט זעגען דאָס די יידן אין ארץ־ישראל, מיט וועלכע דו שטייסט אין קאָנטאַקט?...

שרה איז נישט צעטומלט געוואָרן און האָט אויף אַלע פראַגן געגעבן קלאָרע און זאַכלעכע ענטפערס. זי האָט זיך מודה־געווען, אַז ברק איז אַנטלאָפן פון ארץ־ישראל, ווייל ער האָט סימפּאַטיזירט מיט די ענגלענדער, און דאָס איז לגמרי נישט קיין סוד. זי האָט זיך געהאַלטן ביי איר מיינונג, אַז זי איז געבליבן אין לאַנד, בלויז כדי צו געבוירן דאָס קינד. אַלע איבעריקע באַשולדיקונגען האָט זי אָפּגעוואָרפן. נאָכן פאַרענדיקן די פיר און צוואַנציק־שעהדיקע אויספאָר־שונג, איז שרה בן־כנען געווען דער רואיקסטער מענטש אין ביורא פון אויספאָרשער.

די טערקן האָבן איר דאַן געגומען דראָען מיט שווערע שטראָפן, אָבער שרה איז געבליבן רואיק און זאַכלעך. צום סוף האָט מען זי אנגעכאַפּט און אריינגעשלעפּט אין א פינצ־טערן צימער מיט דיקע שטיינערנע ווענט אָן פענצטער. אויף אַ קליינעם הילצערנעם טיש האָט געברענט אַ קליין ליכטל. מען האָט זי אַוועקגעלייגט אויפן רוקן און פינף פאָ־ליציאַנטן האָבן זי פעסט געהאַלטן פאַר די פיס און די הענט. זיי האָבן איר אויסגעטאָן די שיך און גענומען שלאָגן מיט דיקע ריטער אויף די נאַקעטע זוילן. זיי האָבן דערביי נישט אויפגעהערט צו שטעלן די זעלבע פראַגן וואָס פריער, אָבער אירע תשובות האָבן זיך נישט געענדערט.

— דו ביסט אַ שפּיאָן! ווי אַזוי שיקסטו איבער ידיעות צו ברק בן־כנען? ריידן! דו שטייסט אין פאַרבינדונג מיט ברי־טישע אַגענטן... ווער זענען זיי?...

שרה האָט געליטן שרעקלעכע יסורים און זי האָט בכלל

אויפגעהערט צו ענטפערן. זי האָט פאַרביסן די ציינער. דער שווייס איז איר געראַנען איבערן פּנים. איר עקשנות האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם כּעס פון די טערקן. די הויט אויף די פיס האָט געפּלאַצט אונטער די קלעפּ פון די ריטער און פון די וווּנדן האָט זיך געגאָסן בלוט.

— רייד! — האָבן געשריגן אירע פּייניקער. — רייד!

שׂרה האָט געציטערט אויפן גאַנצן לייב.

— דו יידישקע! שפּיאָן!...

צום סוף האָט זי פאַרלוירן איר באַוווּסטזיין.

די פּייניקער האָבן אַרויפגעגאָסן אַן עמער קאַלטן וואַסער אויף איר פּנים און די קלעפּ און פראַגן האָבן זיך אָנגעהויבן אויפסניי. זי איז אַ צווייטן מאָל געפאַלן אין אָנמאַכט און אַ צווייטן מאָל האָבן די פּאָליציאַנטן זי אָפּגעמינטערט. איצט האָט מען פון איר אַראָפּגעריסן די קליידער און מען האָט אַרויפגעלייגט גליענדיקע שטיינער אויף אירע נאַקעטע אַקסלען.

— רייד, שפּיאָנין! רייד! רייד...

דריי טעג און דריי נעכט האָבן די טערקן געמאַטערט שׂרה בן־כנען. צום סוף האָט מען זי באַפרייט, ווייל די טערקן האָבן פּשוט באַקומען אַכטונג פאַר איר מוט. זיי האָבן נאָך אַזאַ זאַך נישט געזען, אַז עמעצער זאָל אַריבערטראָגן דאָס ווייטיק מיט אַזאַ ווירדע. רות, וואָס האָט געוואַרט אין פאָדער־צימער פון דער פּאָליציי־סטאַנציע האָט אָפּגעפירט שׂרהן אין קיבוץ שושנה.

ווען זי האָט באַקומען די ערשטע ווייען האָט שׂרה צום ערשטן מאָל אויסגעשריען, פילנדיק אַ באַפרידיקונג, וואָס זי קאָן איצט אַרויסגעבן פון זיך די ווײ־געשרייען, וואָס זי האָט געשטיקט אין זיך בעת דער אויספאָרשונג. איר פאַרווונדע־

טער קערפּער האָט רעאַגירט מיט העפּטיקע קאָנוווּלסיעס. און דאַן זענען אירע געשרייען געוואָרן אַלץ שטילער און שוואַכער. קיינער האָט נישט געגלויבט, אַז זי וועט האָבן כּוח איבערצוטראָגן דעם געבוירט, אָבער שׂרה בן־כּנען האָט געבוירן אַ זון און איז געבליבן ביים לעבן.

וואָכן־לאַנג האָט שׂרה בן־כּנען געשוועבט צווישן לעבן און טויט. רות און די מיטגלידער פון קיבוץ האָבן אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכע זאָרג און ליבע צו דער דאָזיקער פרוי. דער וווּנדערבאַרער מוט, וואָס די דאָזיקע שוואַרץ־אויגיקע פרוי פון שלעזיע האָט אַרויסגעוויזן בעת די טערקן האָבן זי געפּייניקט, האָט איר אויך איצט נישט פאַרלאָזן. איר ווונטש און ווילן ווידער צו זען ברקן, זענען געווען שטאַרקער ווי דער טויט.

עס האָט געדויערט איבער אַ יאָר ביז שׂרה איז געקומען צו די כּוחות. איר געזונט־וועזן איז צוגעגאַנגען זייער לאַנגזאַם און עס האָט געדויערט חדשים, ביז זי האָט זיך געקאָנט שטעלן אויף אירע פאַרוווּנדעטע פיס. זי איז געבליבן אַ הינקעדיקע אויפן גאַנצן לעבן.

דאָס קינד איז געווען געזונט און שטאַרק. אַלע האָבן פאַרויסגעזאָגט, אַז דאָס ייִנגל וועט אויסוואַקסן צו אַ צווייטן ברק. פון דער מוטער האָט ער געירשנט די טונקעלע האָר און די געזיכטס־שטריכן. עס האָט געשיינט, אַז דאָס ערגסטע איז שוין פאַרביי און ביידע פרויען, רות און שׂרה, האָבן געוואַרט אויפן צוריקקער פון זייערע מענער.

די ברידער האָבן אינצווישנצייט געוואַנדערט פון קאַיר קיין גאַליפּאָלי, קיין ענגלאַנד און אַמעריקע. זיי האָבן טאָגטעגלעך איבערגעלעבט שרעק פאַרן גורל פון זייער פרויען

הערנדיק פון פליטים די אויפטרייסלענדיקע ידיעות וועגן די טעראָר־מעשים פון דזשאַמאַל פּאַשאַ.

אָנהויב 1917 יאָר האָבן די ענגלישע כוחות אין מצרים פאַרטריבן די טערקן פון האַלב־אינדזל סיני ביז צו די גרענעצן פון ארץ־ישראל. ביי עזה זענען אָבער די בריטן פאַרהאַלטן געוואָרן. גענעראַל אַלענבי האָט דאַן איבערגענומען די אָנפירונג איבערן ענגלישן מיליטער און ער האָט באַנייט דעם אָנגריף. סוף 1917 יאָר האָבן די ענגלענדער דורכגעבראָכן דעם פראָנט און פארנומען באר־שבע. אין רעזולטאַט פון דאָזיקן נצחון זענען אויך דורכגעבראָכן געוואָרן די טויערן פון דער אלטער שטאָט עזה. פון דאָרטן האָבן די ענגלענדער זיך פאָרויסגערוקט לענג־אויס דעם ים־ברעג און האָבן פאַרנומען יפו.

ערב חנוכה, אַ יאָר נאָכדעם, ווי גענעראַל אַלענבי האָט איבערגענומען די אָנפירונג איבער די בריטישע כוחות אין ארץ־ישראל, איז באַפרייט געוואָרן ירושלים.

אין רעזולטאַט פון אַלענביס נצחונות איז אויסגעבראָכן דער לאַנג־דערוואַרטעטער אַראַבישער אויפשטאנד, וועלכער איז אָבער שטאַרק איבערשאַצט געוואָרן אין זיין באַדייטונג. ער איז אויסגעבראָכן מיט אַ גרויסער פּאַרשפּעטיקונג און ער איז געווען פאַרבונדן מיט באַדייטנדע געלט־הוצאות. ווען פאַר אַלעמען איז שוין קלאָר געווען, אַז די טערקן האָבן געליטן אַ מפּלה, האָט פייזאַל, דער זון פון שעריף פון מעקאַ, געבראַכט צופירן אייניקע אַראַבישע שבטים פון מדבר. ווען די טערקישע אַרמייען האָבן אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן דאָס געביט פון ארץ־ישראל האָבן די אַראַבער פּלוצים אָפּגעוואָרפן די פאַרפליכטונג צו בלייבן בייטראַל, כדי צו זיין שותפים ביים צעטיילן דעם מלחמה־שלל נאָך די טערקן. פייזאַלס

„אויפשטעגדלער״ האָבן געמאַכט א גרויסן טומל, אָבער זיי האָבן זיך קיינמאָל נישט באַטייליקט אין אַ קלענערער אָדער גרעסערער שלאַכט.

ביי מגידו, אַן אַלטערטימלעכע שטאָט, האָבן די בריטי־שע און טערקישע כוחות זיך געגרייט צו אַ קאַמף. אויפן דאָזיקן ארט זענען זינט פינף טויזנט יאָר אָנגעגאַנגען מלחמות. די שטאָט הערשט איבער א שמאָלן טאָל, וואָס דינט אַלס נאַטירלעכן וועג צום צפון־טייל פון לאַנד.

מגידו איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די ענגלענדער און פון דאָרטן האָבן זיי זיך געלאָזט קיין דמשק. דאָס פאַלן פון דער שטאָט דמשק האָט באַדייט אויך דער סוף פון דער אָטאָמאַנישער הערשאַפט.

ברק בן־כנען און זיין ברודער עקיבא האָבן זיך צוריק־געקערט אין זייערע היימען. די רויזן האָבן געבליט, די פעל־דער האָבן געגרינט און די וואַסערן פון ירדן זענען געפלאָסן צום ים כנרת, ווען די ביידע ברידער זענען אָנגעקומען אין קיבוץ שושנה. שרה און ברק זענען געשטאַנען אין אַריינ־גאַנג פון צריף און אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן. שרה האָט באַמערקט, אַז אין דער רויטער באָרד פון איר מאַן זענען שוין אַריינגעפלאָכטן גרויע האָר. אויך ברק האָט באַמערקט, אַז שרהס פעך־שוואַרצע האָר האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַ־דעקן מיט זילבער־פעדים. ער האָט זי דעליקאַט צוגעדריקט צו זיך און אין דער זעלבער רגע האָבן זיי פאַרגעסן אַלע צרות פון דער פאַרגאַנגענהייט. די קליינע שרה האָט הייב־קענדיק אַריינגעפירט ברקן אין צריף. אַ דריי־יאָריק קינד, מיט העלע אויגן, האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ נייגעריקן בליק.

ברק האָט זיך אַריבערגעבויגן איבערן קינד און אים אויפגעהויבן מיט זייבע שטאַרקע הענט אין דער הויך.

— מיין זון — האָט ברק געפּליסטערט — מיין זון.

— יאָ — האָט שרה זיך אָפּגערופן. — דאָס איז דיין זון... ארי...

# קאַפּיטל 12

די באַלפור־דעקלאַראַציע איז ראַטיפיצירט געוואָרן דורך פּופציק מדינות.

אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דער יידישער ישוב אין ארץ־ישראל זייער שטאַרק פאַראָרעמט געוואָרן צוליבן טערקישן טעראָר. גלייכצייטיק האָט אין רעזולטאַט פון דער מלחמה אויפגעטויכט אַ נייע כוואַליע פון אַנטי־יידישע פּאָגראָמען אין מזרח־אייראָפּע. די תקופה, וואָס איז געקומען שפּעטער האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער אַנטוויקלונג פון ישוב. עס האָט זיך אָנגעהויבן די „דריטע עליה" פון די יידן, וואָס האָבן זיך געוואָלט ראַטעווען פון די רדיפות. די דאָזיקע נייע עולים האָבן אָפּגעפרישט די שיטערע רייען פון ישוב אין ארץ־ישראל.

אין משך פון לאַנגע יאָרן האָבן די יידישע אָרגאַניזאַציעס געוואָלט אויסלייזן דעם עמק יזרעאל. דער באָדן פון יענעם געביט איז געווען דאָס רוב אַ זומפּיקער און ער האָט געהערט אין זיין גרעסטן טייל צו אַן אַראַביש־קריסטלעכער משפחה אין ביירוט, מיטן נאָמען סורסוק. צוליב די טערקישע

גזירות האָבן די יידן נישט געקאָנט אויסלייזן דעם באָדן, אָבער מיטן אָנקום פון די ענגלענדער און מיטן אָפּשאַפן די פּאַרבאָטן איז ברק בן־כנען אַרויסגעפּאָרן אין באַגלייטונג פון צוויי פּערזאָן קיין ביירוט, און זיי האָבן אָפּגעקויפט גרויסע שטחים אין עמק, פון חיפה ביז נצרת. דאָס איז געווען די ערשטע גרויסע ערד־קניה אין ארץ־ישראל און די געלטער אויף דעם האָבן זיי באַקומען פון נאַציאָנאַלע פאָנדן. מיטן אויסלייזן דעם עמק זענען אויפגעקומען נייע גרויסע מעגלעכקייטן צו שאַפן נאָך קיבוצים.

צווישן אַנדערע איז אויך געשאַפן געוואָרן חער ישוב עין־אור, צפונדיק פון ראש־פינה. צווישן די גרינדער פון נייעם ישוב האָבן זיך אויך געפונען יעקב און רות, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט זייער קליינער טעכטערל, שרונה, פאַר־לאָזן דאָס איינגעפונדעוועטע לעבן אין קיבוץ שושנה, כדי צו העלפן בויען דעם נייעם התישבות־פּונקט.

ענדלעך איז רעאַליזירט געוואָרן דער טרוים פון ברק בן־כנען. אויך אַנדערע יידן האָבן געקויפט נייעם באָדן אין חולה־טאָל, ווי אויך נעבן דער גרענעץ פון סיריע און לבנון. צו יענער צייט איז אויפגעקומען דער קיבוץ כפר גלעדי, וווּ עס האָט זיך אויך באַזעצט יוסף טרומפּעלדאָר, וועלכער האָט אין כפר גלעדי איבערגענומען די ענינים פון זיכער־הייט.

צוגלייך מיטן וווּקס פון לאַנדווירטשאַפטלעכן ישוב האָבן זיך אויך אויסגעברייטערט די שטעט תל־אביב, חיפה און ירושלים. די בריטישע הערשאַפט האָט געבראַכט מיט זיך אַ סך ענדערונגען צום גוטן. עס זענען פאַרלייגט געוואָרן שאָסייען און עס זענען אויפגעבויט געוואָרן שולן און שפּי־טעלער. לאָרד באַלפור אַליין איז געקומען קיין ירושלים, כדי

זיך צו באַטייליקן אין דער צערעמאָניע פון לייגן אויפן הר־הצופים דעם גרונט־שטיין פאַרן העברעאישן אוניווערסיטעט.

אַלס העכסטע אינסטאַנץ, וואָס האָט רעפּרעזענטירט דעם ישוב אין ארץ־ישראל, סיי לגבי די אינערלעכע מאַכט־אָרגאַנען און סיי לגבי אויסלאַנד, איז אויסגעוויילט געוואָרן דער וועד הלאומי, אין וועלכן עס האָט זיך אויך געפונען ברק בן־כנען.

גלייכצייטיק האָט דער מצב אָנגעהויבן צו ווערן גע־שפּאַנט. ארץ־ישראל האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ צענטער פון אַ גיגאַנטישער שפּיל צווישן ענגלאַנד און פראַנקרייך פאַר באַהערשן דעם ראַיאָן פון מיטעלן מזרח. דער ערשטער אַקט פון אָט דער שפּיל איז געווען די פאַרעפנטלעכונג פון אַ גע־היימען אָפּמאַך צווישן ענגלאַנד און פראַנקרייך, וועלכע האָבן באַשלאָסן צו צעטיילן צווישן זיך דעם מיטעלן מזרח. דער דאָזיקער דאָקומענט איז אַנטדעקט געוואָרן דורך די רו־סישע רעוואָלוציאָנערן אין די געהיימע צאַרישע ארכיוון. ער איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן, כדי צו קאָמפּראָמיטירן די ענ־גלענדער און פראַנצויזן אין די אויגן פון די אַראַבער.

די פּונקטן פון דאָזיקן געהיימען ענגליש־פראַנצויזישן אָפּמאַך, האָבן זיך געפונען אין בולטער סתירה צו די פריִ־ערדיקע צוזאָגונגען צו דערטיילן די אַראַבער אומאָפּהענגי־קייט. די אַראַבער האָבן זיך געפילט ווי אָפּגענאַרטע. די ענגלענדער האָבן וואָס אַן אמת געמאַכט אַלע באַמיאונגען כדי צו באַרואיקן די געמיטער, אָבער די מורא פון די אַראַ־בער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס באַרעכטיקטע. אויף דער קאָנפערענץ אין סאַן־רעמאָ האָבן ענגלאַנד און פראַנקרייך זיך צעטיילט מיטן מיטל־מזרחדיקן טאָרט און ענגלאַנד האָט דערביי באַקומען דעם גרעסטן טייל. פראַנקרייך האָט צוגע־

גומען די סירישע פראָווינץ. אָבער די רייכע באָפּט־שטחים פון מאָסול האָט ענגלאַנד צוגענומען פאַר זיך.

אונטער דער טערקישער הערשאַפט האָבן ארץ־ישראל און לבנון געהערט צו דער סירישער פראָווינץ און די פּראָווינץ האָבן געפאָדערט פאַר זיך דאָס רעכט אויף די צפון־טיילן פון פּאַלעסטינע. די ענגלענדער האָבן זיך אָבער אָפּגעזאָגט איבערצוגעבן פראַנקרייך די דאָזיקע געביטן. די ענגלענדער האָבן געוואָלט האלטן אין זייערע הענט די שטאָט חיפה און זיי האָבן הערקלערט, אַז אויפן סמך פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, לויט וועלכער עס איז צוגעזאָגט געוואָרן צו העלפן די יידן שאַפן אַ היים אין ארץ־ישראל, מוזן זיי האָבן די הערשאַפט איבערן גאַנצן געביט. אַלס ענטפער אויף דעם האָבן די פראַנצויזן איבערגעקויפט אַ סך שבטים פון די סירישע אַראַבער, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אַרויסצורופן אומרוען אין ארץ־ישראל און דער עיקר אין צפון־טייל פון לאַנד. די דאָזיקע אַראַבער־שבטים האָבן זיך באַמיט צו פאַרכאַפן שטיקער ערד, נאָך איידער די גרענעצן וועלן ענדגילטיק באשטימט ווערן. די יידן, וואָס האָבן זיך באזעצט אין חולה־געביט, און דער עיקר די איינוווינער פון כפר גלעדי, האָבן זיך געפונען ווי אין אַ פאַסטקע.

די אַראַבער, וואָס זענען אונטערגעקויפט געוואָרן דורך די פראַנצויזן, האָבן דורכגעפירט אַן אָנגריף אויף תל־חי, דער באַרג, דורך וועלכן די ברידער ראבינסקי זענען מיט יאָרן צוריק געקומען קיין ארץ־ישראל. דער לעגענדאַרער יוסף טרומפעלדאָר האָט זיך העלדיש געשלאָגן ביי תל־חי. ער איז געפאַלן אין קאַמף, אָבער תל־חי איז איינגעהאַלטן געוואָרן. כפר גלעדי איז געבליבן אין יידישע הענט און דער

גאַנצער עמק־החולה איז פאַרבליבן אינערהאַלב דעם בריטישן מאַנדאַט.

אויך פייזאַל, דער זון פון שעריף פון מעקא און אַנפירער פון אַזוי־גערופענעם אַראַבישן אויפשטאַנד בעתן ערשטן וועלט־קריג, האָט פאַרשאַפט די פראַנצויזן גרויסע שוועריקייטן. פייזאַל איז געקומען קיין דמשק, האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן טראָן און זיך פּראָקלאַמירט אַלס קעניג פון אַ נייער אַראַבישער מדינה און אַלס נייעם פירער פון איסלאַם. די פראַנצויזן האָבן אים פאַריאָגט פון סיריע. פייזאַל איז דאַן אַוועקגעפאָרן קיין באַגדאַד, ווו די ענגלענדער האָבן אים צוגעזאָגט אַ בעסערע באַהאַנדלונג. זיי האָבן באַלוינט זייער טרייען דינער מיט דעם, וואָס זיי האָבן פון דער פּראָווינץ מעסאָפּאָטאַמיע געגרינדעט אַ נייע מלוכה. אין דער דאָזיקער מלוכה, וואָס זיי האָבן אַ נאָמען געגעבן איראַק, האָבן זיי באַשטימט פייזאַלן אַלס קעניג.

פייזאַל האָט געהאַט אַ ברודער מיטן נאָמען אַבדאַללאַ, וועלכן מען האָט אויך געדאַרפט באַלוינען. אַן שום צושטימונג פון דער פעלקער־ליגע האָבן די ענגלענדער דורכגעפירט אַ נייע טיילונג פון מאַנדאַט־געביט און געשאַפן אַ פרישע מדינה. זיי האָבן דער נייער מלוכה אַ נאָמען געגעבן עבר־הירדן און דאָרטן אַוועקגעזעצט אַבדאַללאַן אַלס עמיר. סיי פייזאַל און סיי אַבדאַללאַ זענען געווען טויט־שונאים פון איבן־סאַוד, וועלכער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו העלפן די ענגלענדער בעתן ערשטן וועלט־קריג.

אַזוי אַרום האָט זיך פאַר ענגלאַנד געשאַפן אַ גינסטיקער מצב. אויף די טראָנען אין איראַק און עבר־הירדן, דיביידע נייע מדינות, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן דורך די בריטן, זענען געזעסן ענגלישע מאַריאָנעטן־הערשער. די

ענגלענדער האָבן געהאַט אין זייער באַזיץ מצרים, דעם סועץ־קאַנאַל, די באַפּט־קוואַלן פון מאָסול און דעם פּאַלעס־טינע־מאַנדאַט. חוץ דעם האָבן זיי פאַרנומען פאַרשיידענע געביטן אויפן אַראַבישן האַלב־אינדזל און דאָרטן געשאַפן „פּראָטעקטאָראַטן".

מיט ארץ־ישראל איז אָבער די זאַך געווען אַ סך שווע־רער. דאָרטן האָט מען בישט געקאָנט אַוועקזעצן ביי דער מאַכט ענגלישע מאַריאָנעטן. די באַלפור־דעקלאַראַציע איז ראַטיפיצירט געוואָרן דורך דער גאַנצער וועלט. חוץ דעם זענען די ענגלענדער געווען פאַרפליכטעט לויט די מאַנדאַט־באַשטימונגען צו שאַפן דאָ אַ יידישע מדינה. און צו דעם אַלעמען האָבן די ארץ־ישראל יידן געהאַט אַן אייגענע דע־מאָקראַטיש־אויסגעוויילטע רעפּרעזענטאַנץ, דעם וועד־הלאומי, וואָס איז געווען די איינציקע דעמאָקראַטישע קער־פּערשאַפט אין גאַנצן מיטעלן מזרח.

ברק בן־כנען, חיים ווייצמאַן און אַ ריי אַנדערע פירנדע ציוניסטישע מנהיגים זענען צוגעטראָטן צו פאַרהאַנדלונגען מיטן קעניג פייזאַל, דעם דעמאָלטיקן פירער פון דער אַראַ־בישער וועלט. די דאָזיקע פאַרהאַנדלונגען האָבן געהאַט אַ היסטאָרישע באַדייטונג. צווישן די יידן און די אַראַבער איז געשלאָסן געוואָרן אַ קעגנזייטיקער פריינטשאַפטס־אָפּמאַך, לויט וועלכן בייזע צדדים האָבן זיך פאַרפליכטעט צו רעס־פּעקטירן די קעגנזייטיקע אינטערעסן. די אַראַבער האָבן באַ־גריסט דעם צוריקקער פון די יידן און האָבן אָנערקענט די היסטאָרישע רעכט פון די יידן אויף ארץ־ישראל. חוץ דעם האָבן די אַראַבער אָפן זיך ערקלערט, אַז זיי באַגריסן די יידי־שע אַרבעט, וואָס פאַרוואַנדלט דעם מדבר אין פרוכטבאַרע פעלדער.

פונקט אַזוי ווי אין די איבעריקע טיילן פון דער אַראַ־בישער וועלט, אַזוי איז אויך אין ארץ־ישראל נישט געווען קיין רעפּרעזענטאַטיווע אַראַבישע רעגירונג. ווען די ענגלענ־דער האָבן אויפגעפאָדערט די אַראַבער זיי זאָלן שאַפן אַ פאַרטרעטנדע קערפּערשאַפט, האָבן זיך אָנגעהויבן די גע־וויינלעכע איבערלעך־אַראַבישע אַרומרייסענישן. די פאַרשיי־דענע איינפלוסרייכע גרופן פון גרויסע ערד־באַזיצער האָבן רעפּרעזענטירט בלויז אַ קליינעם ברוך־טייל פון אַראַבישן פאָלק.

די מעכטיקסטע פאַמיליע פון דער דאָזיקער גרופּע איז געווען די משפחה פון די אַל־כוסייניס, וועלכע האָט פאַר־מאָגט אין געביט פון ירושלים גרויסע ערד־שטחים. בראש פון דער דאָזיקער משפחה איז געשטאַנען איינער פון די גע־פערלעכסטע אינטריגאַנטן. זיין נאָמען איז געווען חאַדזש אַמין אַל־כוסייני. דער דאָזיקער פינצטערער טיפּ האָט פריער געקעמפט אויף דער זייט פון די טערקן, אָבער ווען די טער־קישע אימפעריע האָט זיך איינגעבראָכן איז ער געווען אי־בערצייגט, אַז ס׳איז געקומען פאַר אים דער היסטאָרישער שאַנס צו פאַרכאַפּן די מאַכט אין פּאַלעסטינע.

דער ערשטער שריט אויפן דאָזיקן וועג איז געווען זיין מאַנעוור באַשטימט צו ווערן אַלס גרויס־מופטי פון ירושלים. נאָכן פאַלן פון דער טערקישער מאַכט איז דער אַמט פון ירושלימער גרויס־מופטי געוואָרן זייער באַדייטנדיק אין דער גאַנצער מוסולמענישער וועלט. ירושלים, נאָך מעקא און מעדינא, איז געווען פאַר די מאַכמעדאַנער די דריטע הייליקע שטאָט און זיי האָבן געשיקט קיין ירושלים גרויסע געלט־סומען. מיט די דאָזיקע געלטער האָבן פריער פאַרוואַלטעט די טערקישע מאַכט־אָרגאַנען, אָבער איצט האָט אַל־כוסייני

געקאָנט אויסנוצן די דאָזיקע סומען אויף פינאַנסירן זייגע אייגענע פּלענער.

צוליב נאָך אַ סיבה האָט אַל־כוסייני געוואָלט ווערן ירושלימער גרויס־מופטי. די פּעלאַכן פון פּאַלעסטינע זענען געווען אַנאַלפאַבעטן און דער איינציקער מיטל צו באַאייג־פלוסן די דאָזיקע פינצטערע מאַסע איז געווען דער מע־טשעט. די פּעלאַכן זענען געווען געניגט צו רעאַגירן מיט אַ היסטערישן אויסברוך אויף יעדן רוף פון די גייסטלעכע און דער דאָזיקער אויסברוך האָט געקאָנט אויסגענוצט ווערן אַלס ווירקזאַמער פּאָליטישער מיטל.

ווען דער אַלטער מופטי איז געשטאָרבן, איז מען צו־געטראָטן אויסצוווילן אַ נייעם. די עפענדיס, וועלכע האָבן גוט געקענט די מאַכט־גיריקע פּלענער פון אַל־כוסייני, האָבן נישט געוואָלט שטימען פאַר אים. ער איז געווען אויפן פּערטן אָרט. דאָס האָט אים אָבער זייער ווייניק געאַרט, ווייל די מענטשן פון זיין משפחה זענען געווען באַשעפטיקט מיט איבערשרעקן די ערשטע דריי קאַנדידאַטן, וועלכע האָבן באַ־קומען מער שטימען. אויס מורא פאַר נקמה האָבן די דאָזיקע קאַנדידאַטן זיך אָפּגעזאָגט פון זייערע פּרעטענזיעס און האַדזש אַמין אַל־כוסייני איז אויסגעווילט געוואָרן אַלס ירו־שלימער גרויס־מופטי.

דעם גרעסטן שטער צו פאַרווירקלעכן זיינע פּלענער האָט אַל־כוסייני געזען אין דער יידישער עליה קיין ארץ־ישראל. בעת איינעם פון די יום־טובים, וועלכער ווערט געפייערט דורך די מוסולמענער צום אָנדענק פון נביא משה, האָט דער מופטי אויפגעהעצט די פּעלאַכן קעגן די יידן. אַ צעווילדע־וועטער המון איז אַרויס אין די גאַסן און דורכגעפירט אַ פּאָגראָם. די אויפגעהעצטע אַראַבער האָבן זיך נישט געוואָרפן

אויף די שטעט און קיבוצים, ווו זיי וואָלטן געקאָנט זיך אָנ־טרעפן אויף אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד. אַנשטאָט דעם האָבן זיי זיך געוואָרפן אויף הילפלאָזע פרומע יידן פון צפת, טבריה, חברון און ירושלים.

רות, וועלכע האָט זיך געפונען אויף אַ באַזוך אין טבריה און זיך געהאַט צוריקגעקערט אַהיים קיין עין־אור, איז באַ־פאַלן געוואָרן דורך די אַראַבער און איז דערהרגעט געוואָרן צוזאַמען מיט איר קליינער טאָכטער, שרונה.

עקיבא האָט נישט געקאָנט געפינען קיין טרייסט. נאָך קיינמאָל איז אַ מענטש נישט געווען אַזוי דערשלאָגן ווי ער איז איצט געווען. ברק איז שנעל אַראָפּגעקומען קיין עין־אור און מיטגענומען זיין ברודער צו זיך אין תל־אביב. און ווי־דער, ווי אין די יוגנט־יאָרן, האָט ער טאָג און נאַכט נישט אַראָפּגעלאָזט פון אים קיין אויג. עס זענען פאַרביי אַ סך חדשים ביז עקיבא האָט זיך עטוואָס באַרואיקט, אָבער אין זיין האַרצן איז פאַרבליבן אַ טיפע ברענענדיקע וווּנד, וואָס איז שוין מער נישט פאַרהיילט געוואָרן.

נאָכדעם ווי די ענגלענדער האָבן איבערגענומען די מאַכט אין ארץ־ישראל האָבן אַ סך ישובים זיי איבערגעגעבן דאָס געווער, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט. ווען די אַראַבער וואָלטן באַפאַלן די דאָזיקע ישובים וואָלטן זיי זיך דאָרטן אָנגעטראָפן אויף שוצלאָזע מענטשן. די ענגלענדער זענען געווען פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר אָפּהיטן די רו און די אָרדענונג און די יידן אין ארץ־ישראל האָבן פון זיי דערוואַרט, אַז זיי וועלן באַשטראָפן די אַראַבער פאַר די באַגאַנגענע פאַרברעכנס בעתן פאָגראָם. די ענגלענדער האָבן אפילו געשאַפן אַן אויס־פאָרשונגס־קאָמיסיע און אין 1927 יאָר איז אַמין אַל־כור־

סייני פאַרמשפּט געוואָרן הינטער די אויגן דורך אַ מיליטער־רישן געריכט אויף צען יאָר תפיסה. אָבער אין עטלעכע חדשים אַרום איז ער אַמנעסטירט געוואָרן דורכן בריטישן הויך־קאָמיסאַר, סער הערבערט סעמועל.

בעת הערבערט סעמועל איז געווען בריטישער הויך־קאָמיסאַר פאַר ארץ־ישראל, איז צום ערשטן מאָל אָפּגע־שטעלט געוואָרן די יידישע עליה. שפּעטער האָט דאָס ברי־טישע קאָלאָניע־מיניסטעריום אָנגעהויבן צו פאַרעפנטלעכן „ווייסע ביכער", וועלכע האָבן באַרעכטיקט דאָס פאַרקלע־נערן די רעכט פון יידישן ישוב און דאָס העדוצירן די עליה אין איינקלאַנג מיט די „אויפנאַם־מעגלעכקייטן". בעת ווינ־סטאָן טשערטשיל האָט פאַרנומען דעם אַמט פון קאָלאָניע־מיניסטער איז דער מאַנדאַט־שטח צעריסן געוואָרן אויף צווייען און אין זיין מזרח־טייל איז געשאַפן געוואָרן די מדינה פון עבר־הירדן. פאַרן יידישן ישוב איז דאָס געווען דער סוף פון אַ באַשטימטער תקופה און דער אָנהייב פון אַן אַנדער תקופה. עס האָט זיך אויסגעשעפּט דער גוטער ווילן לגבי די ענגלענדער.

אין 1920 יאָר האָבן די ציוניסטן אָפּגעהאַלטן אין תל־אביב אַ געהיימע פאַרזאַמלונג, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט 50 אָנפירנדיקע פערזענלעכקייטן פון יידישן ישוב אין ארץ־ישראל. ד"ר חיים וייצמאַן איז געקומען צו־פליען פון לאָנדאָן. אין דער פאַרזאַמלונג האָבן זיך אויך באַ־טייליקט ברק און עקיבא, וועלכער האָט נאָך אַלץ נישט פאַרגעסן דעם טויט פון זיין פרוי און טאָכטער.

אין דער זעלבער פאַרזאַמלונג האָבן זיך אויך באַטיי־ליקט יצחק בן־צבי און אַ יונגער מנהיג פון דער „צווייטער עליה". דאָס איז געווען דוד בן־גוריון. אַ סך מענטשן זענען

שוין דאָן געווען ביי דער מיינונג, אַז דער דאָזיקער פּייער־דיקער ציוניסט, וואָס ציטירט אין זיינע רעדעס פּסוקים פון תנ"ך, איז באַשטימט צו זיין דער מנהיג פון ישוב. חוץ דעם האָט זיך דאָרטן געפונען אַ מאַן מיטן נאָמען אַבידן, וועלכער איז געקומען מיט דער „דריטער עליה" פון רוסלאַנד, ווו ער האָט זיך אויסגעצייכנט אַלס אָפיציר אין דער רוסישער אַרמיי. ער האָט געהאַט אַ שם אַלס גרויסער קעמפער, ווי דער געפאַלענער יוסף טרומפּעלדאָר, און מען האָט אויף אים געזאָגט, אַז ער איז באַשטימט צו דער ראָל פון אַ פּירער פון דער יידישער פאַרטיידיקונג, אין פאַל ווען זי וועט געשאַפן ווערן.

ברק בן־כנען האָט געבעטן די פאַרזאַמלטע זיי זאָלן זיך באַרואיקן און ער האָט אָנגעהויבן צו ריידן. די פאַרזאַמלטע, וואָס האָבן זיך געפונען אין אַ קעלער־שטיבל, האָבן זיך צוגעהערט צו זיינע רייד מיט אַ געשפּאַנטער אויפמערקזאַמקייט. ברק האָט אַלעמען דערמאָנט וועגן אומגליק, וואָס יעדער פון זיי האָט ווייטיקלעך אָפּגעפילט. ער האָט אָנגעוויזן אויף דעם ביטערן גורל פון די יידן, וואָס אפילו אין ארץ־ישראל, ווו זיי האָבן געהאָפט צו זיין פריי פון פאַרפאָלגונגען, איז פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם.

אין רעזולטאַט פון די געשעענישן אין תל־חי און פון די עקסצעסן אין ירושלים איז אין דער גאַנצער שאַרפקייט אויפגעקומען די פראַגע פון זיכערהייט פון ישוב. די פראַגע פון זעלבסטפאַרטיידיקונג האָט אַרויסגערופן חילוקי־דעות. ד"ר חיים ווייצמאַן איז אַרויסגעטרעטן אין נאָמען פון דער גרופּע, וואָס האָט געהאַלטן, אַז צוליב דעם, וואָס די ענגלענדער האָבן די מאַכט אין ארץ־ישראל, דאַרף מען מיט זיי פאַרהאַנדלען אָפן און אויף אַ לעגאַלן וועג. די ענגלענדער דאַרפן

זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער פאַרטיידיקונג און זיכערהייט. און דעריבער איז נישט גוויטיק קיין יידישער אונטערגרונט־כוח. אַן אַנדער גרופּע, וואָס איז געווען עקסטרעם פּאַציפיס־טיש, האָט געהאַלטן, אַז די באַוואָפענונג פון ישוב קאָן דער־פירן צו גרויסע צרות מצד די אַראַבער.

אין עקסטרעמער אָפּאָזיציע האָבן זיך געפונען די אַק־טיוויסטן, וועלכע ס׳האָט רעפּרעזענטירט עקיבא. זיי האָבן געפאָדערט אַ שנעלן און אומברחמנותדיקן רעוואַנש. זיי זע־נען געווען ביי דער מיינונג, אַז די שולד פון די ענגלענדער איז בלויז אַן אילוזיע. די ענגלענדער טראַכטן נאָר וועגן זייערע אייגענע אינטערעסן. מינדלעכע אָדער שריפטלעכע פּראָטעסטן וועלן נישט מאַכן אויף די אַראַבער אַזאַ איינ־דרוק, ווי אַ ביקס.

די שאַרפע דעבאַטע האָט געדויערט ביז טיף אין דער נאַכט און די דיסקוטאַנטן זענען נישט מיד געוואָרן. די ענגלענדער זענען דורך איין גרופּע באַשולדיקט געוואָרן אָבער אַ צווייטע גרופּע האָט זיי געגלויבט. די רודפי־שלום האָבן גערופן צו פאַרזיכטיקייט, דאַקעגן האָבן די אַקטיוויסטן באַצייכנט ישראל, אַלס דאָס „צוויי מאָל צוגעזאָגטע לאַנד״: איין מאָל פאַר יידן און אַ צווייט מאָל פאַר די אַראַבער. בן־גוריון, בן־כנען, אַבידן און אַ סך אַנדערע זענען געווען קעגן ביידע עקסטרעמע אַרויסטרעטונגען און האָבן פאָרגע־לייגט אַ רעאַליסטישן קורס. זיי האָבן וואָס אַן אמת אָנער־קענט די נויטווענדיקייט, אַז די יידן דאַרפן זיך באַוואָפענען, אָבער גלייכצייטיק זענען זיי געווען פאַר אויסקעמפן די יידישע רעכט אויף אַ לעגאַלן וועג. די דאָזיקע מיינונג האָט באַקומען אַ מערהייט און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די יידן זאָלן זיך אין געהיים באַוואָפענען און אויסבילדן אַן אונ־טערערדישע אַרמיי.

דער דאָזיקער יידישער אונטערערדישער מיליטערישער כוח איז געשאַפן געוואָרן בלויז צו איין ציל—פאַרטיידיקונג. עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן, אַז כל־זמן דער ניי־געשאַפע־נער מיליטערישער כוח וועט פירן אַ טעטיקייט אין באַדינ־גונגען פון אונטערגרונט, זאָלן די אָפיציעלע אינסטיטוציעס עפנטלעך אָפלייקענען יעדע ידיעה וועגן זיין עקזיסטענץ. אין געהיים אָבער זאָלן זיי מיטאַרבעטן מיטן נייעם יידישן מיליטער און העלפן זיין אַנטוויקלונג. דעדאָזיקער געהיי־מער באַוואָפנטער אָרעם האָט געזאָלט דינען פאַר די יידן אַלס שטומער פאַרטנער ביי די פאַרהאַנדלונגען מיט די ענג־לענדער און ביים אָפהאַלטן די אַראַבער פון אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען.

אַלס שעף פון דער דאָזיקער נייער געהיימער אָרגאַני־זאַציע איז לויט אַן אָפּשטימונג אויסגעוויילט געוואָרן דער קעמפער אבידן. די אָרגאַניזאַציע האָט באַקומען דעם נאָמען: „הגנה״ — זעלבסטפאַרטיידיקונג.

# קאַפּיטל 13

די מענטשן פון דער „דריטער עליה" האָבן זיך באַזעצט אין עמק־יזרעאל, וואָס איז אויסגעקויפט געוואָרן מיט אַ צייט צוריק. זיי האָבן זיך אויך באַזעצט אין שרון און שומרון, אין די בערג פון יהודה און גליל, און אפילו אין דרום, ביים מדבר. די לאָזונג איז געווען: אויפלעבן דעם וויסטן באָדן, וואָס איז דורות־לאַנג געלעגן נישט באַאַרבעט. זיי האָבן געבראַכט מיט זיך אין לאַנד מאָדערנע לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען און אַנגעווענדעט אַן אינטענסיוון מעטאָד ביים באַאַרבעטן די ערד.

זיי האָבן דורכגעפירט אַ סך עקספערימענטן, כדי צו פאַרגרעסערן דאָס גערעטעניש. זיי האָבן אויסגעברייטערט זייערע גרענעצן ביזן ים־המלח און האָבן געמאַכט אַ פּרווו צו באַאַרבעטן דאָס געזאַלצענע ערד, וואָס האָט נישט אַרויסגעגעבן פון זיך קיין שום פלאַנץ זיבט טויזנטער יאָרן. זיי האָבן אויך פאַרלייגט פיש־באַסיינען. אין מיטן פון די צוואַנציקער יאָרן האָבן איבער פופציק טויזנט יידן באַאַרבעט אין הונדערט התישבות־פונקטן אַ האַלבן מיליאָן דונאַם אויסגעלייזטן באָדן. דאָס רוב פון די דאָזיקע התישבות־פונקטן זענען געווען קיבוצים.

זיי האָבן פֿאַרפּלאַנצט אַ מיליאָן בוימער, וואָס האָבן געזאָלט אין צען, צוואַנציק אָדער דרייסיק יאָר אַרום, נישט דערלאָזן צו דעם, אַז דער באָדן זאָל צוריק ווערן פֿאַרוויסט. דאָס פּלאַנצן בוימער האָט אַרומגעכאַפּט דעם ישוב ווי אַ „דיבוק". ווו נאָר די ייִדישע מתיישבים זענען געקומען, האָבן זיי זיך גלייך גענומען צום פֿאַרפּלאַנצן בוימער.

די קיבוצים־באַוועגונג, וואָס איז אַרויסגערופֿן געוואָרן דורך דער דעמאָלטיקער נויטווענדיקייט, האָט געפֿונען אַ לייזונג פֿאַרן פּראָבלעם פֿון אויפֿנעמען אַ סך עולים. דאָך האָבן נישט אַלע זיך געקאָנט צוגעוווינען צום לעבן אין קיבוץ. אַ סך פֿרויען, וואָס האָבן געקעמפֿט פֿאַר גלייכבאַרעכטיקונג, זענען נישט געווען באַצופֿרידנט, ווען זיי האָבן די דאָזיקע גלייכבאַרעכטיקונג באַקומען. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט טענות צוליבן פֿעלן פֿון אַ פֿריי־וואַטן לעבן און זיי זענען אַרויסגעטראָטן קעגן שאַפֿן קינ־דער־היימען. טראָץ דעם, וואָס דער גאַנצער ייִדישער ישוב איז געווען פֿאַר דעם, אַז דער באָדן זאָל געהערן צום גאַנצן פֿאָלק און זאָל באַאַרבעט ווערן מיט די אייגענע הענט, זענען דאָך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך בכלל קעגנגעשטעלט דער אידעע פֿון שאַפֿן קיבוצים. דער הויפּט־אַרגומענט פֿון די דאָזיקע קעגנער איז געווען, אַז אין די קיבוצים איז נישטאָ קיין פּערזענלעכע פֿאַרבינדונג צווישן קיבוצניק און דעם באָדן, ווייל ער איז נישט געווען דער באַלעבאָס פֿון זיין ערד. אין רעזולטאַט פֿון דעם איז אויפֿגעקומען די באַוועגונג פֿון די מושבים. אין מושב באַאַרבעט יעדער מיטגליד זיין אייגן שטיקל ערד, ער איז אַ באַלעבאָס ביי זיך אין שטוב און מוז נישט לעבן אין קיבוץ־באַדינגונגען. אין מושב, פּונקט אַזוי ווי אין קיבוץ, ווערן אַלע אָרטיקע ענינים געפֿירט אויף אַ

צענטראַלן אופן. אַלע גרויסע לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשי־נען געהערן צום גאַנצן מושב. געוויסע לאַנדווירטשאַפטלעכע קולטורן ווערן באַאַרבעט דורכן גאַנצן מושב און דער פאַר־קויף און איינקויף ווערט דורכגעפירט דורך אַ צענטראַלער קערפּערשאַפט.

דער ערשטער מושב העובדים אין ארץ־ישראל איז גע־ווען נהלל. דער דאָזיקער נאָמען ווערט דערמאָנט אין תנ״ך. די אָרטיקע חלוצים האָבן אויסגעטריקנט די זומפּן און אויפ־געטאָן וווּנדער ביים באַפרוכפּערן דעם פאַרלאָזענעם באָדן.

וואָס מער דער ישוב איז געוואַקסן, אַלץ מער זענען גע־וואָרן די פּראָבלעמען, וואָס מען האָט געמוזט לייזן.

ברק בן־כנען, איינער פון די אָנגעזעענסטע וותיקים פון ישוב, האָט נישט גערוט אויף קיין רגע. דער אַפּאַראַט פון די ציוניסטישע אינסטיטוציעס האָט זיך אויסגעברייטערט און עס זענען אויפגעקומען נייע צענדליקער פּאָליטישע אָנשוי־אונגען. די באַציאונגען מיט די אַראַבער זענען געוואָרן אַ סך פילבאַרער נאָך די געשעענישן און די פאַרהאַנדלונגען מיט די ענגלענדער זענען געוואָרן פאַרפּלאָנטערט נאָך דעם, ווי זיי האָבן זיך פלוצים צוריקגעצויגן פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע און פון די מאַנדאַט־באַשטימונגען. אַלע האָבן געזוכט אַן עצה ביי בן־כנען. די אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונ־גען האָבן זיך וואָס אַן אמת נישט איבערגעחזרט, אָבער די אַטמאָספער איז נאָך אַלץ געווען געשפּאַנט ווי פריער. יעדער טאָג האָט געבראַכט ידיעות וועגן אַ נייעם איבערפאַל, וועגן אַ גניבה, רויב אָדער אַ שיסעריי. די העץ־רעדעס פון מופטי אין די מעטשעטן זענען געוואָרן נאָך גיפטיקער און אין דער לופטן איז געהאָנגען אַ שטענדיקע שפּאַנונג.

אַ געוויסן טאָג, דאָס איז געווען אין 1924 יאָר, נאָך אַ וואָך שווערער אַרבעט אין די ראַמען פון זיין טעטיקייט אין „וועד הלאומי" אין ירושלים, איז ברק בן־כנען צוריק־געקומען קיין תל־אביב. ווי גרויס איז געווען זיין איבעראַ־שונג און זיין שמחה, ווען ער האָט געפונען אין זיין ווינונג זיין אַלטן פריינד, קאַמאַל, דעם מוכטאַר פון נבי יושע.

— יאָרן לאַנג האָב איך געזוכט אַ וועג, ווי אַזוי צו העלפן מיין פאָלק — האָט קאַמאַל זיך אָפּגערופן בעת זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויפן באַלקאָן. — עס טוט מיר לייד, אָבער איך מוז דאָס אָפן זאָגן. עס זענען נישטאָ קיין ער־גערע אויסנוצער ווי די אַראַבישע אפענדיס. זיי זענען לגמרי נישט פאַראינטערעסירט אין פאַרבעסערן דעם מצב פון די אָרעמע פעלאַכן. יעדע פאַרבעסערונג פון מצב איז עלול צו באַדראָען זייערע אינטערעסן.

ברק האָט אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט צו די רייד פון מוכטאַר. דאָס איז געווען אַן אומגעוויינלעכע דערקלערונג אין מויל פון אַן אַראַבער.

— איך האָב געזען די יידן, וואָס האָבן זיך צוריקגע־קערט אין זייער לאַנד און וואָס פאַר אַ וואונדער זיי האָבן אויפגעטאָן — האָט ער ווייטער געזאָגט. — צווישן אונדז איז נישטאָ קיין שום געמיינזאַמעס, נישט אין דער רעליגיע, נישט אין דער שפּראַך און נישט אין אונדזער וועלט־אַנשוי־אונג. איך בין אויך נישט זיכער, צי די יידן וועלן סוף־כל־סוף נישט פאַרנעמען דאָס גאַנצע לאַנד. און דאָך... די יידן זענען די איינציקע רעטונג פאַרן אַראַבישן פאָלק. זיי זענען

די איינציקע, וואָס האָבן געבראַכט ליכט אין דאָזיקן טונ־קעלען ווינקל פון דער וועלט.

— איך ווייס, קאַמאַל, אַז דאָס קומט דיר אָן שווער צו זאָגן... — האָט ברק זיך אָפּגערופן.

— לאָמיר זיך אַראָפּריידן פון האַרצן — האָט קאַמאַל אים איבערגעשלאָגן די רייד. — ווען ס'וואָלט מעגלעך געווען מיר זאָלן לעבן בשלום איינע בעבן די אַנדערע, טראָץ די גרויסע אונטערשיידן צווישן אונדז, וואָלטן מיר אויך גע־נאָסן פון אייערע הערגרייכונגען. איך ווייס נישט צי איך בין גערעכט, ברק, אָבער קיין אַנדער אויסוועג פאַר די אַראַ־בער זע איך נישט.

— מיר האָבן אייך קיינמאָל נישט געגעבן קיין גרונט צו צווייפלען אין אונזער אויפריכטיקער שטרעבונג צו שלום — האָט ברק געזאָגט.

— דאָס איז אמת... אָבער עס זענען פאַראַן כוחות, וואָס זענען שטאַרקער פון מיר אָדער דיר. די דאָזיקע כוחות קאָנען דערפירן צו אַ קאָנפליקט צווישן אונדז, קעגן אונדזער ווילן.

ביסט גערעכט, קאַמאַל...—האָט ברק געטראַכט פאַר זיך. ער האָט אָבער נישט געוואָלט איבעררייסן דעם אַראַבער אין די רייד.

— הער אויס, ברק, איך האָב באַשלאָסן צו פאַרקויפן דעם קרן־קיימת דעם באָדן אין עמק החולה, וועלכן דו האָסט שטענדיק געוואָלט אַזוי האָבן.

ברק האָט געפילט, ווי זיין האַרץ הויבט אָן שטאַרקער צו קלאַפּן.

— איך טו אייך נישט קיין טובה — האָט קאַמאַל געזאָגט.

— איך וועל שטעלן געוויסע באַדינגונגען. איר מוזט דער־לויבן די אַראַבער פון נבי יושע זיך צו לערנען פון אייך די

נייע שיטות פון באַאַרבעטן די ערד. דאָס קאָן מען דער־
גרייכן בלויז לאַנגזאַם אין משך פון יאָרן. איך וויל, אַז אַ טייל
פון דער דאָרפישער יוגנט, זאָל זיך לערנען לייענען און
שרייבן אין אייערע שולן.

— דאָס אַלץ קאָן זיך לאָזן מאַכן — האָט ברק געענט־
פערט.

— איך האָב נאָך אַ באַדינג.

— וואָס פאַר אַ באַדינג?

— אויך דו דאַרפסט זיך דאָרט באַזעצן.

ברק איז איפגעשטאַנען פון שטול און זיך אַ גלעט געטאָן
איבער זיין לאַנגער באָרד.

— איך? פאַרוואָס דווקא איך?

— כל־זמן דו וועסט זיך דאָרטן געפינען, וועט דאָס זיין
פאַר מיר אַ גאַראַנטיע, אַז די באַדינגונגען וועלן אָפּגעהיט
ווערן, און מיר וועלן קאָנען לעבן בשלום. איך האָב באַקומען
צו דיר צוטרוי פון ערשטן טאָג אָן, ווען דו ביסט אַריינגע־
קומען קיין נבי יושע מיט דרייסיק יאָר צוריק.

— איך וועל דעם ענין דורכטראַכטן, קאַמאַל, — האָט
ברק געענטפערט.

וואָס וועסטו ענטפערן קאַמאַלן? — האָט שרה געפרעגט.

ברק האָט אַ צוק־געטאָן מיט די אַקסלען.

— וואָס זאָל איך אים זאָגן? פאַרשטייט זיך, אַז מיר קאָ־
נען זיך דאָרטן נישט באַזעצן. עס איז באמת אַ שאַנדע. זינט
יאָרן באַמי איך זיך אים איבערצוצייגן ער זאָל פאַרקויפן דעם
באָדן, און איצט, אויב איך וועל זיך דאָרטן נישט באַזעצן,
וועלן מיר קיינמאָל נישט אויסלייזן די דאָרטיקע ערד.

— באמת, אַ שאָד — האָט שרה געזאָגט און אים אָנגע־גאָסן אַ גלאָז טיי.

ברק איז אַרומגעגאַנגען אַ בערוועזער הין און צוריק אי־בערן צימער.

— נאָך אַלעמען, שרה — האָט ער געמורמלט — דאַרפֿן מיר זען די פֿאַקטן אַזוי ווי זיי זענען. איך בין בויטיק אין „וועד הלאומי" און אין דער „חברה להכשרת הישוב". דאָס איז דאָך אַ גרעסערע פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט ווי איך וואָלט געהאַט אַ קיאָסק אויף אלענבי אין תל־אביב.

— קלאָר, אַז נישט — האָט שרה צושטימענדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ. — דיין אַרבעט איז זייער אַ וויכטיקע און דער גאַנצער ישוב בויטיקט זיך אין איר.

— יאָ, — האָט ברק געזאָגט נישט אויפהערנדיק אַרומ־צושפּרייזן איבערן צימער. — מיר זענען שוין אויך נישט אַזוי יונג. איך בין שוין איבער פופציק און באַאַרבעטן די ערד אין חולה־געביט איז גענוג שווער.

— ביסט גערעכט, ברק, מיר זענען צו אַלט צו זיין חלוצים. דו האָסט שוין געגעבן דיין טייל פֿאַרן אויפבוי פֿון לאַנד.

— אויב אַזוי, וועל איך אָפּוואַרפֿן קאַמאַלס באַדינגונגען, ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול און טיף אָפּגע־זיפֿצט. עס איז אים נישט געלונגען זיך אַליין צו איבערצייגן. שרה איז געשטאַנען נעבן אים און געשמייכלט.

— דו מאַכסט חוזק פֿון מיר, מיין ווייב — האָט ער זיך אָפּגערופֿן. — פֿאַרוואָס טוסטו אַזוי?

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיינע קני. זיינע גרויסע הענט האָבן געגלעט איהר האָר.

— איך האָב געטראַכט וועגן דיר און וועגן ארי. די אַרבעט אין עמק החולה וועט זיין זייער אַ שווערע און די צרות וועלן זיין נאָך גרעסערע.

— שווייג, יידענע... טרינק טיי.

ברק האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין ארבעט אין דער „חברה להכשרת הישוב", האָט פארקויפט זיין דירה אין תל־אביב, און איז צוזאַמען מיט נאָך פינף און צוואַנציק חלוצים־משפחות אַוועקגעפאָרן אין חולה־געביט צו די זומפן, כדי דאָרטן אויפ־צושטעלן אַ נייעם מושב. זיי האָבן דאָס אָרט אַ נאָמען גע־געבן „יד־אל" — גאָטס האַנט.

זיי האָבן פאַרלייגט געצעלטן נעבן די פעלדער פון נבי יושע און האָבן באַשטימט אַ גענויעם אַרבעטס־פּלאַן. נאָך קיינמאָל האָבן חלוצים נישט גענומען אויף זיך אַזאַ שווערע אויפגאַבע. די חולה־זומפן זענען געווען זייער טיף און פון זיי האָבן אַרויסגעשטאַרטשעט דיקע, פאַרפוילטע פּאַפּירוס־שטאַמען, וואָס האָבן דערגרייכט ביז ביין מעטער די הויך. אין שלאַמיקן באָדן האָט געווימלט מיט גיפטיקע שלאַנגען, סקאָרפּיאָנען, מייז און הונדערטער אַנדערע מינים שרצים. ווילדע חזירים און וועלף האָבן זיך אַרומגעדרייט אַרום דעם אייננזאַמען לאַגער. אַלץ, אפילו טרינק־וואַסער, האָט מען געמוזט ברענגען אויף אייזלען.

שרה איז באַשטימט געוואָרן אַלס אויפזעערין איבערן לאַגער, איבערן געצעלט פון די קראַנקע און איבער דער קיך. ברק איז געשטאַנען בראש פון די אַרבעטס־גרופּן, וועלכע האָבן טאָג־איין, טאָג־אויס, געפירט אַן האַרטנעקיקן קאַמף ביים אויסטריקענען די בלאָטעס.

אין דאָזיקן ערשטן זומער האָבן זיי געאַרבעט אונטער די גליענדיקע שטראַלן פון דער זון, שטייענדיק אין וואַסער ביז אין דער העלפט, אָדער אפילו ביזן האַלדז. אויף די אָפּגעריי־ניקטע פלעצער איז מען צוגעטראָטן צום פאַרלייגן וואַסער־קאַנאַלן. די פרויען האָבן געאַרבעט האַנט ביי האַנט מיט די מענער, שטייענדיק צוזאַמען מיט זיי אין דער בלאָטע. דער צען־יאָריקער ארי בן־כנען, איינס פון די דריי קינדער, וואָס האָבן זיך געפונען אין מושב, פלעגט אָפּטראָגן די בלאָטע אין אַ זייט און פלעגט ברענגען עסן און טרינקען פאַר די אַרבע־טער. זיי האָבן געאַרבעט זיבן טעג אין דער וואָך און די אַר־בעטס־שעהן האָבן זיך געצויגן פון זון־אויפגאַנג ביז זון־אונטערגאַנג. און דאָך האָבן זיי נאָך יעדן אָוונט געפונען צייט און כוח צו זינגען לידער און צו טאַנצן אַ האָרא, איידער זיי האָבן זיך אַוועקגעלייגט שלאָפן אויף זעקס אָדער זיבן שעה. דערצו איז נאָך צוגעקומען די שמירה קעגן רויבער אָדער ווילדע חיות.

די חלוצים האָבן זיך געמוזט צואיילן ביים אויסגראָבן די קאַנאַלן, איידער עס וועלן אָנהויבן פאַלן די רעגנס.

ווען דאָס רעגן־וואַסער וואָלט נישט אָפּגעצויגן געוואָרן, וואָלט די אַרבעט פון גאַנצן זומער געווען אַרויסגעוואָרפן. אויך דאָ זענען פאַרפלאַנצט געוואָרן הונדערטער אויסטראַ־לישע עוקאַליפּטוס־ביימער, וועלכע האָבן איינגעזויגן דאָס וואַסער. יעדער קיבוץ און יעדער מושב אין ראיאָן האָט טאָג־טעגלעך אַרויסגעשיקט אַהין אַ צאָל אַרבעטער, כדי צו העלפן די חלוצים אין חולה־געביט.

ביינאַכט, אין שיין פון אַ קליין ליכטל, האָבן שרה און ברק געלערנט ארין און די צוויי אַנדערע קינדער לייענען און שרייבן. די ווינטער־רעגנס האָבן פאַרגאָסן דעם הויפּט־לאַ־

גער און אים פֿאַרוואַנדלט אין אַ גרויסן זומפּ. נאָך יעדן שלאָקס־רעגן האָבן די אַרבעטער געמוזט לויפֿן צו די קאַנאַלן, כדי אַכטונג צו געבן, אַז די שלאַמיקע בלאָטע זאָל נישט פֿאַרהאַלטן דעם וואַסער־שטראָם.

אפֿילו אַ מענטש פֿון אַזאַ כוח און ענערגיע, ווי עס איז געווען ברק בן־כנען, האָט אָנגעהויבן צו צווייפֿלען, צי זיי האָבן נישט אַמאָל גענומען אויף זיך אַן אַרבעט, וואָס איז איבער זייערע כוחות. יעדעס מאָל ווען ער האָט אָנגעקוקט זיין קינד ארי און זיין פֿרוי שרה, האָט אים געבלוטיקט דאָס האַרץ. זיי זענען ביידע שטענדיק געווען צעשטאָכן פֿון קאָמאַרן, אָדער געליטן פֿון דעזינטעריע, הונגער און דורשט.

אָבער ערגער פֿון אַלץ איז געווען די מאַלאַריע. אין משך פֿון דאָזיקן ערשטן זומער און ווינטער איז שרה פֿינף מאָל קראַנק געוואָרן אויף מאַלאַריע און ארי — פֿיר מאָל. די אָפֿטע פֿאַרקילונגען האָבן אונטערגעגראָבן זייער געזונט און זיי זענען שיעור נישט אַוועק פֿון דער וועלט. ארי, פּונקט ווי זיין מוטער, האָט געליטן שטילערהייט.

נישט אַלע משפּחות האָבן אויסגעהאַלטן דעם קאַמף מיט די זומפּן. אַ העלפֿט פֿון דער ערשטער גרופּע איז אַוועקגעפֿאָרן צוריק אין שטאָט, כדי דאָרטן צו געפֿינען אַ לייכטערע אַרבעט. גאָר שנעל האָט יד־אל באַקומען אַן אייגענעם בית־עלמין. צוויי מיטגלידער פֿון מושב זענען געשטאָרבן פֿון מאַלאַריע.

יד־אל — גאָטס האַנט! אַז ספֿק איז דאָס געווען גאָטס האַנט, וואָס האָט זיי געפֿירט אַהין, אָבער אָן ספֿק איז אויך דער פֿאַקט, אַז מענטשלעכע הענט האָבן אויסגעטריקנט די זומפּן. אין משך פֿון דריי יאָר שווערער אַרבעט זענען די בלאָטעס צוריקגעשטויסן געוואָרן!

ענדלעך איז אויסגעטריקנט געוואָרן געגנט באָדן, כדי צו פאַרלייגן פינף און צוואַנציק ווירטשאַפטן, צו צוויי הונדערט דונאַם באָדן יעדערע. די מתיישבים האָבן פשוט קיין צייט ניט געהאַט, כדי זיך גענוג אָנצופרייען מיט דער שיינער לאַנדשאַפט, וואָס זיי האָבן געשאַפן מיט די אייגענע הענט. מען האָט תיכף געדאַרפט צוטרעטן צום פאַרזייען תבואה און צום בוי פון הייזער פאַר די איינוווינער.

ארי בן־כנען האָט זיך אַרויסגעדרייט פון אַלע קרענק און איז אויסגעוואַקסן געזונט ווי אַ פעלז. צו פערצן יאָר האָט ער געאַרבעט פונקט אַזוי ווי אַ דערוואַקסענער מאַן.

ווען זיי האָבן זיך אַריינגעצויגן אין זייער ניי הייזל, ווען די פעלדער זענען אויפגעאַקערט און פאַרזייט געוואָרן, האָט אים געזאָגט, אַז זי איז ווידער שוואַנגער. און צום סוף פון ברק בן־כנען באַקומען דעם לוין פאַר די יאָרן מי. שרה האָט פערטן יאָר נאָך זייער אָנקום אין יד־אל האָט אין דער משפחה פון בן־כנען פאַסירט צוויי וויכטיקע געשעענישן. שרה האָט געבוירן אַ טאָכטער מיט צונטער רויטע האָר, און אויף די פעלדער פון מושב איז מען צוגעטראָטן אַראָפּצונעמען דעם ערשטן שניט.

ערשט איצט האָבן די איבערמידעטע חלוצים ענדלעך געפונען אַ מעגלעכקייט זיך אָפּצורוען פון דער אַרבעט, כדי צו פייערן אַ יום־טוב. ווי גרויס איז געווען זייער שמחה! די מענטשן פון די קיבוצים און מושבים פון דער גאַנצער סביבה, וועלכע האָבן זייער צייט זיי אַרויסגעהאָלפן אין דער אַרבעט, זענען געקומען אָנטיילנעמען אין דער שמחה. אויך אַראַבער פון נבי יושע זענען געקומען. אַ גאַנצע וואָך האָט מען זיך געפרייט און די „האָרא״־טענץ פלעגן זיך פאַרענדיקן ערשט מיטן פרימאָרגן, ווען אַלע פלעגן שוין פאַלן מידע פון זייערע

פיס. דער גרעסטער טייל פון די געסט איז אויך געקומען אָנ־קוקן די טאָכטער פון ברק און שרה, וועמענס נאָמען איז געווען ירדנה, נאָכן טייך ירדן, וואָס איז געפלאָסן נעבן יד־אל.

ווען די פייערונגען זענען געווען אין פולן ברען, האָט ברק גענומען זיין זון ארי, אָנגעזאָטלט צוויי פערד און ביידע זענען אַוועקגעריטן קיין תל־חי, נעבן אָרט, ווו ברק איז אַרי־בער די לבנונישע גרענעץ קיין ארץ־ישראל מיט פערציק יאָר צוריק. תל־חי, דאָס אָרט ווו עס איז געפאַלן און עס ליגט יוסף טרומפעלדאָר, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אָרט, ווו עס פלעגן עולה־זיין די איינוווינער פון ישוב. ברק האָט אַרונ־טערגעקוקט פון בערגל אויף יד־אל, פונקט אַזוי ווי ער האָט אַ נדר געטאָן מיט יאָרן צוריק.

— אויפן דאָזיקן בערגל בין איך געשטאַנען מיט דיין מוטער איידער מיר האָבן חתונה־געהאַט — האָט ברק זיך אָפּגערופן צו זיין זון ארי. ער האָט אַרויפגעלייגט זיין אָרעם אויפן זונס אַקסל און אָנגעוויזן מיט דער האַנט:

— מיט דער צייט וועלן אין דעם עמק אויפשטיין צענדלי־קער ישובים און די פעלדער וועלן דאָ גרינען דאָס גאַנצע יאָר.

— זע, פאָטער, זע — האָט ארי אַרויסגעפליסטערט — ווי שיין יד־אל זעט אויס פון דאַנען.

די שפּריצערס פון די באַוואַסערונגס־רערן האָבן זיך שנעל געדרייט איבער בייטן מיט רויזן און אַנדערע בלומען, גראָז־לאָנקעס און בוימער. פון דער ווייטנס האָט זיך געזען דער בנין פון דער שולע, וואָס איז געשטאַנען אין בוי און דער צריף אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען איבער אַ טוץ גרויסע אַקער־מאַשינען.

דאָס אָרט איז אויך געווען איינגעהילט אין אַ געוויסן

מבויער, ווייל דער בית־עלמין אין יד־אל האָט שוין צוגענו־
מען פינף איינוווינער פון מושב.

די אַנטשטייאונג פון יד־אל האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף די אַראַבער פון נבי יושע. ברק האָט דערפילט אַלץ וואָס ער האָט צוגעזאָגט דעם מוכטאַר קאמאל. ער האָט אויפגעשטעלט קורסן פאַר די אַראַבער, כדי זיי זאָלן זיך אויסלערנען ווי אַזוי זיך צו האַלטן היגיעניש, ווי זיך צו באַגיין מיט לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען און ער האָט זיי געלערנט די נייע מעטאָדן פון באַאַרבעטן די ערד. די שולע פון יד־אל איז געווען אָפן פאַר יעדן אַראַבישן קינד פון נבי יושע, וואָס האָט זיך געוואָלט לערנען. דער דאָקטאָר און די קראַנקן־שוועסטער פון מושב זענען צו יעדער צייט גרייט געווען צו קומען היילן די קראַנקע אַראַבער.

קאמאלס ליבלינגס־זון, אַ יונג ייִנגל מיטן נאָמען טאהא, איז געווען מיט עטלעכע יאָר ייִנגער פון ארין. פון קינד־ווייז־אויף האָט אים קאמאל דערציִגן אַזוי, אַז ער זאָל אַמאָל קאָנען איבערנעמען זיין אַמט און זאָל אויך זיך פאַרנעמען מיט פאַרבעסערן די לעבנס־באַדינגונגען פון די פעלאַכן. אַלס קומענדיקער מוכטאַר פון נבי יושע האָט טאהא פאַרבראַכט מער צייט אין יד־אל, ווי אין זיין אייגענעם דאָרף. ער איז געווען ווי אַ בן־בית ביי דער משפחה בן־כנען. טאהא און ארי זענען געוואָרן די בעסטע פריינט.

אין דער צייט, וואָס די איינוווינער פון יד־אל און נבי יושע האָבן געלעבט צווישן זיך בשלום, באַווייזנדיק, אַז טראָץ די קולטורעלע אונטערשיידן קאָנען זיי לעבן אין גוטער שכנותשאַפט, האָבן אַ סך אַנדערע עפענדי־פאַמיליעס אַנגע־

הויבן ביסלעכווייז מורא צו האָבן ווען זיי האָבן דערזען מיט וואָס פאַר אַ שוווּנג די יידן פון דער דריטער עליה, זענען צוגעטראָטן צו דער ארבעט און וואָס זיי האָבן געשאַפן. דער דאָזיקער ביישפיל האָט, לויט די עפענדיס, געקאָנט האָבן אַ שלעכטע אויסווירקונג אויף זייערע אייגענע פעלאַכן, וועלכע וואָלטן אויך געקאָנט אָנהויבן צו פאָדערן שולן, היגיענישע איינריכטונגען און מעדיצינישע באַדינונג.

די עפענדיס האָבן אויך מורא־געהאַט, אַז די פעלאַכן זאָל נישט איינפאַלן אַמאָל צו פאָדערן, אַזוי ווי ביי די יידן, אַ דעמאָקראַטישע זעלבסט־פאַרוואַלטונג, בעת וועלכער נישט נאָר די מענער, נאָר אויך די פרויען האָבן שטים־רעכט. דאָס וואָלט געווען אַ טויט־קלאַפ פארן פעאָדאלן רעזשים פון די עפענדיס.

כדי דאָס צו פאַרמיידן האָבן די עפענדיס אָנגעהויבן אַן אַגיטאַציע צווישן די פינצטערע מאַסן פון די אַראַבער, אויפרייצנדיק אין זיי דעם רעליגיעזן פאַנאַטיזם. די עפענדיס האָבן אונטערגעהעצט די פעלאַכן קעגן די יידישע „אַריינדרינגלער”, וועלכע ווילן ביי זיי צונעמען די ערד. אין דער אמתן האָבן די עפענדיס אַליין פאַרקויפט באָדן צו די יידן פאַר גרויסע געלט־סומען.

צוליב דעם, וואָס אין משך פון יאָרן איז נישט פאָרגעקומען קיין שום ערנסטער קאָנפליקט צווישן די יידן און אַראַבער האָט דער מופטי אַמין אַל־כוסייני צוריק אָנגעהויבן אַ ביזע העץ־טעטיקייט. דאָס איז געווען אין יאָר 1929. דאָסמאָל האָט ער קאַלטבלוטיק אינסצעניזירט אַן אינצידענט, כדי אויפצוהעצן די אַראַבער ביז משוגעת. דאָס אָרט אין ירושלים, אויף וועלכן עס שטייט דער מעטשעט פון אָמאר, ווערט פאַרהייליקט דורך אַלע אַראַבער אויף דער וועלט. פון דאָזיקן אָרט, גלויבן זיי, איז זייער נביא מוכאַמעד אַרויפגעפלויגן אין

הימל. נישט ווייט פון דאָזיקן אָרט שטייט דער כותל־המערבי.
און דאָ איז געקומען דער מופטי און האָט פאַרשפּרייט גע־
פעלשטע פאָטאָגראַפיעס פון וועלכע עס איז געווען צו זען ווי
יידן שטייען ביים כותל־המערבי און גרייטן זיך צו שענדן דעם
הייליקן מעטשעט פון אמאר. אין זייער ווילדן רעליגיעזן פאַ־
נאַטיזם האָבן די פעלאַכן אויפסניי אָנגעהויבן אָנצופאַלן אויף
יידן, מיט דער הילף פון אל־כוסייניס באַנדעס און אַנדערע
עפּענדיס. אויך דאָס מאָל זענען זיי באַפאַלן די אַלטע שוצלאָזע
יידן, וואָס האָבן געלעבט אין די הייליקע שטעט. די שחיטה
איז געווען נאָך גרעסער ווי בעתן פאָגראָם, וועלכער איז אָרגאַ־
ניזירט געוואָרן דורכן מופטי מיט צען יאָר צוריק. די אָנפאַלן
האָבן זיך אויסגעברייטערט אויך אויף אייניקע ישובים, וואָס
זענען געווען אָפּגעשניטן און עס זענען אויך פאָרגעקומען אָנ־
פאַלן אויף די וועגן. די צאָל קרבנות, אין געהרגעטע און פאַר־
וואונדעטע פון ביידע צדדים, איז דערגאַנגען צו הונדערטער.
און ווידער האָבן די ענגלענדער אַרויסגעוויזן הילפלאָזיקייט
ביים ליקווידירן די עקסצעסן. זיי האָבן געשיקט אַן אויספאָר־
שונגס־קאָמיסיע, וועלכע האָט פעסטגעשטעלט די שולד פון
די אַראַבער, אָבער גלייכצייטיק דערמיט האָבן זיי פאָרגע־
לייגט, איגנאָרירנדיק לחלוטין די באַלפור־דעקלאַראַציע, אָפּ־
צושטעלן דעם קויף פון באָדן און נאָכמער באַגרענעצן די
יידישע עליה, כדי צו „באַרואיקן די אַראַבער”.

## קאַפּיטל 14.

אין יאָר 1929, ווען עס זענען אויסגעבראָכן די אַראַבישע אָנפאַלן, האָבן די מתיישבים פון יד־אל געשלאָסן אַ הסכם מיטן מיל־אייגנטימער פון אַראַבישן דאָרף אטה, וואָס האָט זיך געפונען 10 קילאָמעטער ווייט פון מושב. ברק האָט אַרויפגעלייגט אויף זיין זון ארי די אויפגאַבע אָפּצופירן דעם קאָרן צו דער מיל אין אטה. שרה איז געווען קעגן דעם, אַז אַ 14־יאָריק ייִנגל זאָל אין אַזאַ אומרואיקער צייט אַליין אַרויספאָרן אין וועג. אָבער ברק האָט זיך איינגעעקשנט און געזאָגט:

— נישט ארי און נישט ירדנה וועלן לעבן אין פּחד, ווי די ייִדן אין געטאָ.

דער יונגער ארי איז געווען שטאָלץ, וואָס זיין פאָטער האָט געהאַט צו אים אַזאַ צוטרוי. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ וועגעלע, אין וועלכן עס איז געווען איינגעשפּאַנט אַן אייזל און איז אָפּגעפאָרן. דאָס וועגעלע איז געווען אָנגעלאָדן מיט איבער אַ טוץ זעק פול מיט קאָרן.

אין זעלבן מאָמענט, ווען ארי איז אַריינגעפאָרן אין דאָרף איז ער באַמערקט געוואָרן דורך אַ צענדליק אַראַבישע

ייגגלעך, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט נעבן קאַפע־הויז. זיי האָבן אָפּגעוואַרט ביז ער האָט זיך אַריינגעדרייט אין ווינקל פון וועג, וואָס האָט געפירט צו דער מיל, און זיי האָבן זיך אָנגעהויבן נאָכצושלייכן נאָכן וואָגן.

ארי, וועלכער האָט זיך שטאַרק איבערגענומען מיט דער וויכטיקייט פון דער אַרבעט, וואָס איז אים צוגעטיילט געוואָרן, האָט געטראַכט נאָר וועגן איין זאַך: וואָס שנעלער אויסצומאָלן דעם קאָרן און קומען אַהיים מיטן מעל. ער האָט גערעדט מיטן מילנער אין אַ גוטן אַראַביש, וועלכן ער האָט זיך אויסגעלערנט פון זיין פריינט טאהא. דער קאָרן איז אויסגעמאָלט געוואָרן און ארי האָט דערנאָך גוט אויפגעפּאַסט, אַז די זעק זאָלן נישט אָנגעפילט ווערן מיט מעל פון אַראַבישן ווייץ, וואָס איז פון אַ סך אַן ערגערער קוואַליטעט. דער מילנער, וועלכער האָט געהאַט בדעה צוצוגנבענען מינדעסטנס איין זאַק מעל, איז געווען דערשטויבט פון אריס וואַכזאַמקייט. ענדלעך האָט ארי אַרויפגעלאָדן די זעק אויפן וועגעלע און איז צוריק אָפּגעפאָרן קיין יד־אל.

די אַראַבישע יונגען, וועלכע האָבן געלויערט אויף ארין, האָבן זיך אָפּגערעדט מיטן מילנער צוצוגנבענען ביי ארין אַלע זעק מעל און פאַרקויפן צוריק דעם מילנער. זיי זענען אַרויסגעלאָפן פון דאָרף דורך אַ זייטיק געסל, האָבן אַוועקגעשטעלט אַ פאַרצוימונג אויפן וועג און אַליין האָבן זיי זיך פאַרשטעקט הינטער אַ בערגל.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז ארי אָנגעקומען צום אָרט און איז אַריינגעפאַלן אין אַ פאַסטקע. די ייגגלעך זענען אַרויסגעשפּרונגען און אָנגעהויבן צו וואַרפן אויף אים שטיינער. ארי האָט אַ שמיץ געטאָן דעם אייזל, אָבער עטלעכע מעטער ווייַ־

טער איז ער צוגעפאָרן צו דער פאַרצוימונג און נישט געקאָנט אַנטלויפן. איין שטיין האָט אים געטראָפן אין פּנים און ער איז אַ באַוווסטלאָזער אַראָפּגעפאַלן פון וועגעלע. פיר אַנ־פאַלער האָבן זיך אויף אים אַ וואָרף־געטאָן און געכאַפּט פאַר די הענט און די פיס. די איבעריקע האָבן אַראָפּגעשלעפּט די זעק פון וועגעלע און מיט זיי אַוועק.

ארי איז צוריקגעקומען קיין יד־אל שפעט אין אָוונט. שרה, וועלכע האָט אויפגעמאַכט די טיר, האָט גלייך דערזען, אַז זיין פּנים איז אויסגעשמירט מיט בלוט און בלאָטע, און אַז זיינע קליידער זענען צעריסן. ביי דעם דאָזיקן אָנבליק האָט זי פאַר שרעק הויך אויסגעשריען. ארי איז געשטאַנען אַ געוויסע צייט נעבן איר און זיך נישט אָפּגערופן מיט קיין וואָרט. דאַן האָט ער פאַרביסן די ציינער, איז פאַרבייגעלאָפן דער מוטער און זיך פאַרשלאָסן אין צימער. טראָץ דעם, וואָס די מוטער האָט אים געבעטן ער זאָל אויפמאַכן די טיר, איז ער אַרויס פון צי־מער ערשט דאַן, ווען דער פאָטער איז צוריקגעקומען אַהיים פון אַ פאַרזאַמלונג אין מושב.

מיט געשוואָלענע ליפּן איז ער געשטאַנען פאַר זיין פאָ־טער.

— איך האָב דיר אַנטוישט, פאָטער, — האָט ארי שטיל געזאָגט. — איך האָב דאָס מעל נישט צוריקגעבראַכט.

— ניין, מיין זון — האָט ברק זיך אָפּגערופן. — דאָס בין איך הער יעניקער, וואָס האָט אַנטוישט.

שרה איז צוגעלאָפן צו ארי און אים אַרומגענומען.

— זאָלסט מער דאָס יינגל נישט שיקן אַליין.

זי האָט ארין אַרויסגעפירט אין צווייטן צימער, כדי אָפּ־

צוואַשן דאָס בלוט פון זיין פּנים. ברק האָט זיך נישט אָפּגע־
רופן מיט קיין איין וואָרט.

צומאָרגנס נאָכן פרישטיק, איידער ברק איז אַרויסגעפאָרן
אין פעלד, האָט ער גענומען אַרין פאַר אַ האַנט און אים
אַריינגעפירט אין שייער.

— איך האָב פאַרנאַכלעסיקט אַ געוויסע זאַך אין דיין
דערציאונג — האָט ברק געזאָגט צו זיין זון, אַראָפּנעמענדיק
זיין אַלטן בייטש, וואָס איז געהאָנגען אויף אַן אייזער־
נעם האַקן.

ברק האָט מיט די אייגענע הענט געמאַכט אַ גולם פון שטרוי
און אים צוגעהאַקט מיט אַ נאָגל צו דער וואַנט. ער האָט
געוויזן אַרין ווי אַזוי מען דאַרף אויסמעסטן אַ מרחק, ווי אַזוי
מען צילט און ווי אַזוי מען שמייסט מיט דער בייטש. ביים
גערויש פון ערשטן קלאַפּ, איז שרה, האַלטנדיק ירדנהן אויף
די הענט, אַריינגעלאָפן אין שייער.

— ביסט משוגע געוואָרן? — האָט זי אויסגערופן. — אַזאַ
יונג קינד לערנסטו זיך אומצוגיין מיט אַ בייטש?

— שווייג, יידענע! — —האָט ברק אַ געשריי געטאָן אויף
איר מיט אַ טאָן, וואָס זי האָט נאָך ביז איצט פון אים נישט
געהערט. — ברק בן־כנענס זון איז אַ פרייער מענטש. ער
וועט קיינמאָל נישט זיין קיין ייד פון געטאָ. און איצט... טראָג
זיך אָפּ פון דאַנען... מיר זענען פאַרנומען.

אין משך פון עטלעכע טעג האָט אַרי פון פרי ביז שפּעט
אין דער נאַכט זיך געאיבט מיטן טאַטנס בייטש. ער האָט צע־
ריסן דעם שטרויענעם גולם אויף שטיקער. ער האָט געצילט
מיט שטיינער אין קאָנסערוון־פּושקעס און ליידיקע פלעשער,
ביז ער האָט זיך אויסגעאיבט צו טרעפן אין ציל. ער האָט

אַזוי לאַנג געפּאַכעט דעם בייטש, ביז ער האָט שוין נישט געקאָנט הויבן די הענט.

צוויי וואָכן שפּעטער האָט ברק בן־כנען ווידער אַמאָל אויפגעלאָדן אַ טוץ זעק מיט קאָרן אויפן וועגעלע. ער האָט אַרויפגעלייגט זיין אָרעם אויף אריס אַקסל, איז צוגעגאַנגען מיט אים צום וועגעלע און אים איבערגעגעבן דעם בייטש.

— פאָר מיטן קאָרן קיין אטה צום מילנער.

— יאָ פאָטער, — האָט ארי רואיק זיך אָפּגערופן.

— און געדענק דערביי איין זאַך, מיין זון. דאָס וואָס דו האַלסט אין האַנט, איז אַ געווער, וואָס דאַרף דיר בּוצן בלויז צו פאַרטיידיקונג. זאָלסט עס נישט אָנווענדן קיין מאָל צוליב כּעס אָדער נקמה.

---

ארי איז לייכט אַרויפגעשפּרונגען אויפן וועגעלע און איז אַרויסגעפאָרן פון יד־אל. שרה איז אַרומגעגאַנגען אין שלאָף־צימער און שטיל געוויינט. ברק האָט געטאָן אַ זאַך, וואָס ער האָט שוין לאַנגע יאָרן נישט געטאָן. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל און געלייענט דעם תנ״ך.

די אַראַבּישע ייִנגלעך, וואָס האָבן געלויערט אויף ארין, זעענדיק אַ צווייטן מאָל אים באַפאַלן היבּטערן דאָרף, ווען ער האָט זיך געפונען צוריקוועגס קיין יד־אל. אָבער דאָס מאָל האָט ארי געהאַלטן די אויגן אָפן און האָט זיך געהיט. ער האָט געדענקט, וואָס הער פאָטער האָט אים געזאָגט און ער איז געבליבן פולשטענדיק רואיק. ווען די ערשטע שטיינער האָבן אָנגעהויבן צו פאַלן אויף אים, איז ער מיט איין שפּרונג אַראָפּ פון וועגעלע און באַמערקנדיק דעם אָנפירער פון דער באַנדע האָט ער בליץ־שנעל אַ שוואונג־געטאָן מיט דער בייטש אין

דער לופטן. עס האָט זיך דערהערט אַ לייכטער פּייף און דער ריח פון בייטש האָט זיך אַרומגעוויקלט אַרום האַלדז פון אַראַבער. ארי האָט דאַן אַ ציִ געטאָן די בייטש און מאָמענטאַל האָט זיך דאָס ייִנגל אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג אויפן זאמד. ארי האָט בליץ־שנעל אויפגעהויבן דעם בייטש און מיטן גאַנצן כוח אַראָפּגעלאָזן אַ שמיץ אויפן ליגנדיקן אַראַבישן ייִנגל. דאָס אַלץ האָט געדויערט נישט מער ווי אַ פּאָר סע־קונדעס.

ברק בן־כנען איז בלייך געוואָרן, ווען די זון האָט שוין אָנגעהויבן צו פאַרגיין און ארי איז נאָך אַלץ נישט געווען צו־ריק. אַ דערנערווירטער איז ער געשטאַנען אויפן וועג און גע־קוקט ציִ זיין זון קומט נישט אָן. ענדלעך האָט ער דערזען דאָס וועגעלע און זיין געזיכט האָט אָנגעהויבן צו שטראַלן פאַר פרייד. ארי האָט זיך פאַרהאַלטן נעבן פאָטער.

— נו, ארי, ווי איז דיר געגאַנגען?

— אַלץ איז געווען בסדר.

— איך וועל שוין אַליין אַראָפּלאָדן די זעק. דו גיי בעסער אַריין צו דער מאַמען. דאַכט זיך מיר, אַז זי זאָרגט זיך וועגן דיר.

ארי בן־כנען האָט געירשנט פון זיין פאָטער נישט נאָר דעם שטאַרקן קערפּער, נאָר אויך זיין גאַנצן וועזן. פּונקט אַזוי ווי דער פאָטער, אַזוי איז אויך ארי געווען א שטילער, אָבער עקשנותדיקער מענטש. אויך ארי האָט געהאַלטן פאַר זייער וויכטיק זיך צו באַקענען פון דער נאָענט מיטן לעבן פון די אַראַבישע שכנים. טאהא איז געבליבן איינער פון זיינע

נאָענטסטע פריינט און צו די איבעריקע אַראַבער האָט ער זיך באצויגן מיט סימפּאַטיע און פאַרשטענדעניש.

ארי האָט זיך פאַרליבט אין אַ מיידל מיטן נאָמען דפנה. אירע עלטערן האָבן געהאַט אַ ווירטשאַפט נישט ווייט פון יד־אל. קיינער האָט נישט געוווּסט ווען און ווי אַזוי די דאָ־זיקעביידע יונגע מענטשן האָבן זיך באַקענט, אָבער אַלע זענען געווען איבערצייגט, אז אַ געוויסן טאָג וועלן זיי חתונה־האָבן, ווייל זיי האָבן זיך זייער שטאַרק ליב געהאַט.

די רויט־האָריקע ירדנה איז דאַקעגן געווען אַ ווילד און ווידערשפּעניק מיידל. אויף אַ געוויסן אופן האָט זי סימבאָליזירט מיט זיך דעם ביזעם טיפּ קינדער, וואָס זענען געבוירן געוואָרן ביי די בייע מתיישבים אין ארץ־ישראל. די עלטערן פון די דאָזיקע קינדער, וואָס האָבן געלעבט אין די געטאָס און זענען אויסגעשטאַנען פאַרשייהענע פאַרפאָלגונגען האָבן באַשלאָסן אויסצוראָטן דעם פחד אין די הערצער פון זייערע קינדער. זיי האָבן אַלץ געטאָן, אַז די קינדער זאָלן זיך פילן פריי און פאַר קיינעם קיין מורא נישט האָבן.

ווען ארי איז אלט געוואָרן פופצן יאָר איז ער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער „הגנה”. דפנה, האָט אַלס דרייצן־יאָריק מיידל שוין געוווּסט ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיט פאַרשיידענע מינים געווער. דער דאָזיקער יונגער דור, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם טיפּ פון אַ בייעם ייד, איז אויך געווען אַ דור, וואָס האָט געהאַט צו דערפילן אַ גרעסערע שליחות ווי די, וואָס עס האָבן געהאַט אויסצופילן די יידן פון דער „צווייטער” און „דריטער” עליה.

ביז צום יאָר 1930 האָבן די אומרוען אויפגעהערט. די „הגנה” האָט אינצווישנצייט זיך אויסגעברייטערט און זיך

פאַרשטאַרקט אויף אַזוי פיל, אַז זי האָט שוין געקאָנט צונישט מאַכן די העץ־אַקציעס פון מופטי. די „הגנה" איז אָבער נישט געווען אין דער לאַגע אויסצוואָרצלען דעם שורש פון די דאָזיקע אומרוען. דאָס האָבן געקאָנט טאָן נאָר די ענגלענדער. די ענגלענדער האָבן ווידער אַמאָל באַשטימט אַן אויספאָר־שונגס־קאָמיסיע און אויך די דאָזיקע קאָמיסיע האָט נישט גע־פונען קיין שום שולד מצד די אַראַבער.

די ענגלישע אומאַנטשלאָסנקייט האָט דערפירט דערצו, אַז דער מופטי איז געוואָרן נאָך חוצפהדיקער. קורץ נאָך דעם, ווי די אומרוען האָבן זיך פאַרענדיקט האָט חאַדזש אמין אל־כוסייני צונויפגערופן אין ירושלים אַ קאָנפערענץ פון אַלע מוסולמענישע מנהיגים. די דאָזיקע מענטשן זענען געקומען פון אַלע עקן וועלט. ער האָט קאָנסטיטואירט אַ פּאַן־אַראַבישע פעדעראַציע, בראש פון וועלכער ער האָט זיך אַליין אַוועק־געשטעלט, און ער האָט פּראָקלאַמירט אַ מלחמה, כדי „אָפּ־צוראַטעווען דעם איסלאַם פון דער געפאַר, וואָס אים דראָט מצד די ענגלענדער און די יידן".

די העץ־קאָמפּאַניע פון מופטי האָט דערפירט צו דעם, אַז עס זענען פאַרגעסן געוואָרן די ערשטע פריינטשאַפטס־באַציאונגען צווישן די יידן און די אַראַבער. עס איז אויך פאַרגעסן געוואָרן דער פאַקט, אַז די יידן זענען דאָס געווען די יעניקע, וואָס האָבן אויפגעהויבן דעם לעבנס־ניוואָ פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג, און אַז ישראל איז אין משך פון טויזנט יאָר געשטאַנען אַ פאַרוויסטע און פאַרלאָזטע, ביז עס זענען געקומען די יידן און אויפגעבויט צוריק דאָס לאַנד. די פאַרניכטונג פון יידישן היימלאַנד איז געוואָרן דער ציל פון דער „הייליקער מלחמה" פאַר דער גאַנצער אַראַבישער וועלט.

די אַראַבער האָבן אויך אָנגעהויבן אַ העץ־קאַמפּאַניע קעגן די ענגלענדער. דער מופטי און זיינע פריינט האָבן גע־טענהט, אַז די ענגלענדער האָבן אָפּגענאַרט די אַראַבער, צו־זאָגנדיק זיי אומאָפּהענגיקייט. אַנשטאָט דעם — האָבן גע־טענהט די אַראַבישע מנהיגים—שטיצן אונטער די ענגלענדער די יידן אין זייער קאַמף קעגן די אַראַבער. די ענגלישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן זיך פּאַסיוו צוגעקוקט און צוגעהערט צו דער אַראַבישער העץ־קאַמפּאַניע.

אין יאָר 1933 איז אויף די יידן געקומען אַ נייער אומ־גליק. אַדאָלף היטלער און די נאַציס זענען געקומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד. ווידער איז קלאָר געוואָרן, אַז יידן דאַרפן האָבן אַ נאַציאָנאַלע היים אין ארץ־ישראל. עס איז געשען אַזוי ווי הערצל האָט פאָרגעזען און יעדער ייד האָט עס איצט פאַרשטאַנען: דער אַנטיסעמיטיזם איז עלול אויפצופלאַ־קערן אין יעדן אָרט אין דער וועלט און אין יעדער שעה.

די דייטשע יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון היטלערן, זענען געווען אַנדערש ווי די יידן פון די מזרח־אייראָפּעאישע גע־טאָס. זיי זענען נישט געווען קיין אָנהענגער פון ציוניזם, נאָר האָבן זיך שטאַרק אַסימילירט אין דער דייטשער געזעלשאַפט. זיי זענען נישט געווען קיין סוחרים, נאָר דער עיקר דאָקטוי־רים, אדוואָקאַטן, וויסנשאַפטלער און קינסטלער.

אין יאָר 1933 האָבן די אַראַבישע מנהיגים גערופן אַ גע־נעראַל־שטרייק אַלס פּראָטעסט קעגן דער נייער כוואַליע פון דער יידישער עליה. עס איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרווו אַרויס־צורופן נייע אומרוען, אָבער די דאָזיקע אַלע באַמיאונגען האָבן זיך נישט איינגעגעבן. דאָס רוב אַראַבער, וואָס האָבן

געהאַנדלט מיט די יידן, האָבן וויי־טער מיט זיי געהאַנדלט, ווייל צוליב ווירטשאַפטלעכע סיבות זענען די אַראַבער און די יידן געווען אָפּהענגיק איינער פון דעם אַנדערן. אַ סך ישו־בים, ווי יד־אל און נבי יושע האָבן געלעבט צווישן זיך בשלום. חוץ דעם איז די „הגנה" געשטאַנען אויף דער וואַך, כדי צו פאַרמיידן אַן איבערחזרונג פון די מהומות פון 1929 יאָר.

די ענגלענדער האָבן רעאַגירט אויפן גענעראַל־שטרייק מיט דער זעלבער צוריקגעהאַלטנקייט ווי ביז איצט און זיי האָבן ווידער באַשטימט אַן אויספאָרשונגס־קאָמיסיע. כדי נישט אויפצורייצן די אַראַבער האָבן די ענגלענדער דאָס מאָל באַדייטנד באַגרענעצט די יידישע עליה און די דערוואַרבונג פון נייעם באָדן. דווקא אין דער צייט, ווען די יידן האָבן זיך צום שטאַרקסטן געגויטיקט אין עליה און באָדן, האָבן די ענגלענדער זיך אַרויסגעדרייט פון זייערע הבטחות.

דער כוח פון חאַדזש אמין אל־כוסייני האָט זיך געשטאַרקט מיט יעדן טאָג. ער האָט געפונען אין דער פערזאָן פון אַדאָלף היטלער אַ שטאַרקן פאַרבינדעטן. די דייטשן גופא, וועלכע האָבן אויך געוואָרפן זייערע בליקן צום מיטעלן מזרח, האָבן געפונען אין מופטי אַ טרייען אָנהענגער, וועלכער האָט זיי געדאַרפט העלפן אַריינדרינגען אין דעם דאָזיקן ראַיאָן. דער דייטשער פּראָפּאַגאַנדע־אַפּאַראַט האָט נישט געדאַרפט קיין בעסערע העץ־טעמע ווי די, אַז די יידן אין ארץ־ישראל באַ־רויבן די אַראַבער פון זייער ערד, פּונקט אַזוי ווי די יידן אין דייטשלאַנד האָבן זיך באַמיט צוצונעמען פון די דייטשן די ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס. אַנטיסעמיטיזם אָדער שנאה צום ענגלישן אימפּעריאַליזם — האָבן אָנגענומען גע־קלונגען פאַרן אויער פון ירושלימער גרויס־מופטי. די דייטשן

האָבן געפונען אַראַבער, וואָס האָבן זיי געקאָנט בייהילפיק זיין, און אויך דער מופטי האָט מיט דער הילף פון די נאַציס געהאַט בדעה צו באַהערשן די גאַנצע אַראַבישע וועלט.

זינט דאַן האָבן קיין קאַיר און דמשק געשטראָמט גרויסע דייטשע געלט־סומען. די דייטשן זענען אייערע פריינט! די אַראַבישע לענדער — פאַר די אַראַבער! טרייבט אַרויס די ענגלענדער און זייערע יידישע משרתים! — אַזעלכע זענען געווען די דייטשע פּראָפּאַגאַנדע־לאָזונגען פאַר די אַראַבער. אין קאַיר, באַגדאַד און דמשק האָבן די אַראַבער און די נאַציס זיך געדריקט די הענט, ווי די בעסטע פריינט.

ווען דער הימל איבערן יידישן ישוב אין ארץ־ישראל האָט זיך פאַרצויגן מיט שטורעם־וואָלקנס, איז נאָך די „הגנה" נישט געווען אַזוי שטאַרק און אַפּיציעל האָט זי אַפילו נישט עקזיסטירט. די עקזיסטענץ פון דער „הגנה" איז געהאַלטן געוואָרן בסוד. די יידן האָבן געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז זיי ווייסן גאָרנישט וועגן אַזאַ אָרגאַניזאַציע, אָבער די ענגלענדער האָבן גוט געוווּסט וועגן דעם, אַז די יידן האָבן אַ באַוואָפנטע אונטערערדישע אַרמיי. וויכטיקער פון דעם איז אָבער געווען דער פאַקט, וואָס אויך דער מופטי האָט געוווּסט וועגן דער עקזיסטענץ פון דער „הגנה".

די „הגנה" האָט זיך אַלץ מער און מער אויסגעברייטערט, ביז זי האָט אַרומגענומען איבער פינף און צוואַנציק טויזנט מענער און פרויען. אין אַלגעמיין איז די „הגנה" געווען אַ בירגער־מיליץ און בלויז עטלעכע צענדליק פון אירע קאָמאַנדירן, וועלכע האָבן געווידמעט זייער גאַנצע צייט דער אָרגאַניזאַציע, האָבן באַקומען לוין. צו דער דיספּאָזיציע פון „הגנה" איז געשטאַנען זייער אַ קליינער אינפאָרמאַציע־דינסט, אָבער ער איז געווען זייער עפעקטיוו. נישט נאָר אַ סך

בריטישע אָפּיצירן האָבן אָפּן מיטגעאַרבעט מיט דער „הגנה"‎, נאָר איר האָט זיך אפילו איינגעגעבן צו קויפן פאַר זייער ביליק אַראַבישע שפּיאָנען. אין יעדער שטאָט און יעדן דאָרף, אין יעדן קיבוץ און יעדן מושב האָט די „הגנה"‎ געהאַט אַן אָפּטיילונג. אין משך פון געציילטע מינוטן האָט מען, אויף אַ ספּעציעלן רוף, געקאָנט מאָביליזירן טויזנט יונגע מענער און פרויען.

אין משך פון 15 יאָר האָט אבידן, דער געוועזענער זעלנער און איצטיקער ראש פון „הגנה"‎ זיך פאַרנומען מיט שאַפן די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע, ממש אונטערן באָז פון די ענגלענדער. די עפעקטיווקייט פון דער „הגנה"‎ איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך גרויסע. זי האָט שוין געהאַט אַן אייגענע געהיימע ראַדיאָ־סטאַציע, האָט דורכגעפירט די אַקציע פון דער „עליה ב"‎ און איבער דער גאַנצער וועלט האָט זי פאַרמאָגט אַן אייגענע אינפאָרמאַציע־נעץ, ווי אויך אַגענטן, וואָס האָבן איינגעקויפט געווער און עס אַריבערגעשמוגלט קיין ארץ־ישראל.

אויף הונדערטער וועגן איז דאָס געווער אַריינגעשמוגלט געוואָרן קיין ארץ־ישראל. דער עיקר פלעגט מען דאָס אומלעגאַלע געווער פאַרפּאַקן אין גרויסע קאַסטנס פון מאַשינען. אָפטמאָל פלעגט אין אַ דאַמף־וואַלץ זיין פאַרשטעקט איבער הונדערט ביקסן. אין יעדן קעסטל און יעדער מאַשין, אין יעדער קאָנסערוון־פּושקע און אפילו אין וויין־פלעשער, וואָס זענען אַריינגעפירט געוואָרן קיין ארץ־ישראל, האָט זיך געפונען געווער אָדער אַמוניציע. די ענגלענדער זענען נישט געווען ביכולת אָפּצושטעלן דעמדאָזיקן געווער־שמוגל. אַ סך ענגלישע אָפיצירן אין די פאָרטן האָבן זיך בכלל געמאַכט נישט זעענדיק און דערלויבט אַריינצופירן דאָס געווער אין לאַנד.

דער גאַנצער ישוב אין ארץ־ישראל איז געשטאַנען היב־טער דער באַוועגונג אַריינצושמוגלען געווער אין לאַנד, אָבער דאָך איז אומעגלעך געווען אַריינצוברענגען שווער וואָפן, אָדער לייכט געווער, אין אַ געהעריקן קוואַנטום און פון גוטער קוואַליטעט. דאָס געבראַכטע געווער איז באַשטאַנען דער עיקר פון אַלטע ביקסן און רעוואָלווערן, וואָס זענען אַרויסגעצויגן געוואָרן פון גֶעבררויך, אָדער זענען שוין פאַרעלטערט גע־וואָרן אין אַנדערע לענדער. עס האָט נאָך נישט עקזיסטירט אַזאַ וואָפן־אַרסענאַל אויף דער וועלט, ווי די געווער־מאַגאַ־זינען פון דער „הגנה", אין וועלכע עס האָט זיך געפונען אַ מיש־מאַש פון די פאַרשיידנאַרטיקסטע מינים געווערן. יעדע יידישע שטוב אין ארץ־ישראל איז גלייכצייטיק געווען אַ „סליק" — אַ געהיימע באַהעלטעניש פאַרן הגנה־געווער.

אין לאַנד גופא האָט מען דאָס געווער אַריבערגעפירט פון אָרט צו אָרט צווישן טויש־טיילן פון אויטאָבוסן, אין קוישן און איאַן וועגעלעך. די „הגנה" האָט זיך אויך פאַרלאָזן אויף דער אָנשטענדיקייט פון די ענגלענדער און זי האָט זיך באַ־נוצט מיט קינדער ביים אַריבערפירן געווער. דאָס בעסטע באַ־העלטעניש איז אָבער געווען — דאָס קלייד פון אַ פרוי.

אויך די קיבוצים האָבן אַ סך מיטגעהאָלפן ביים אַנט־וויקלען די „הגנה". עס איז נישט געווען קיין בעסער אָרט אויסצובילדן מיליטעריש די יוגנט, ווי אין די קיבוצים. גלייכצייטיק האָט מען אין די קיבוצים געקאָנט צומבעסטן אויסבאַהאַלטן דאָס אַריינגעשמוגלטע געווער און פּראָדו־צירן אייגן וואָפן. אייניקע אָנפירער פון דער „הגנה" זענען געווען מענטשן פון קיבוץ.

דער גרויסער כוח פון דער „הגנה" האָט געשטעקט אין פאַקט, וואָס איר אויטאָריטעט איז נישט אָפגעפרעגט געוואָרן

דורך קיין איין ייד אין ארץ־ישראל. אַ באַפעל פון דער „הגנה" איז געווען פאַרפליכטנדיק פאַר יעדן איינעם. אבידן און די איבעריקע פירער פון „הגנה" האָבן שטאַרק מקפיד־געווען אויפן פרינציפ, אַז דאָס אונטערערדישע מיליטער איז גע־שאַפן געוואָרן באַר צוליב צוועקן פון זעלבסטפאַרטיידיקונג. ווען עס איז אויסגעבראָכן דער גענעראַל־שטרייק אין יאָר 1933, האָט אבידן געוואָרנט קעגן מאָביליזירן די „הגנה", כדי צו פאַרטרייבן די אַראַבער.

— ארץ־ישראל וועט באַהערשט ווערן דורך אונדזער שווייס — האָט אבידן געטענהט.

די „הגנה" איז געווען אַ מיליטערישער כוח, וואָס האָט זיך צוריקגעהאַלטן פון אַקציעס. אַ סך חברים פון דער „הגנה" האָבן געהאַלטן, אַז די דאָזיקע צוריקגעהאַלטנקייט איז שוין צופיל איבערטריבן און זיי האָבן געפאָדערט שנעלע רעוואַנזש־אַקציעס.

עקיבא איז געווען איינער פון די דאָזיקע אַקטיוויסטן. פאַר דער דרויסנדיקער וועלט איז עקיבא אַנגעגאַנגען אַלס מיטגליד פון קיבוץ עין־אור, אָבער פּאַקטיש האָט ער פאַר־נומען אַ הויכן אַמט אין דער „הגנה" און ער איז געווען פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר די ענינים פון דער אָרגאַניזאַציע אין גאַנצן גליל.

אויף עקיבאן האָט מען אָנגעזען די זקנה אַ סך דרייסיגע־כער, ווי אויף זיין ברודער ברק. עקיבאס פּנים איז געווען צע־אַקערט פון קנייטשן, ער האָט אויסגעזען מיד און זיין באָרד איז פולשטענדיק גרוי געוואָרן. ער איז נאָך אַלץ נישט גע־קומען צו זיך פון אומגליק, וואָס אים האָט געטראָפן מיטן טויט פון זיין פרוי רות און טאָכטער שרונה, וועלכע זענען דער־מאָרדעט געוואָרן דורך אַראַבער. אין אים איז געבליבן אַ

פאַרביטערונג, וואָס האָט אים טאָג־טעגלעך צעפרעסן דאָס געמיט.

ער איז אָנגעגאַנגען אַלס אומאָפּיציעלער מנהיג פון דער עקסטרעמער גרופּע אינערהאַלב דער „הגנה", וואָס האָט געפאָדערט צו פאַרשטאַרקן די אַקציעס קעגן די אַראַבער. און וואָס מער די שפּאַנונג אין לאַנד איז געשטיגן, אַלץ מער האָט די גרופּע פון עקיבא געפאָדערט אָנצוגרייפן. עקיבאס גרופּע איז אונטערשטיצט געוואָרן דורך אַ געוויסן טייל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

ווען די ענגלענדער האָבן אָנגעהויבן צו בלאָקירן די ים־ברעגן פון ארץ־ישראל האָט עקיבא שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן די באַליידיקונג און זיין געדולד האָט געפּלאַצט. ער האָט צונויפגערופן אַ פאַרזאַמלונג פון זיינע אָנהענגער אין „הגנה". די דאָזיקע מענטשן זענען געווען אַזוי אויפגערעגט און פאַרביטערט ווי עקיבא און זיי האָבן אָנגענומען אַ באַשלוס, וואָס האָט אויפגערודערט דעם גאַנצן ישוב. אין פרילינג פון יאָר 1934 האָט ברק באַקומען אַ דרינגענדע אויפפאָדערונג פון אבידן צו קומען תיכף קיין ירושלים.

— עס האָט פּאַסירט אַ שרעקלעכע זאַך, ברק — האָט אבידן געזאָגט. — דיין ברודער עקיבא האָט זיך אָפּגעטיילט פון דער „הגנה" און מיטגענומען מיט זיך צענדליקער פון אונדזערע בעסטע קאָמאַנדירן. אויך הונדערטער חברים שטראָמען צו זיין גרופּע.

ווען ברק איז געקומען צו זיך פון דער ערשטער אויפטרייסלונג, האָט ער שווער אָפּגעזיפצט און געזאָגט:

— זינט יאָרן האָט מיין ברודער געדראָט עס צו טאָן. דעם אמת געזאָגט, האָב איך זיך געוווּנדערט די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט עס נישט געטאָן ביז איצט. צענדליקער יאָרן האָט

אין אים געקאָכט דאָס בלוט, זינט אונדזער פאָטער איז אומ־געבראַכט געוואָרן. חוץ דעם האָט ער זיך נאָך נישט געטרייסט צוליבן טויט פון זיין פרוי.

— דו ווייסט — האָט אבידן געזאָגט — אַז מיין גאַנצע טעטיקייט אין „הגנה" איז כמעט געווען אָפּצוהאַלטן אונדזע־רע בחורים. אויב מיר וועלן באַלאַזן די לייצעס, זענען זיי שוין גרייט מאָרגן אַרויסצוגיין אין אַ מלחמה מיט די ענגלענ־דער. דו און איך פילן אין גרונט גענומען דאָס זעלבע, וואָס עקיבא, אָבער דאָס וואָס ער האָט איצט געטאָן איז מסוגל אונדז אַלעמען צו פאַרניכטן. אויב מיר האָבן דערגרייכט דאָס, וואָס מיר האָבן ביז איצט דערגרייכט אין ארץ־ישראל, טראָץ דעם אונטערשייד אין אונזערע אַנשויאונגען, איז דאָס צוליב דעם, וואָס אויסערלעך זענען מיר אַרויסגעטראָטן שטענדיק געמיינזאַם. ווען די ענגלענדער אָדער די אַראַבער האָבן גע־וואָלט מיט אונדז פאַרהאַנדלען וועגן געוויסע ענינים, האָבן זיי ביז איצט געהאַט צו טאָן מיט אַ געשלאָסענער קערפּער־שאַפט. איצט האָט עקיבא זיך אַרומגעריגלט מיט אַ כנופיה פון היץ־קעפּ און אויב זיי וועלן אַריבערגיין צו מעטאָדן פון טעראָר, וועט דער גאַנצער ישוב זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זייערע מעשים.

ברק איז אַוועקגעפאָרן אין קיבוץ עין־אור, וואָס האָט זיך געפונען נישט ווייט פון מושב יד־אל. עין־אור, ווי דאָס רוב אַלטע קיבוצים, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ בליענדיקן גאָרטן. אַלס איינער פון די עלטסטע חברים און גרינדער פון קיבוץ האָט עקיבא באַקומען אַ קליינעם צריף, מיט צוויי צי־מערן, וואָס זענען געווען פול אָנגעפּאַקט מיט ביכער. ער האָט אפילו געהאַט אַן אייגענעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט און אַן אייגענעם

בית־שימוש, וואָס האָט פאַרגעשטעלט אַ זעלטענע פּריווילע־
גיע אין לעבן פון קיבוץ. עקיבא האָט ליב געהאַט עין־אור,
פונקט אַזוי ווי ער האָט פריער ליב געהאַט דעם קיבוץ שושנה.
ברק האָט נישט איין מאָל זיך געווענדעט צו זיין ברודער ער
זאָל קומען זיך באַזעצן אין ייד־אל, אָבער עקיבא האָט נישט
געוואָלט פאַרלאָזן דעם קיבוץ־לעבן.

ברק האָט געהעדט צו זיין ברודער מילד. די טענות, וועל־
כע ברק האָט אַרויסגעבראַכט, זענען נישט געווען קיין נייס
פאַר עקיבאן. ער איז געווען נערוועז און ער האָט נישט גע־
וואָלט, אַז צווישן אים און זיין ברודער זאָל דערגיין צו אַ
שטאַרקער קריגעריי.

— הייסט עס, אַז די מענטשן פון „וועד הלאומי" האָבן
דיך געשיקט צו מיר — האָט עקיבא געזאָגט. — באמת, זיי
האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין גוטע שתדלנים.

— איך וואָלט אַזוי אויך געקומען צו דיר, אָן זייער שלי־
חות, — האָט ברק געענטפערט. — נאָך דעם ווי איך האָב זיך
דערוווסט וועגן דיין משוגענעם שריט, וואָס דו האָסט גע־
מאַכט, האָב איך באַשלאָסן מיט דיר זיך דורכצורעדן.

עקיבא האָט אומרואיק געשפּאַנט איבערן צימער. ברק
האָט נישט אַראָפּגעלאָזט פון אים קיין בליק. עקיבא איז נאָך
אַלץ געווען אַזוי אויפגעבראַכט און לייכט צום דערצערנען,
ווי אין די יוגנט־יאָרן.

— דאָס אַלץ וואָס איך טו ווערט דורכן „וועד הלאומי"
אָנערקענט פאַר גערעכט, אָבער דער „וועד" אַליין האָט עס
מורא צו טאָן — האָט עקיבא געזאָגט. — פריער אָדער שפּע־
טער וועלן אויך זיי זיין געצוווּנגען צו זען די פאַקטן אין זייער
אמתן ליכט. די ענגלענדער זענען אונדזערע שונאים.

— מיר גלייבן נישט אין דעם — האָט ברק זיך אָפּגע־

רופן. — סוף־כל־סוף האָבן מיר אַ סך דערגרייכט אונטערן שוץ פון דער ענגלישער מאַכט.

— אויב דו מיינסט עס ערנסט, ביסטו אַ גרויסער נאַר.

— עס קאָן זיין, אַז איך האָב אַ טעות. אָבער ווי די זאַך זאָל נישט זיין, רעפּרעזענטירן די ענגלענדער די לעגאַלע מאַכט אין ארץ־ישראל...

— און זיי קוקן זיך רואיק צו, ווי די אַראַבער שניידן אונדז איבער די העלדזער — האָט עקיבא מיט שפּאָס איבערגעריסן זיינע רייד. — די מענטשן פון „וועד הלאומי" פאָרן מיט זייערע דיקע פּאָרטפעלן צו פאַרשיידענע קאָנפערענצן, לייענען דאָרטן זייערע מעמאָראַנדומס און נאָטעס, בויגן זיך דאָרטן אין דרייען, אין דער צייט, וואָס דער מופטי און זיינע רוצחים ווילדעווען אויף די גאַסן. צי האָסטו שוין געזען, אַז די אַראַבער זאָלן פאָרן אויף קאָנפערענצן?

— מיר וועלן דערגרייכן אונדזערע צילן אויף אַ געזעצלעכן וועג.

— מיר וועלן דערגרייכן אונדזערע צילן נאָר דאַן, ווען מיר וועלן קעמפן פאַר זיי.

— אויב מיר דאַרפן שוין קעמפן — האָט ברק געזאָגט — טאָ לאָמיר קעמפן ווי איין מענטש. דורך דעם, וואָס דו האָסט געשאַפן אַ גרופּע, וואָס וועט זיין טעטיק אומגעזעצלעך, האָסטו זיך געשטעלט אויף איין שטופע מיטן מופטי. צי האָסטו זיך שוין אַמאָל פאַרטראַכט, וואָס עס וואָלט געשען, ווען די ענגלענדער וואָלטן פאַרלאָזן ארץ־ישראל? אַלץ איינס, וואָס דו פילסט, און עס קאָן זיין, אַז איך פיל דאָס זעלבע, וואָס דו, אָבער דאַרפסט וויסן, אַז די ענגלענדער זענען נאָך אַלץ פאַר אונדז אַן אַנטשיידענער פאַקטאָר אויב מיר ווילן דערגרייכן פּאָליטישע אומאָפּהענגיקייט.

— מיר וועלן דערגרייכן פּאָליטישע אומאָפּהענגיקייט אויף דעם זעלבן אופן, ווי מיר האָבן אויסגעלייזט די ערד... מיט אונדזער שווייס און בלוט — האָט עקיבא העפטיק אויס־גערופן. — איך וואַרף־אָפּ דעם געדאַנק צו זיצן מיט פאַר־לייגטע הענט און וואַרטן אויף די מתנות פון די ענגלענדער.

— צום לעצטן מאָל זאָג איך דיר, עקיבא... טו עס נישט. דו גיסט אונדזערע שונאים אַ מעגלעכקייט זיי זאָלן טייטלען אויף אונדז מיט די פינגער און זאָלן נאָך מער פאַרשטאַרקן זייער ליגנערישע פּראָפּאַגאַנדע קעגן אונדז.

— אַהאַ! — האָט עקיבא אויסגערופן. — ערשט איצט זע־נען מיר געקומען צום עיקר פון פּראָבלעם! די יידן מוזן שפּילן די שפּיל לויט אַלע כללים. זיי טאָרן זיך נישט פאַרזינדיקן. די יידן מוזן בעטן און אַפּעלירן. די יידן דאַרפן אונטערשטעלן זייער באַק צום שלאָגן.

— הער אויף! — האָט ברק אים איבערגעריסן.

— איך פאַרשטיי! — האָט עקיבא צוריקגעשריען — טוט וואָס איר ווילט, אָבער איר זאָלט חלילה נישט אַרויסגיין קעמפן. איר ווילט דאָך נישט, אַז די דייטשן, די אַראַבער, די ענגלענדער זאָלן אייך האַלטן פאַר שלעכטע מענטשן.

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט זאָלסט אויפהערן!

— ווייסט וואָס דו ביסט, ברק? דו ביסט אַ געטאָ־ייד. אַזעלכע זענט איר אַלע אין „וועד הלאומי". אָבער לאָמיר דיר עפּעס זאָגן, טייערער ברודער. פאַר דיר שטייט אַ ייד, וואָס האָט אפשר אַ טעות, אָבער וואָס וויל לעבן. עס גייט אונדז דע־ריבער גאָרנישט אָן, אויב די פאַרשאָלטענע וועלט וועט זיין ביי דער מיינונג, אַז מיר זענען אומגערעכט.

ברק האָט אַזש געציטערט פאַר כעס. ער איז געבליבן זיצן שטיל און זיך באַמיט איינצושטעלן זיין אויפרעגונג. עקיבא

האָט נישט אויפגעהערט צו ריידן.

— צי איז זיך עקיבא באמת טועה — האָט ברק גע־טראַכט. — וויפל לייד און דערנידערונג, וויפל ווייטיק און פּאַראַט האָט אַ מענטש געמוזט איבערלעבן, כדי אין אים זאָל בהזנען אַזאַ ווילדער האַס.

ברק האָט זיך אויפגעשטעלט פון שטול און זיך געלאָזט גיין צו דער טיר.

— זאָג דיין קאָמאנדיר אבידן און די מענטשן פון „וועד הלאומי", ווי אויך אַלע קליינלעכע שתדלנים, אַז עקיבא און די „מכבים" האָבן אַ נייע בשורה פאַר די ענגלענדער און די אַראַבער: עין תחת עין, שין תחת שין!

— פון היינט אָן וועסטו מער נישט איבערטרעטן די שוועל פון מיין הויז! — האָט ברק צוריקגעשריען.

ביידע ברידער האָבן זיך אַ לאַנגע צייט שטילשווייגנדיק אָנגעקוקט. אין עקיבאס אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן.

— איך זאָל מער נישט איבערטרעטן די שוועל פון דיין הויז? — האָט ער געפרעגט.

ברק איז געשטאַנען און זיך נישט גערירט פון אָרט.

— מיר זענען ברידער, ברק, דו האָסט מיך געטראָגן אויף דיינע פּלייצעס קיין ארץ־ישראל.

— יאָ, און היינט באַדויער איך דאָס.

— איך האָב ליב ארץ־ישראל נישט ווייניקער ווי דו — האָט עקיבא אויסגערופן מיט ציטערנדיקע ליפּן. — דו באַ־שולדיקסט מיך דערפאַר, וואָס איך פאַלג מיין געוויסן...

ברק, וועלכער איז געשטאַנען ביי דער טיר, איז צוריק־געגאַנגען אַ טריט פאַרויס.

— דאָס ביסטו און דיינע „מכבים", וואָס טרעטן אַרויס קעגן די אייגענע ברידער. זינט מיר זענען געווען קינדער, האָב

איך שטענדיק געהערט פון דיין מויל פסוקים פון תנך. אפשר וועסטו ווידער לייענען די געשיכטע וועגן די קנאים, וואָס האָבן אויפגעהעצט אַ ברודער קעגן אַ ברודער, האָבן צע־שטערט די אחדות פון ישראל און האָבן גורם געווען צו דעם, אַז די רוימער האָבן חרוב געמאַכט ירושלים. איר האָט זיך אַליין אַ נאָמען געגעבן „מכבים" אָבער איך באַצייכן אייך אַלס „קנאים".

— גערעדנק איין זאַך, ברק בן־כנען — האָט עקיבא אויס־געשריען. — קיין שום זאַך, וואָס מיר טוען, געבעכט אָדער אומ־גערעכט, קאָן נישט פאַרגליכן ווערן צו דעם, וואָס מען האָט געטאָן דעם יידישן פאָלק אין משך פון צענדליקער דורות. צוויי טויזנט יאָר ווערט אונדזער פאָלק געמאָרדעט און קיין שום זאַך וואָס מיר וועלן איצט טאָן, קאָן נישט אין אַנבליק פון די דאָזיקע מאָרדן פאַררעכנט ווערן אַלס עוולה.

## קאַפּיטל 15.

דער מושב יד־אל איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בליענ־דיקן גן־עדן. די בלאָטעס זענען אויסגעטריקנט געוואָרן און אויפן אָפּגערייניקטן באָדן האָט מען געקאָנט באַזעצן נאָך צוויי הונדערט משפחות. די צענטראַלע פון מושב האָט שוין איצט פאַרמאָגט איבער צוויי טוץ שווערע לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען און אַן עקספּערימענטאַלע סטאַציע. אין די ספּעציעל־קאָנסטרואירטע באַסיינען, האָבן אַלע חברים פון מושב גע־מיינזאַם זיך פאַרנומען מיט פיש־צוכט.

די וועגן אין יד־אל האָבן זיך אַ גאַנץ יאָר געבאָדן אין גריִנס. דער מושב האָט פאַרמאָגט אַ גרונט־שולע, אַ גרויס פאָלקס־הויז און אַ שווים־באַסיין. דאָרטן האָט זיך אויך גע־

פונען אַ ביבליאָטעק, אַ דראַמאַטישער אַנסאַמבל און אַ קליי־נער שפּיטאָל מיט צוויי דאָקטוירים.

די גרעסטע געשעעניש אין מושב איז געווען דאַן, ווען מען האָט אַריינגעפירט עלעקטרישן שטראָם. ווער עס האָט נישט געזען די פרייד פון די מושבניקעס בעת אין אַלע ישובים פון עמק החולה האָבן זיך אָנגעצונדן די עלעקטרישע לאָמפּן, — האָט אין זיין לעבן נישט געזען קיין אמתע שמחה.

אין יענעם יאָר האָבן די אייגנווינער פון יד־אל צוגע־האָלפן דורכצופירן אין גבי יושע וואַסער־לייטונג. דער מושב האָט צוגעשטעלט דעם אַראַבישן דאָרף עטלעכע עלעק־טרישע וואַסער־פּאָמפּעס און געלערנט די אַראַבער ווי אַזוי צו באַאַרבעטן אינטענסיוו די ערד מיט דער הילף פון אַ געהע־ריקער באַוואַסערונג.

אַלס אויסדרוק פון דאַנק האָט קאַמאַל געגעבן דער „חברה להכשרת הישוב" אייניקע דונאַם באָדן אויף איינעם פון די בערג, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז די יידן זוכן אַן אָרט ווו צו גרינדן אַ יוגנט־דאָרף.

ארי בן־כנען איז געווען דער שטאָלץ פון זיין פאָטער. צו זיבעצן יאָר איז דאָס יינגל געווען אַ מעטער אַכציק די הויך און שטאַרק ווי אַ לייב. חוץ העברעאיש און ענגליש האָט ער אויך באַהערשט די אַראַבישע שפּראַך. ער האָט אויך גוט געקענט דייטש, פראַנצויזיש און יידיש. ווען שרה, זיין מוטער פלעגט ווערן אין כעס אָדער פלעגט זיך וועלן אַראָפּריידן פון האַרצן, פלעגט זי שטענדיק ריידן אויף יידיש.

ארי האָט זייער ליב געהאַט די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַר־בעט. ווי דאָס רוב יוגנטלעכע פון מושב האָבן אויך ארי און דפנה געהערט צו אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע. זיי האָבן דורכגע־

מאָסטן ארץ־ישראל אין דער לענג און אין דער ברייט און האָבן באַזוכט די ערטער, וווּ עס זענען פאָרגעקומען אין דער פאַרגאַנגנהייט באַרימטע שלאַכטן. זיי האָבן ליב געהאַט אַרויסצוגיין אויפן באַרג מצדה און פלעגן וואַנדערן דורך די מדבר־וועגן, דורך וועלכע עס זענען אַמאָל געגאַנגען משה און די בני־ישראל.

דפנה איז אויסגעוואַקסן צו אַ קרעפטיק, פריש מיידל, אַ ביסל מגושמדיק, אָבער זייער צוציִענדיק. זי האָט שטאַרק ליב געהאַט דעם זון פון ברק בן־כנען. עס האָט געשיינט, אַז ארי און דפנה וועלן חתונה האָבן אין יונגן עלטער. זיי האָבן גע־האַט בדעה זיך צו באַזעצן אויף שטענדיק אין יד־אל אָדער אַרויסצוגיין מיט אַ יוגנט־גרופּע, כדי צו גרינדן אַ נייעם מושב אָדער קיבוץ, ווי דאָס פלעגן טאָן די יוגנטלעכע באַלד נאָכן פאַר־ענדיקן די לימודים. אָבער וואָס מער די שפּאַנונג אין ארץ־ישראל האָט זיך פאַרשטאַרקט, אַלץ ווייניקער צייט האָבן ארי און דפנה געהאַט פאַר זיך. ארי האָט אַרויסגעוויזן אויסער־געוויינלעכע פעאיקייטן אין דער אַרבעט פון „הגנה" און טראָץ זיין יוגנט האָט אים געהאַלטן פאַר איינעם פון די בעסטע זעלנער אין ארץ־ישראל. פּאַקטיש זענען די בעסטע חברים פון „הגנה" נאָך נישט אַלט געווען קיין צוואַנציק יאָר. אין עלטער פון זיבעצן יאָר איז ארי געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די עניינים פון „הגנה" אין יד־אל, עין־אור און אַ צענ־דליק אַנדערע קיבוצים. ער האָט שטאַרק מצליח־געווען ביי דער דאָזיקער אַרבעט, און איז געווען אַזוי פאַרנומען, אַז ער האָט שוין מער נישט געהאַט קיין פרייע צייט פאַר דער אַרבעט אין מושב.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף מיט די ענגלענ־דער וועגן דער עליה, איז ארי אָוועקגעשיקט געוואָרן אין די

לענדער, ווו עס האָבן געאַנקערט די שיפן פון „עליה ב״. ער האָט געהאַט פאַר אַן אויפגאַבע אָפצופירן די אומלעגאַלע עולים אין קיבוצים און צונויפצוזאַמלען די פּאַספּאָרטן פון די „טור־ריסטן״, וואָס זענען געקומען לעגאַל קיין ארץ־ישראל.

ווען ארי פלעגט באַקומען אַ טאָג אָהער צוויי אורלויב, האָט ער זיך בוהג געווען צו טעלעפאָנירן קיין יד־אל און דפנה פלעגט אָרויספאָרן צו אים קיין תל־אביב. זיי פלעגן דאָרטן גיין צוזאַמען הערן די קאָנצערטן פון פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך יידישע מוזיקער, וועלכע האָבן עולה־געווען פון דייטשלאַנד. דער ערשטער קאָנצערט פון דעם דאָזיקן אָרקעסטער איז דיריגירט געוואָרן דורכן באַרימטן דיריגענט אַרטוראָ טאָסקאַניני.

זיי פלעגן צוזאמען אויך באַזוכן קונסט־אויסשטעלונגען אָדער גיין אויף רעפעראַטן אין „מרכז הנוער״. דאָס רוב אָבער פלעגן זיי שפּאַצירן לענג־אויס די גאַסן בן־יהודה און אַלענבי, ווו מאַסן מענטשן פלעגן זיצן ביי די טישלעך פון די קאַפעען.

אָפטמאָל פלעגן זיי גיין צוזאַמען זיך באָדן ביים שטילן ים־ברעג אין צפון תל־אביב. זיי האָבן זיך זייער שטאַרק געליבט און די צעשיידונג איז פאַר זיי געוואָרן אַלץ שווערער און שווערער. ארי האָט נישט געוואָלט חתונה האָבן פריער, איידער ער וועט נישט באַקומען קיין שטיקל ערד און איידער ער וועט דאָרטן נישט אויפשטעלן אַ הויז. איצט ווען די שפּאַנונג איז געשטיגן און די „הגנה״ האָט זיך אַלץ מער געבויטיקט אין זיין אַרבעט, האָט געשיינט, אַז ער וועט קיינ־מאָל נישט האָבן קיין צייט אויפצושטעלן אַן אייגענע משפחה.

די שפּאַנונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער דייטשער עליה אין יאָר 1933, האָט דערגרייכט איר הויכפּונקט אין יאָר

1935, ווען די יידן איז געלונגען אריינצוברענגען עולים קיין ארץ־ישראל, טיילווייז לעגאַל און טיילווייז אומלעגאַל. פונקט אַזוי ווי די „צווייטע עליה" האָט געבראַכט מיט זיך מנהיגים און אידעאַלן, און די „דריטע עליה" האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ גרויסער צאָל חלוצים, אַזוי האָט די עליה פון דייטשלאַנד געבראַכט מיט זיך אַ געוואַלדיקן קולטורעלן און וויסנשאַפטלעכן שוווּנג אין ארץ־ישראל.

די עפענדיס, וועלכע האָבן זיך צוגעקוקט, ווי די יידן מאַכן ווייטערדיקע פאַרשריטן, זענען געווען אויסער זיך פון כעס. זייער פאַרביטערונג האָט דערגרייכט אַזאַ מאָס, אַז צום ערשטן מאָל האָבן זיי אַפּגעלייגט אין אַ זייט זייערע אינערלעכע חילוקי־דעות און האָבן געמיינזאַם אַרויסגעשיקט אַן אולטימאַטיווע פאָדערונג צו די ענגלענדער וועגן פאַרבאָטן דעם פאַרקויף פון באָדן און איבערצורייסן די יידישע עליה.

צום אָנהויב פון יאָר 1936 האָט דער „וועד הלאומי" געבעטן פון די בריטישע מאַכט־אָרגאַנען עטלעכע טויזנט סערטיפיקאַטן, כדי אויפצונעמען אין יענער צייט עטלעכע טויזנט דייטשע יידן, אָבער די ענגלענדער, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטער אַ שווערן דרוק פון די אַראַבער, האָבן בלויז געגעבן עטלעכע הונדערט סערטיפיקאַטן.

ווען דער מופטי האָט געזען, אַז די ענגלענדער זענען באַכגיביק, האָט ער געמאַכט אַ געוואַגטן שריט צו פאַרכאַפּן די מאַכט אין ארץ־ישראל. אין פרילינג 1936 האָט ער אָרגאַניזירט נייע בלוטיקע מהומות אין ארץ־ישראל. די ערשטע אומרוען האָבן זיך אָנגעהויבן אין יפו. מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ איז פאַרשפּרייט געוואָרן די פאַלשע ידיעה, אַז די יידן כאַפּן אַלע אַראַבער אין תל־אביב און מאָרדן זיי אויס. דער דאָזיקער קלאַנג איז געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט און

ווי געוויינלעך זענען אויך דאָס מאָל געפאַלן אַ סך קרבנות פון צווישן די אַלטע פרומע יידן אין די שטעט מיט אַ געמישטער יידיש־אַראַבישער באַפעלקערונג. גלייך נאָכן אויסברוך פון די דאָזיקע אומרוען האָט דער „העכסטער אַראַבישער קאָמיטעט", בראש מיטן מופטי אמין אל־כוסייני, פראָקלאַמירט אַ נייעם גענעראַל־שטרייק פון די אַראַבער אַלס פראָטעסט קעגן דער פראָ־יידישער פאָליטיק פון ענגלאַנד.

דאָס מאָל האָט דער מופטי זיך צוגעגרייט זייער זאָרגפעליק צו דער נייער אַקציע. גלייך ווי דער „העכסטער אַראַבישער קאָמיטעט" האָט באַשטעטיקט דעם גענעראַל־שטרייק, איז אַרויס אַן אָרגאַניזירטער המון, אין באַגלייטונג פון כוליגאַנעס, אין אַלע אַראַבישע שטעט און דערפער, כדי אַכטונג צו געבן, אַז דער שטרייק זאָל דורכגעפירט ווערן אין דער פולער מאָס. גלייכצייטיק זענען דורכגעפירט געוואָרן סיסטעמאַטישע מאָרד־טאַטן, בעת וועלכע עס זענען באַזייטיקט געוואָרן אַלע אַראַבישע קעגנער פון מופטי. טראָץ דעם, וואָס אויסערלעך האָט עס אויסגעזען, אַז דער בונט איז געריכטעט בלויז קעגן די יידן און ענגלענדער, האָט ער דאָך אויך געהאַט פאַר אַ זייטיקן ציל צו ליקווידירן אַלע פאָליטישע קעגנער פון ירושלימער גרויס־מופטי.

אויך קאַמאַל, דער מוכטאַר פון נבי יושע, דער אַלטער פריינד פון ברק בן־כנען האָט באַצאָלט מיט זיין לעבן פאַר דער פריינדשאַפט צו די יידן. דעם מופטיס לייט האָבן געפונען דעם אַלטן מוכטאַר אַ קניענדיקן אין קליינעם דאָרפישן מעטשעט בעת דער תפילה און זיי האָבן אים דאָרט אויפן אָרט איבערגעשניטן דעם האַלדז. זיין זון טאהא, איז אין געהיים געבראַכט געוואָרן קיין יד־אל, ווו ער האָט געפונען אַ שוץ און זיכערקייט ביי דער משפחה בן־כנען.

דער מופטי און זיינע לייט האָבן מיט בלוטיקער געוואַלט אַרויפגעצוווּנגען אויף די אַראַבער דורכצופירן דעם גענעראַל־שטרייק און דעם באָיקאָט קעגן יידן. אָבער גלייכצייטיק איז אויף די אַראַבישע פעלדער פאַרפוילט געוואָרן דאָס גאַנצע געוויקס, ווייל זיי האָבן עס נישט געהאַט וועמען צו פאַרקויפן. דער האַנדל אין פּאָרט פון יפו און אין דער סביבה איז אינגאַנצן אָפּגעשטאָרבן. דער שטרייק האָט פאַראַליזירט דאָס לעבן פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג, וועלכע איז געווען הילפלאָז לגבי די באַנדעס פון מופטי. חאַדזש אמין אל־כוסייני האָט זיך אויך דאָס מאָל באַנוצט מיטן מעטשעט, כדי אַרויפצוואַרפן די שולד אויף די יידן. די פאַרצווייפלונג און דער כעס פון די אַראַבער איז געוואַקסן אין דער מאָס, אין וועלכער זייער מצב האָט זיך אַלץ מער און מער פאַרערגערט. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און זיי זענען צוגעטראָטן צו אַן אָנגריף קעגן די יידישע ישובים, זיי האָבן אונטערגעצונדן די פעלדער און צעגנבעט דאָס גערעטעניש. ווען אין זייערע הענט איז אַריינגעפאַלן אַן איינצלנער, אומבאַוואָפנטער ייד, האָבן זיי זיך נישט באַגנוגנט מיט דערמאָרדן אים, נאָר האָבן זיך אויך איזדעקעוועט איבער זיין טויטן קערפּער. זיי פלעגן אָפּשניידן דעם קאָפּ פון זייער קרבן, אויסרייסן זיינע גלידער און אים אויסשטעכן די אויגן.

אפילו ווען די גרויל־טאַטן און די שענדלעכע מעשים פון די אַראַבער האָבן זיך פאַרשטאַרקט, האָט אויך דאַן אבידן געטרופן די חברים פון „הגנה" זיי זאָלן זיין צוריקגעהאַלטן. זיין טענה איז געווען, אַז די אַראַבישע באַפעלקערונג גופא איז אַ קרבן פון דער הערן־קאָמפּאַניע און דער מצב וועט נישט בעסער ווערן, אויב די יידן וועלן ענטפערן מיט רעוואַנזש.

עקיבא און די „מכבים" זענען געווען ביי אַן אַנדער מיי־

נונג. קורץ נאָך דעם ווי די „מכבים" זענען אַרויסגעטראָטן פון דער „הגנה" זענען זייערע אָרגאַניזאַציעס פאַרבאָטן געוואָרן דורך די ענגלענדער און זיי זענען אַוועק אין אונטער־גרונט.

עקיבאס אָנהענגער האָבן זיך באַמיט אָנצווווענדן טעראָר קעגן טעראָר' אָבער זייער אָרגאַניזאַציע איז נאָך נישט געווען גענוג שטאַרק און צאָלרייך, כדי זיך אַנטקעגנצושטעלן די כנופיהס פון מופטי. טראָץ דעם, וואָס אָפיציעל האָבן די יידישע מנהיגים פון ישוב געטאַדלט די טעטיקייט פון די „מכבים", האָבן דאָך אַ סך יידן אין ארץ־ישראל אויפגענומען מיט שמחה זייערע מעשים.

ווען דער מופטי אמין אל־כוסייני האָט זיך שוין געפילט גענוג שטאַרק אין צאָל, איז ער צוגעטראָטן צו רעאַליזירן די ווייטערדיקע פאַזע פון זיין פּלאַן. אין פאַנאַטישע ווערטער האָט ער זיך געווענדעט מיט אַן אַפּעל צו אַלע אַראַבער אויף דער וועלט, זיי זאָלן זיך פאַראייניקן אין קאַמף אַפּצוראַטעווען פּאַלעסטינע פון די הענט פון בריטישן אימפּעריאַליזם און יידישן ציוניזם. זיינע באַנדעס זענען אַריינגעדרונגען אין די אַראַבישע הערפער און אָנגעהויבן מיט געוואַלד צו מאָביליזירן מענטשן, כדי צוצוגרייטן אַן אָנגריף קעגן די יידישע ישובים. דאָס רוב פון די אַראַבישע פעלאַכן האָט נישט געהאָט קיין שום ווילן צו קעמפן, אָבער זיי האָבן צופיל מורא געהאַט פאַרן מופטי, כדי זיך אָפּצוזאָגן פון זיין פאָדערונג.

אויפן רוף פון מופטי זענען געקומען פרייוויליקע פון שכנותדיקע אַראַבישע לענדער. אַן אָפיציר פון דער איראַקישער אַרמיי מיטן נאָמען קאוקאדזשי האָט אין „אויפשטאַנד" אין ארץ־ישראל געזען אַ גוטע געלעגנהייט אַליין צו פאַרכאַפּן די מאַכט און זיך צו באַרייכערן אין דינסט פון מופטי.

קאוקאדזשי איז געווען אַ מענטש מיט אַ גרויסקייט־מאַניע. זיין אייגנליבע איז געווען אַ קרענקלעכע און האָט נישט געוווסט פון קיין גרענעצן. ער האָט זיך איינגעשאַפט אַ גאַנצע קאָלעקציע פון פרעכטיקע אוניפאָרמען און פלעגט פּאַראַדירן אין זיי אַ באַהאָנגענער מיט די פאַרשיידנאַרטיקסטע און פאַנטאַסטישסטע מעדאַלן און אויסצייכענונגען. ער האָט זיך אַליין פּראָקלאַמירט אַלס גענעראַליסמוס פון דער „באַפרייאונגס־אַרמיי". מיט דער הילף פון די געלט־סומען, וואָס זענען אויסגעפּרעסט געוואָרן דורכן מופטי פון די ארץ־ישראל־דיקע אַראַבער, האָט קאוקאדזשי געמאַכט אַ פּרווו צו מאָביליזירן פאַר זיך זעלנער פון אויסלאַנד. דאָס וואָס אים האָט זיך איינגעגעבן צו שאַפן איז געווען אַ כנופיה פון רויבער און באַנדיטן, נאַרקאָטיק־שמוגלער, פרויען־הענדלער און ענלעכע פאַרברעכער, וועלכע האָבן געשטראָמט צו אים מיטן געדאַנק, אַז זיי וועלן קאָנען פאַרגוואַלטיקן יידישע פרויען און צורויבן דאָס „יידישע גאָלד". דאָס איז געווען אַ באַנדע פון הפקרדיקע און אכזריותדיקע אויסוואורפן, וואָס האָט נאָך נישט געהאַט אירס גלייכן. זיי זענען אַריינגעדרונגען קיין ארץ־ישראל פון לבנון, אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַליסימוס קאוקאדזשי, כדי צו העלפן דעם גרויסן איסלאַמישן הייליקן חאַדזש אמין אל־כוסייני.

קאוקאדזשי האָט אָנגעווענדעט זיכערע און פשוטע מאַנעוורען. ער פלעגט זיך פאַרשטעקן הינטער די שאָסייען און ווען עס פלעגט פאַרבייפאָרן אַן אויטאָבוס, אויטאָ, אָדער אַ קליינע גרופּע מענטשן, וואָס איז געווען אומבאַוואָפנט, פלעגן זיי אַרויסשפּרינגען פון דער לויערונג און אַלעמען אויסמאָרדן. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און דאָס גאַנצע לאַנד האָט זיך געפונען אונטערן טעראָר פון קאוקאדזשיס „באַפריי־

אונגס־אַרמיי״ און דעם מופטיס באַנדעס. די אַראַבישע באַפעלקערונג איז געווען הילפלאָז, די ענגלענדער האָבן נישט געוואָלט קעמפן, און די יידן זענען געווען אַנטשלאָסן זיך צו נעמען פאַרן געווער נאָר אין פאַל, ווען זיי וועלן זיך מוזן פאַרטיידיקן.

די ענגלענדער האָבן נישט צוריקגעשטויסן די אַראַבישע אָנגריפן און נישט דורכגעפירט קיין שום אַקציע, כדי זיי צו ליקווידירן. זיי האָבן אָנגענומען מיטלען, וואָס זענען געווען פשוט לעכערלעך. עטלעכע מאָל האָבן זיי אין געוויסע דערפער, ווו מען האָט פאַרדעכטיקט, אַז דאָרטן האַלטן זיך אויף באַנדיטן, דורכגעפירט אַבלאַוועס און האָבן אַרויפגעלייגט אויף די איינוווינער געלט־שטראָפן. עס האָט אפילו געטראָפן פאַלן ווען די ענגלענדער האָבן אַלס שטראָף פאַרניכטעט עטלעכע דערפער. דער עיקר אָבער האָבן זיך די ענגלענדער אַליין פאַרשטעקט הינטער אַ שוץ־מויער. זיי האָבן אויסגעבויט אין פאַרשיידענע פונקטן אין ארץ־ישראל איבער פופציק גרויסע פאָליציי־פעסטונגען. אין יעדער פעסטונג האָבן זיך געפונען גרויסע מיליטערישע גרופן, וואָס האָבן קאָנטראָלירט דעם גאַנצן ראַיאָן. די דאָזיקע פעסטונגען זענען פלאַנירט געוואָרן דורך אַן אינזשעניער מיטן נאָמען טאַגערט און זיי זענען אויסגעבויט געוואָרן דורך יידישע אַרבעטער.

אין די נעכט פלעגן זיך די ענגלענדער צוריקציען אין זייערע טאַגערט־פעסטונגען און בייטאָג פלעגן זיי דורכפירן נישט עפעקטיווע אַבלאַוועס. מיטן מאָמענט ווען די אַראַבער פלעגן דערזען, אַז פון דער פאָליציי־סטאַציע פאָרן אַרויס ענגלישע זעלנער איז די ידיעה גלייך איבערגעגעבן געוואָרן פון דאָרף צו דאָרף. יעדער אַראַבער, וואָס האָט זיך געפונען אויפן פעלד האָט געדינט פאַר אַ שפּיאָן און אינפאָר־

מאַטאַר. ווען די ענגלענדער זענען אָנגעקומען צום אָרט, ווו זיי האָבן געוואָלט דורכפירן אַן אַבלאַווע, פלעגט די כּבוּפּיה פאַרשווינדן און מען האָט שוין קיינעם נישט געפונען.

טראָץ הער דאָזיקער געוואַלדיקער שפּאַנונג האָבן די ייִדן נישט אויפגעהערט אַריינצופירן מעפּילים אין לאַנד און אויפצושטעלן נייע ישובים. מיטן אָנקומען פון די נייע עולים אויף אַ געוויסן פּונקט, פלעגן פאַרטאָג זיך פאַרזאַמלען אויפן דאָזיקן אָרט עטלעכע הונדערט מענטשן פון די אַרומיקע ישובים און קיבוצים, פלעגן אויסבויען אַ טורעם מיט רעפלעקטאָרן, פלעגן אויפשטעלן אַ גענעראַטאָר און אַרומרינגלען דעם נייעם פּונקט מיט אַ מויער. ביינאַכט, ווען די אַרבעט פלעגט פאַרטיק ווערן, פלעגן די איינוווינער זיך צוריקקערן צו זיך אַהיים און די נייע עולים פלעגן בלייבן אויפן אָרט, הינטערן מויער. אַ קליינע גרופּע פון „הגנה" פלעגט זיי באַשיצן.

ארי בן־כנען, וועלכער איז אַלט געוואָרן צוואַנציק יאָר, איז געוואָרן אַ גרויסער ספּעציאַליסט ביים אויפשטעלן די דאָזיקע ישובים פון „מויער און טורעם". אין אַלגעמיין פלעגט ער אָנפירן מיט די „הגנה"־גרופּן, וואָס זענען געבליבן אויפן אָרט כּדי צו לערנען די נייע מתיישבים ווי אַזוי זיך צו פאַרטיידיקן קעגן די אַראַבישע אָנפאַלן, ווי אויך ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיט געווער. כמעט יעדער נייער ישוב האָט געמוזט אויסהאַלטן דעם עקזאַמען פון אַן אַראַבישן איבערפאַל. די אָנוועזנהייט פון אַ „הגנה"־איינהייט און איר פעאיקייט אָפּצושטויסן די אָנגרייפער, האָבן געשאַפן אַ געפיל פון זיכערקייט ביי די נייע מתיישבים. קיין איין ישוב פון טיפ „מויער און טורעם" איז נישט געפאַלן צוליב די אַראַבישע אָנגריפן. נאָכדעם ווי ארי און זיין גרופּע האָבן געוויילט עטלעכע וואָכן

אין ישוב, פלעגן זיי אװעקגיין העלפן בויען אַ נייעם ישוב פון טיפּ „מויער און טורעם".

מיט דער צייט האָבן די נייע מתיישבים אויסגעברייטערט די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטן מחוץ דעם תחום פון מויער. די סטאַבילע בנינים זענען ביסלעכווייז אויסגעפּאַר־טיקט געוואָרן. פון צווישן די דאָזיקע בנינים זענען קודם־כל אויסגעבויט געוואָרן די קינדער־היימען און די שולן, וואָס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן אויף די איבערלעכע פּאַרטיי־דיקונגס־ליניעס, כדי זיי זאָלן זיין וואָס ווייטער פון פייער, בעת אַן אַנגריף מצד די אַראַבישע באַנדעס.

די צייטן פון „מויער און טורעם" האָבן דערמאָנט די שבי־ציון פון בחמיה'ס צייטן, ווען אויף יעדן פון זיי איז גע־זאָגט געוואָרן, אַז „מיט איין האַנט האָבן זיי געטאָן די אַרבעט און אין דער צווייטער האַנט האָבן זיי געהאַלטן אַ שווערד".

די אַראַבער זענען געוואָרן מיט יעדן טאָג אַלץ חוצפּה־דיקער, ביז די ענגלענדער אַליין האָבן שוין מער נישט גע־קאָנט פאַרמאַכן די אויגן אויפן טעראָר. דער מופטי חאַדזש אמין אל־כוסייני און קאוקאדזשי האָבן זיי פּשוט אויסגע־שטעלט צום שפּאָט. די ענגלענדער האָבן דאַן באַשלאָסן פאַ־באַנדערצולאָזן דעם „העכסטן אַראַבישן קאָמיטעט" און צו אַרעסטירן דעם מופטי. דער מופטי האָט זיך געראַטעוועט פון דער בריטישער פּאָליציי אין אַמאַר־מעטשעט. די ענגלענדער האָבן נישט געוואָגט אַריינצוגיין אין דאָזיקן אָרט, וואָס איז געווען הייליק פאַר אַלע מוסולמענער, אויס מורא אַרויסצו־רופן אַן אויפברויז אין דער גאַנצער אַראַבישער וועלט. אַ וואָך צייט האָט דער מופטי זיך אויטבאַהאַלטן אין מעטשעט. דאַן איז ער פון דאָרטן אַרויס קיין יפו איבערגעטאָן אַלס פרוי און

פון דאַנען איז ער אָפּגעשווומען אויף אַ שיף קיין לבנון.

נאָכדעם ווי דער מופטי איז אַנטלאָפן פון ארץ־ישראל האָט באַזונדערס די אַראַבישע באַפעלקערונג לייכטער אָפּגע־אָטעמט. אויך די יידן זענען געווען צופרידן. די אַנפאַלן האָבן זיך פאַרהענדיקט, די אומרוען האָבן זיך אייגעשטעלט און דאַן האָבן די ענגלענדער ווידער געשאַפן אַן אויספאָרשונגס־קאָמיסיע, כדי אויפצוקלערן דעם מצב. צוערשט האָבן די אַראַבער באָיקאָטירט די בריטישע אויספאָרשונגס־קאָמיסיע, אָבער שפּעטער האָבן זיי זיך געלאָזט איבעררייידן און זענען געקומען אָפּגעבן דערקלערונגען. אויך דער מופטי איז דער־שינען פאַר דער קאָמיסיע און אָפּגעגעבן פיינטלעכע דער־קלערונגען קעגן די יידן. די אַראַבער האָבן אויך אַרויסגע־רוקט קעגן די יידן פינאַנסיעלע טענות, טראָץ דעם, וואָס די יידישע באַפעלקערונג, זייענדיק אין מינדערהייט, האָט גע־צאָלט אַכט און פופציק פּראָצענט פון אַלע שטייערן.

דאָסמאָל, נאָכן אויספאָרשן דעם מצב, האָבן די ענגלענ־

דער אָנגענומען אַ נייע פּאָליטישע ליניע. זיי האָבן רעקאָ־מענדירט צו צעטיילן ארץ־ישראל אויף צוויי באַזונדערע מדינות. דער גרעסטער טייל איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די אַראַבער און די יידן האָבן באַקומען דעם שמאָלן פּאַס ביים ים־ברעג פון תל־אביב ביז חיפה, דעם עמק און אַ טייל פון גליל.

דער „ועד הלאומי”, די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַ־ציע און דער ישוב אין ארץ־ישראל זענען שוין געווען מיד פון די בלוט־פאַרגיסונגען, פון דעם פאַרשטאַרקטן אַראַבישן פאַנאַטיזם און פון ענגלישן פאַראַט, וואָס איז געוואָרן אַלץ בולטער. צוערשט איז די יידן צוגעזאָגט געוואָרן, לויטן מאַנ־

דאָס, אַז דאָס יידישע היימלאַנד וועט זיך געפינען אויף ביידע זייטן ירדן, און איצט האָבן די ענגלענדער פאַרגעלייגט בלויז אַ קליין שטיקל פון דאָזיקן געביט. טראָץ אַלעמען האָבן די יידן באַשלאָסן אָנצונעמען די ענגלישע פאָרשלאָגן.

די ענגלענדער האָבן זיך באַמיט אויפצוקלערן די אַראַבער, אַז אויך זיי זאָלן אָננעמען די פאָרשלאָגן, ווייל אויפן שטח, וואָס איז צוגעזאָגט געוואָרן די יידן, וועט מען נישט קאָנען אויפנעמען קיין סך נייע עולים. אָבער די פאָדערונג פון די אַראַבער איז געווען נישט מער און נישט ווייניקער, מען זאָל אַלע יידן אַריינוואַרפן אין ים. חאַדזש אַמין אל־כוסייני, וועלכער האָט זיך צו יענער צייט געפונען אין ביירוט, האָט אויפסניי אָרגאַניזירט אַ בונט.

דער אינזשיניער טאַגערט, וועלכער האָט אויפגעשטעלט אין ארץ־ישראל די בריטישע פּאָליציי־סטאַציעס, האָט אויך אויסגעבויט אַ צוים פון עלעקטריזירטן שטעכל־דראָט לענגאויס דער לבנונישער גרענעץ, כדי צו פאַרמיידן די אַריינדרינגונג פון דעם מופטיס באַנדיטן און געווער־שמוגלער. כדי צו פאַרשטאַרקן דעם צוים זענען אויף קליינע מרחקים אויך אַוועקגעשטעלט געוואָרן בעטאָן־בלאָקן. דער טאַגערט־צוים האָט פאַרלאַנגזאַמט די אַראַבישע אַריינדרינגונג, אָבער ער האָט זי נישט געקאָנט אָפּשטעלן פולשטענדיק.

איינע פון די דאָזיקע פאַרפעסטיקונגען פון טאַגערט־צוים איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן נישט ווייט פון נבי יושע און יד־אל, אומגעפער אויפן דאָזיקן אָרט, ווו עס געפינט זיך לויט דער טראַדיציע חער קבר פון דער מלכה אסתר. די דאָזיקע פעסטונג איז געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען „אסתר המלכה”. די „הגנה” האָט נאָך אַלץ געפירט אַ פּאָליטיק פון צוריקגעהאַלטנקייט, אָבער אין אירע רייען האָט זיך אָנגע־

הויבן פילן אַן אויפברויז און אַ סך מענטשן פון ישוב האָבן זיך געשטעלט די פראַגע, ווען וועט דער „וועד הלאומי" דער־לויבן דער „הגנה" אָנצוהויבן אַ מלחמה. אונטערן פאַר־שטאַרקטן דרוק האָט בן־גוריון צום סוף איינגעשטימט אויפן פּלאַן פון אבידן. זיינער צייט האָט דער קרן קיימת אויסגע־לייזט אַ שטיק ערד אין מערבדיקן גליל, ממש אויף דער לבנונישער גרענעץ. לויט די ידיעות פון אינפאָרמאַציע־דינסט פון דער „הגנה" האָט דאָס דאָזיקע אָרט געדינט אַלס צענטראַלע שטעלע פאַר דער אַראַבישער אַריינדריגלעריי.

קורץ נאָכדעם, ווי דער דאָזיקער באָדן איז אויסגעקויפט געוואָרן איז ארי בן־כנען, צוזאַמען מיט צוויי אַנדערע יונגע קאָמאַנדירן פון „הגנה" אַרויסגערופן געוואָרן אין געהיימען שטאַב פון אבידן אין תל־אביב. דער אָנפירער פון „הגנה" האָט אויסגעשפרייט פאַר זיי אַ מאַפּע און אָנגעוויזן אויף דעם נייעם שטיק באָדן, וואָס איז געקויפט געוואָרן. עס איז געווען קלאָר, אַז דאָס דאָזיקע אָרט האָט געהאַט אַ דעצידירנ־דע באַדייטונג פאַר דער פאַרזעצונג פון אַראַבישן אויפ־שטאַנד.

— איך וויל, אַז איר דריי זאָלט זיך שטעלן בראש פון אַן איינהייט, וואָס וועט אָנפאָרן אַהין, כדי דאָרטן אויפצו־שטעלן אַ נייעם קיבוץ האָט אבידן צו זיי געזאָגט. — מיר וועלן אויסקלייבן אַכציק בחורים און צוואַנציק מיידלעך פון צווישן אונדזערע בעסטע מענטשן. זיי וועלן אייך דאָרטן באַגלייטן. איך דאַרף אייך נישט אויפקלערן, וואָס עס קאָן אייך דאָרטן דערוואַרטן.

זיי האָבן צושטימענדיק געשאָקלט מיט די קעפּ.

— מיר גיבן זיך אָפּ אַ רעכענונג, אַז דער מופטי וועט טאָן אַלץ, כדי אייך פון דאָרטן צו פאַרטרייבן. דאָס איז צום

ערשטן מאָל, ווי מיר קלייבן אויס אַ התיישבות־פּונקט צו־ליב סטראַטעגישע טעמים...

שרה בן־כנען איז געווען שטאַרק נידערגעשלאָגן. זינט יאָרן האָט זי איר זון געזען בלויז מיט אַ בייטש אָדער אַ ביקס אין דער האַנט. איצט האָט זי מורא־באַקומען פאַר דער נייער שליחות. הונדערט פון די בעסטע קינדער אין אַ ישוב, וואָס איז אויסגעשטעלט אויף פאַרניכטונג. ארי האָט אַ קוש געטאָן דער מוטער און אָפּגעווישט די טרערן פון אירע אויגן. ער האָט שטומערהייט געדריקט די האַנט פון פאָטער. זיי האָבן זיך גוט פאַרשטאַנען אָן ווערטער. דפנה איז געקומען צו אריס עלטערן און זיי האָבן זיך געזעגנט אויך מיט איר.

דפנה און ארי האָבן פאַרלאָזן יד־אל. אויף אַ רגע האָבן זיי אויסגעדרייט זייערע פּנימער צו די פעלדער און צו די פריינט, וואָס זיי האָבן דאָרטן איבערגעלאָזט. ברק האָט אָפּ־געזיפצט און אַרויפגעלייגט זיין אָרעם אויף שרהס אַקסל. זיי האָבן לאַנג געקוקט, ביז דאָס פּאָרל איז פאַרשוווּנדן פון זייערע אויגן.

— זיי פאָהרן אַזוי ווייניק פון לעבן... — האָט שרה גע־פליסטערט. — ביז ווען... ביז ווען וועלן מיר מוזן ברענגען קרבנות...

הונדערט אויסגעוויילטע יוגנטלעכע פון ישוב זענען אַוועק צו דער לבנונישער גרענעץ, כדי צו פאַרמאַכן דעם וועג פאַר די רויבער און מערדער. ארי בן־כנען, דער צוויי און צוואַנציק יאָריקער בחור, איז באַשטימט געוואָרן אַלס וויצע־קאָמענדאַנט פון פּונקט.

דעם נייעם ישוב האָבן זיי אַ נאָמען געגעבן „המשמר״ — דער וואַך־פּאָסטן.

# קאַפּיטל 16

ציען לאַסט־אויטאָס האָבן אָפּגעפירט די הונדערט בחורים און מיידלעך פון „הגנה", צוזאַמען מיט דער אויסשטאַטונג צום אָרט. זיי זענען געפאָרן מיטן שאָסיי לענגאויס דעם ים־ברעג, פאַרביי נהריה, און פון דאָרטן האָבן זיי זיך פאַרקע־רעוועט אין אַ געביט, ווו ביז איצט האָט נאָך קיין ייד נישט געוואַגט צו קומען. טויזנט פאַר אַראַבישע אויגן האָבן זיך צוגעקוקט צום עשאַלאָן, וואָס איז געפאָרן באַרג אַרויף, האַרט ביי דער לבנונישער גרענעץ, ביי דער טאַגערט־פאַרצוימונג.

זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן, האָבן אויסגעשטעלט וואַך־פּאָסטנס און האָבן שנעל אויסגעלאָדן די לאַסט־אויטאָס, וועל־כע האָבן זיך געאײַלט, כדי זיך צוריקצוקערן קיין נהריה איידער עס ווערט נאַכט. די הונדערט יונגע מענטשן זענען געבליבן אַליין. איבער זיי, אין די בערג האָט געווימלט מיט כנופיהס פון אַראַבישע באַנדיטן. הינטער זיי האָבן זיך גע־פונען צענדליקער פייַנטלעכע אַראַבישע דערפער.

זיי האָבן אַרומגערינגלט דעם שטח מיט אַ וואַנט, האָבן זיך איינגעגראָבן און געוואַרט ביז עס וועט ווערן טאָג.

צומאָרגנס האָט זיך פון חברון ביז ביירוט שנעל פאַר־שפּרייט די ידיעה: „די יידן זענען געקומען אין די בערג!" האַדזש אמין אל־כוסייני, וועלכער האָט זיך געפונען אין ביי־רוט, האָט געברענט פאַר כעס. דאָס איז געווען אַן אָפענע אַרויספאָדערונג. ער האָט זיך געשווירן ביי אללא און ביי

זיין בארד, אַז די יידן וועלן אַריינגעוואָרפן ווערן אין ים.

די הונדערט בחורים און מיידלעך, מיטגלידער פון „הגנה" האָבן שווער געהאָרעוועט, כדי צו פאַרפעסטיקן זייערע פּאָזי־ציעס צופוסנס פון באַרג. זיי האָבן זיך געגרייט אויף אַן אַראַבישן אָנגריף. יעדע נאַכט פלעגן דפנה און ארי, ווען זיי האָבן נישט געהאַט קיין וואַך, אַנידערפאַלן טויט־מידע איי־נער נעבן אַנדערן אין טיפן שלאָף.

אויף דער פערטער נאַכט איז געקומען דער אָנגריף! דאָס איז געווען אַזאַ שווערער איבערפאַל, וואָס קיין יידישער ישוב האָט נאָך נישט איבערגעלעבט. אין משך פון פינף שעה נאָכאַנאַנד האָבן די אַראַבער באַשאָסן מיט אַן אוימאויפהער־לעכן פייער פון ביקסן און מאַשין־געווער די פּאָזיציעס פון די יידישע יוגנטלעכע. צום ערשטן מאָל האָבן די אַראַבער גע־לאָזט אין גאַנג גראַנאַטן־וואַרפער. ארי און זיינע זעלנער האָבן זיך איינגעגראָבן און געוואַרט ביז די אַראַבער וועלן צוטרעטן צו אַ שטורם־אָנגריף.

דער אָנגריף האָט זיך אָנגעהויבן. די מענטשן פון די אַראַבישע באַנדעס האָבן זיך אָנגעהויבן צו דערנענטערן פויזנדיק אויף די בייכער, מיט מעסערס צווישן די ציינער.

פלוצים האָט פון הינטערן מויער אַ בליץ־געטאָן אַ העל ליכט, וואָס איז געוואָרפן געוואָרן פון אַ טורעם רעפלעקטאָרן. אַלע פעלדער אַרום זענען העל באַלויכטן געוואָרן, ווי עס וואָלט געוואָרן טאָג. די אַראַבער זענען געזען געוואָרן פון דער נאָענט און אין זעלבן מאָמענט האָבן די יידן אַראָפּגעלאָזט אויף זיי אַ שרעקלעכן פייער, וואָס האָט גלייך אַוועקגעלייגט זעכציק אַראַבער. אַ טויט־שרעק האָט אַרומגעכאַפּט די אָנ־גרייפער. אין זעלבן מאָמענט איז ארי מיט אַ העלפט פון זיינע מענטשן אַרויסגעשפּרונגען פון הינטערן מויער אין אַ קעגן־

אַנגריף און באַלד איז דאָס גאַנצע שלאַכט־פעלד געוואָרן באַ־דעקט מיט טויטע און פאַרווונדעטע אַראַבער. די איבעריקע זענען שרייענדיק אַנטלאָפן אין פאַנישער שרעק.

אַ וואָך צייט האָבן די אַראַבער נישט אונטערגענומען קיין נייעם אַנגריף. דער מופטי און קאוקאדזשי האָבן זיך באַמיט איבערצוריידן די אַראַבער זיי זאָלן פּרוּוון נאָך אַמאָל, אָבער נישט די דראָונגען און נישט די צוזאָגונגען האָבן זיי געקאָנט באַוועגן ווידעראַמאָל אַנצוגרייפן די יידן.

ביים ערשטן אַנגריף האָט די „הגנה" פאַרלוירן דריי בחורים און איין מיידל. צווישן די אומגעקומענע איז אויך געווען דער קאָמאַנדיר. ארי בן־כנען האָט איבערגענומען די אָנפירונג.

יעדן טאָג האָבן די „הגנה"־חברים זיך פּאָרויסגערוקט עטלעכע מעטער באַרג־אַרויף, ווו זיי האָבן זיך איינגעגראָבן און געוואַרט ביז עס וועט ווערן טאָג. די אַראַבער האָבן זיי אָבסערווירט פון זייערע פּאָזיציעס, וואָס האָבן זיך געפונען אויבן אויפן באַרג. זיי האָבן אָבער נישט געוואַגט אָנצוגרייפן, כל־זמן עס איז געווען ליכטיק. סוף וואָך האָט ארי פאַרלאָזן די ערשטע באַזע און האָט אויפגעשטעלט אַ צווייטע באַזע אויפן וועג צום שפּיץ פון באַרג.

די אַראַבער האָבן אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו באַנייען זייער אַנגריף, אָבער זיי האָבן גוט געדענקט די לעקציע פון דער ערשטער באַכט. דאָס מאָל האָבן זיי נישט געפּרוּווט אָנ־גרייפן דעם לאַגער דירעקט, נאָר זיי האָבן זיך באַגנוגנט מיט באַשיסן דעם לאַגער פון דערווייטנס.

אין דער זעלבער צייט, ווען די אַראַבער זענען געווען אומדעצידירט, האָט ארי באַשלאָסן אַליין אַרויסצוטרעטן אין אַן אַנגריף. צום סוף פון דער צווייטער וואָך, פאַרטאָג, האָט

ער אָנגעהויבן זיין אַקציע. ער האָט אָפּגעוואַרט ביז די אַראַ־
בער זענען מיד געוואָרן פון שיסן אַ גאַנצע נאַכט און דאַן
האָט ער אַרויסגעפירט אין אָנגריף פינף און צוואַנציק פון
זיינע בעסטע בחורים און צען מיידלעך, וועלכע האָבן אין
שטורעם פאַרטריבן די אַראַבער פון שפּיץ באַרג. אין דער
גרעסטער איילעניש האָבן די יוגנטלעכע זיך איינגעגראָבן,
בעת די אַראַבער זענען געקומען צו זיך פון שרעק נאָך דער
אַטאַקע און זיך גענומען גרייטן צו אַ קעגן־אָנגריף. ארי
האָט פאַרלוירן פינף סאָלדאַטן, אָבער די פּאָזיציע איז איינ־
געהאַלטן געוואָרן אין זיינע הענט. די „הגנה"־חברים האָבן
שנעל אויפגעבויט אַ באַפעסטיקטן אָבסערוואַציע־פּונקט אויפן
שפּיץ באַרג, וואָס האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט צו זען דעם
גאַנצן אַרומיקן שטח.

דער מופטי איז שיעור נישט משוגע געוואָרן פאַר כעס.
ער האָט געטוישט די קאָמאַנדירן און האָט צונויפגעזאַמלט
נייע טויזנט מאַן, וועלכע זענען צוגעטראָטן צו אַן אָנגריף
קעגן די יידישע פּאָזיציעס. ווען זיי זענען אָבער באַגעגנט
געוואָרן מיט אַ ביקסן־פייער פון דער „הגנה", זענען די אַראַ־
בער זיך צעלאָפן אין בהלה אויף אַלע זייטן.

די אַראַבישע באַנדעס האָבן פאַרביטערט דאָס לעבן פון
די בחורים און מיידלעך דורך אַן אומאויפהערלעכער באַ־
שיסונג. אריס איינהייט איז געווען פולשטענדיק אָפּגעשניטן
פון די איבעריקע ישובים. דער נאָענטסטער פּונקט איז גע־
ווען נהריה. די גאַנצע באַזאָרגונג, אפילו וואַסער, האָט מען
געמוזט ברענגען צופיס דורכן שטח פון שונא. אויף לאַסט־
אויטאָס און ווען מען האָט שוין געבראַכט שפּייז און וואַסער
האָט מען עס געדאַרפט אַרויפטראָגן מיט די הענט צום
שפּיץ באַרג.

טראָץ אָבער אַלע שוועריקייטן האָט „המשמר" זיך פעסט געהאַלטן. עס זענען דאָרטן אויפגעשטעלט געוואָרן אייניקע צריפים און צופוסנס פון באַרג איז פאַרלייגט געוואָרן אַ שאָסיי. יעדע נאַכט האָבן אריס מענטשן פאַטרולירט לענגשאָסיי אויס דער טאַגערט־פאַרצוימונג, כדי צו כאַפּן אַריינדרינגלער אָדער געווער־שמוגלער. דער געהיימער צוגאַנג פון מופטי צו ארץ־ישראל איז פאַרשטאָפּט געוואָרן.

אריס מענטשן זענען דאָס רוב געקומען פון קיבוץ אָדער מושב. די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעט איז זיי געלעגן אין בלוט און פלייש און אומעטום ווו זיי האָבן זיך געפונען, זענען זיי גלייך צוגעטראָטן צום באַאַרבעטן די ערד. אויך אין „המשמר" האָבן זיי אָנגעהויבן צו באַאַרבעטן דעם באָדן! זיי האָבן געהאַט בדעה צו פאַרלייגן דאָרטן אַ קיבוץ און איצט זענען זיי צוגעטראָטן צו רעאַליזירן זייער פּלאַן. די לאַנדווירטשאַפטלעכע באַאַרבעטונג פון אַ באַרג־שיפּוע איז געווען פאַר זיי אַ נייעס, אָבער באַזונדערס שווער איז דאָס געווען אויף אַן אָרט, ווו חוץ די רעגנס זענען נישט געווען קיין שום נאַטירלעכע באַוואַסערונגס־מעגלעכקייטן. זיי האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט מיטן זעלבן ברען און שווונג, מיט וועלכן עס זענען אויסגעטריקנט געוואָרן די זומפּן פון עמק־יזרעאל און דאָס וויסטע פלאַכלאַנד פון שרון. זיי האָבן פאַרלייגט טעראַסן אויפן באַרג און האָבן זיך געווענדעט צום קרן קיימת וועגן געלט, כדי איינצוקויפן לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען.

דער „וועד הלאומי" און די אָנפירונג פון „הגנה" זענען געווען אַזוי באַגייסטערט מיטן דערפאָלג פון די מוטיקע יונגעלייט פון „המשמר", אַז ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אויפצושטעלן נאָך אַזעלכע ישובים ווי „המשמר" אין אַנדערע סטראַטעגישע

פונקטן פון לאַנד. ווען די אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען האָבן נאָך געדויערט, איז אַ גרופּע פרומע יידן אַרויס אין עמק בית־שאן און דאָרטן געגרינדעט דעם קיבוץ „טירת צבי". אויך דער דאָזיקער נייער ישוב איז אויסגעשטאַנען אַ סך אַראַבישע אָנגריפן, וועלכע זענען אָבער אָפּגעשטויסן געוואָרן מיט דער זעלבער גבורה, וואָס אין „המשמר".

אַ געוויסע נאַכט איז ארי געלעגן אין זיין געצעלט און פעסט געשלאָפן נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט. פּלוצים האָט ער דערפילט ווי עמיצער וועקט אים.

— ארי... שטיי אויף... שנעל...

ער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די קאָלדרע, האָט געכאַפּט אַ ביקס און איז אַרויסגעלאָפן צוזאַמען מיט אַ גאַנצער גרופּע אויף די דרומדיקע פעלדער, וווּ מען האָט פאַרלייגט טעראַסן, כדי דאָרטן צו פאַרזייען וויין־גערטנער. אויפן אָרט האָט ער געטראָפן פאַרזאַמלט אַ גרופּע פון קיבוץ־חברים, וועלכע האָבן מיט אויפגערעגטע שטימען גערעדט וועגן עפּעס. ווען זיי האָבן דערזען ארין זענען אַלע שטיל געוואָרן. ער האָט זיך דורכגעשטופּט צווישן די פאַרזאַמלטע און אַ בליק געטאָן אויף דער ערד. דער באָדן איז געווען דורכגעזאַפּט מיט בלוט און אַרום האָבן זיך געוואַלגערט שטיקער פון אַ צעריסענער בלויער בלוזע. אַ בלוטיקע שפּור האָט געפירט פון אָרט צו די בערג. ארי האָט שטום אָנגעקוקט די אַרומיקע, אָבער קיינער האָט נישט געוואָגט זיך אָפּצורופן.

— דפנה... — האָט ארי געפליסטערט.

מיט צוויי טעג שפּעטער האָט מען געפונען איר טויטן קערפּער. די אַראַבער האָבן אָפּגעשניטן ביי איר די הענט, די

אויערן אין די נאָז. אירע אויגן זענען אויסגעשטאָכן געוואָרן. מען האָט זי אויך פאַרגוואַלדיקט.

קיינער האָט נישט געזען, אַז ארי בן־כנען זאָל לאָזן פאַלן אַ טרער. ער פלעגט בלויז פאַרשווינדן אויף לאַנגע שעהן און זיך צוריקקערן אַ בלייכער אויפן פּנים. ער האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין טרויער אָדער האַס, אפילו נישט קיין כעס. ער האָט מיט קיינעם נישט גערעדט וועגן דפנה׳ס טויט. ארי האָט אויפגענומען דאָס אומגליק, פּונקט אַזוי ווי דער גאַנצער יידישער ישוב פלעגט אויפנעמען ענלעכע אומגליקן: נישט ענטפערן צוריק מיט קיין געוואַלט־טאַטן, נאָר בלייבן פעסט אין באַשלוס זיך נישט צו לאָזן פאַרטרייבן פון דער ערד. ארי בן־כנען איז דורך און דורך געווען אַ זעלנער. צענדליקער אַראַבישע דערפער, וואָס האָבן זיך געפונען נישט ווייט פון „המשמר", האָבן געציטערט פאַר שרעק, וואַרטנדיק אויף אַ רעוואַנזש מצד די יידישע יונגעלייט, אָבער דער רעוואַנזש איז נישט געקומען.

די יידן האָבן זיך פאַרפעסטיקט אין „המשמר", „טירת צבי" און אַנדערע סטראַטעגישע פונקטן. די דאָזיקע בייע טאַקטיק האָט וואָס אַן אמת באַגרענעצט די באַוועגונגס־פרייהייט פון מופטיס באַנדעס, אָבער זי האָט נישט געקאָנט פאַרמיידן אַ בונט מצד די אַראַבער.

אין דאָזיקן פלאָנטער האָט זיך אַריינגעמישט אַן ענגלישער מאַיאָר מיטן נאָמען פּ. פּ. מאַלקאָלם.

בעתן אויסברוך פון אַראַבישן בונט איז מאַיאָר פּ. פּ. מאַלקאָלם אַריבערגעפירט געוואָרן אין ענגלישן „אינטעלידזשענס סערוויס" אין ירושלים. ער איז געווען אַן אייגנזאַמער מענטש, שטאַרק אָפּגעלאָזן און זיין גאַנצע האַלטונג איז געווען אין

פולשטענדיקן ווידערשפרוך צו דער ענגלישער מיליטערישער טראַדיציע. אויסערלעכע פאָרמען האָט ער געהאַלטן פאַר אַ לעכערלעכע זאַך און ער האָט אַרויסגעזאָגט זיינע מיינונגען אָפן און שאַרף, נישט רעכענענדיק זיך מיט קיינעם. אָפטמאָל פלעגט ער גאַנצע טעג נישט אויסריידן קיין וואָרט. ווען ער פלעגט אַריינפאַלן אין טיפע מחשבות האָט ער זיך נישט רא־זירט און נישט פאַרקעמט. אַלס עקסצענטרישער מענטש האָט ער שאָקירט די סביבה און די איבעריקע אָפיצירן האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ משוגעדיקן טיפ. ער איז געווען הויך און מאָ־גער, האָט געהאַט אַ בייביקן פנים און דערצו האָט ער נאָך לייכט אונטערגעהונקען.

ווען מאַלקאָלם איז אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל האָט ער אָפן סימפּאַטיזירט מיט די אַראַבער, ווייל דאָס איז געווען דאַן אָנגענומען דורך אַלע בריטישע אָפיצירן. אָבער די דאָזיקע סימפּאַטיע האָט לאַנג נישט געדויערט און אין גאָר אַ קורצער צייט איז פ. פ. מאַלקאָלם געוואָרן אַ פאַרברענטער ציוניסט.

ווי דאָס רוב נישט־יידן, וואָס זענען באַגייסטערט געוואָרן פאַרן ציוניסטישן געדאַנק, איז אויך מאלקאָלם געווען אַ סך פאַנאַטישער, ווי די יידן גופא. ער האָט זיך אויסגעלערנט ביי אַ רב העברעאיש און זיין גאַנצע פרייע צייט האָט ער פאַר־בראַכט מיט לייענען דעם תנ״ך. ער איז געווען איבערצייגט, אַז ס'איז אַ געבאָט פון גאָט צו באַנייען דאָס לעבן פון יידישן פאָלק אַלס זעלבשטענדיקע נאַציע. מאַלקאָלם האָט געגנוי דורכ־שטודירט אַלע מיליטערישע קאַמפּאַניעס פון תנ״ך און די אַק־ציעס פון יהושע בן־נון, דוד, גדעון און אַנדערע יידישע מי־ליטער־פירער. צום סוף האָט ער זיך איינגערעדט, אַז זיין קו־מען קיין ארץ־ישראל איז געווען לויטן ווילן פון דער השגחה און אַז ער, מאַלקאָלם, איז באַשטימט געוואָרן דורכן אויי־

בערשטן, כדי צו פירן די בני־ישראל צו זייער דערהויבענעם ציל.

פ. פ. מאַלקאָלם פלעגט פאָרן איבערן לאַנד אין אַן אַלטן אויטאָ, וואָס ער האָט געקויפט פאַר ביליק ביי אַ הענדלער פון אייזן־שמעלץ, און דאָרטן ווו דער אויטאָ האָט נישט געקאָנט פאָרן, פלעגט ער אַ היבקעדיקער גיין צופוס. ער האָט באַזוכט אַלע שלאַכטפעלדער פון דער תנכ״ישער צייט, כדי אויפן אָרט צו רעקאָנסטרואירן די דעמאָלטיקע טאַקטיק. סיי די יידן און סיי די אַראַבער פלעגן מיט שטוינונג אָנקוקן דעם דאָזיקן מאָדנעם מענטש, וועלכער האָט היבקעדיק מאַרשירט לענג־אויס די וועגן, מורמלענדיק הויך אויפן קול קאַפּיטלעך תהילים.

די מענטשן האָבן זיך גלייכצייטיק געוווּנדערט, פאַרוואָס די מיליטער־אָנפירונג דולדעט אַזאַ פאַרשוין ווי דעם מאַיאָר מאַלקאָלם. גענעראַל טשאַרלס, הער הויפט־קאָמאַנדיר פון די ענגלישע כוחות אין ארץ־ישראל, איז געווען איבערצייגט, אַז מאַיאָר מאַלקאָלם איז אַ גאון און איינער פון די זעלטענע טיפּן מיט אַן אייגענער מיינונג, וואָס טרעפן זיך אויך אפילו אין מיליטער. דער מאַיאָר האָט אויסגעלאַכט אַלע ענגלישע מיליטערישע אינסטרוקציעס און זייערע סטראַטעגישע סיסטעמען, און ער האָט געהאַלטן, אַז דאָס גאַנצע ענגלישע מיליטער עקזיסטירט בלויז צוליב דעם, כדי צו פאַרשווענדן גרויסע געלט־סומען. עס האָט זיך נאָך נישט פאַסירט קיין פאַל, אַז עמיצער זאָל אַרויסגיין אַלס זיגער אין אַ וויכוח מיט אים. גלייכצייטיק איז ער געווען איבערצייגט, אַז זיין מיינונג וועגן אַלע ענינים, איז פריי פון וועלכע עס איז פעלערן.

אַ געוויסן פאַרנאַכט האָט פ. פ. מאַלקאָלם פאַרלאָזן זיין אויטאָ, נאָכדעם ווי עס האָבן געפּלאַצט צוויי רעדער, און ער

איז אַוועק צו פוס קיין יד־אל. ווען ער איז אַריבער דעם פאַר־טיידיקונגס־תחום פון ישוב זענען אים אַנטקעגנגעקומען אַ צענדליק שומרים. אַ צעשמייכלטער האָט ער זיי באַגריסט פאָכנדיק מיטן האַנט, און זיך הויך אָפגערופן:

— איר האָט דאָ געטאָן אַ גוטע אַרבעט, חברה. און איצט, זייט אַזוי גוט, און פירט מיך צו ברק בן־כנען.

מאַלקאָלם איז אַן אויפגערעגטער אַרומגעגאַנגען הין־ און צוריק אין ברקס צימער. דאָסמאָל האָט ער אויסגעזען נאָכמער אָפגעלאָזן ווי שטענדיק. אין משך פון אַ לאַנגער צייט האָט ער געהאַלטן אין איין ריידן וועגן דער גרויסקייט פון ציוניזם און דער געשיכטלעכער מיסיע פון דער העברעאישער נאַציע. צום סוף האָט ער דערקלערט:

— איך האָב ליב די יידישע קעמפער. נישטאָ אַזאַ קעמפער ווי אַ יידישער זעלנער, ווייל ער קעמפט און לעבט פאַר אידעאַלן. דאָס לאַנד איז פאַר אים טייער. איר, די מענטשן פון „הגנה", שטעלן מיט זיך פאָר אַ מיליטערישע קערפערשאַפט, וואָס האָט נישט איר גלייכן אויף דער וועלט פון שטאַנדפונקט פון דערציאונג, קולטור און דער הויבער שטרעבונגען.

ברק בן־כנען האָט נאָך אַלץ געשוויגן.

— נעמט, למשל, דעם ענגלישן זעלנער — האָט מאַלקאָלם ווייטער זיך אָפגערופן. — ער איז אַ מוטיקער קעמפער, און דאָס איז אַ גרויסע מעלה. ער איז דיסציפּלינירט, און אויך דאָס איז אַ גרויסע מעלה. אָבער מיט דעם פאַרענדיקן זיך זיינע מעלות. ער איז אַ טיפּש, ער שיכורט און איז מסוגל צו

שלאָפן אין דער מחיצה פון חזירים. איך האָב צו דיר אַן ענין, ברק. איך האָב בדעה זיך צו ווידמען דער „הגנה" און זי פאַרוואַנדלען אין אַן ערשטקלאַסיקן מיליטע־רישן כוח. איר האָט אַ רוי־מאַטעריאַל, וואָס איך האָב אין לעבן נאָך נישט געזען.

ברק בן־כנען איז געבליבן שטיין מיט אַן אָפן מויל פאַר איבעראַשונג.

מאַלקאָלם האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער. ער האָט געזען די וואַסער־שפּריצערס, וואָס האָבן זיך געדרייט איבער די פעלדער, און פון דערווייטנס האָט ער באַמערקט דאָס דאָרף בני יושע, וואָס איז געלעגן צופוסנס פון באַרג, נעבן איינצער פון די טאַגערט־פעסטונגען.

— צי זעסטו דאָרטן די פעסטונג? — האָט מאַלקאָלם זיך אָפּגערופן צו ברקן. — איר רופט עס „די פעסטונג אסתר" און איך רוף עס „טיפשות". די אַראַבער קאָנען עס לייכט אַרומ־רינגלען. די ענגלענדער האָבן זיך נאָך גאָרנישט אויסגע־לערנט.

מאַלקאָלם האָט אָנגעהויבן צו זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים, אַרויסזאָגנדיק די העברעאישע ווערטער מיט אַן איבעראַשנדער לייכטקייט.

— איך האָב זיך אויסגעלערנט אויף אויסנווייניק הונדערט זעקס און צוואַנציק קאַפּיטלעך תהילים — האָט ער געזאָגט.
— דאָס באַרואיקט מיין געמיט.

— מאַיאָר מאַלקאָלם — האָט ברק זיך אָפּגערופן—אפשר וועסטו מיר אויפקלערן דעם ציל פון דיין וויזיט?

— אַלע ווייסן, אַז ברק בן־כנען איז אַן אָרנטלעכער מענטש — האָט מאַלקאָלם געזאָגט. — איך מוז דיר אָפן הערקלערן, אַז דער גרעסטער טייל פון די יידן רעדט צופיל. אין מיין

יידישן מיליטער וועט מען זיך באַגנוגענען מיט צען וועטערער.
איך וועל זיין דער ריידער.

— האָסט מיך שוין איבערצייגט, אַז דו ווילסט זיין דער אייִנציקער ריידער — האָט ברק מיט איראָניע זיך אָפּגערופן.

דער מאַיאָר האָט עפּעס אַ ברום־געטאָן אונטער דער נאָז און האָט גענומען אַרויסקוקן דורכן פענצטער. דאַן האָט ער זיך פלוצים אויסגעדרייט. אין זיינע אויגן האָט געברענט דער זעלבער פאַנאַטיזם, וועלכן ברק האָט אָפּט געזען אין בליק פון זיין ברודער עקיבא.

— מיר דאַרפן קעמפן! — האָט דער מאַיאָר אויסגעשריען.

— דאָס איז דאָס אייִנציקע, וואָס מיר דאַרפן טאָן. עס גייט וועגן שאַפן אַ יידישע נאַציע, ברוך בן־כנען, דאָס איז די שליחות.

— איך בין ביי דער זעלבער מיינונג, וואָס איר, מאַיאָר. איר דאַרפט מיך נישט דערמאָנען וועגן דעם.

— מען דאַרף אייך יאָ דערמאָנען... אייך אַלעמען דאַרף מען וועגן דעם דערמאָנען... כל־זמן איר זיצט פאַרמאַכטע אין אייערע ישובים. מיר דאַרפן אַרויסגיין פון דאָרטן און אָנהויבן צו באַשטראָפן די אומגלויביקע אַראַבער. ווען אַן אַראַבער גייט אַרויס פון אַ קאַפע־הויז און גיט אָפּ אַ שאָס פון אַ קילאָמעטער ווייט אויף אַ יידישן ישוב, האַלט ער זיך פאַר אַ העלד. עס איז געקומען די צייט מיר זאָלן לערנען שכל די דאָזיקע פאַרשאָלטענע געצן־דינער. העברעער דאַרף איך האָבן... העברעאישע סאָלדאַטן! באַזאָרג מיר אַ צוזאַמענ־טרעף מיט אבידן. די ענגלענדער זענען צו אידיאָטיש, כדי זיי זאָלן קאָנען באַגרייפן מיינע מעטאָדן.

פונקט אַזוי ווי דער מאַיאָר איז פלוצים דערשינען אין יד־אל, אַזוי איז ער אויך פאַרשוואונדן. פ. פ. מאַלקאָלם האָט

אַוועקגעהונקען צום טויער פון מושב, זינגענדיק הויך אַ קאַ־פּיטל תהילים. ברק בן־כנען האָט אים נאָכגעקוקט און גלעטנ־דיק זיך ביי דער באָרד האָט ער באַדייטונגספול געשאָקלט מיטן קאָפּ.

ברק בן־כנען האָט זיך פריַנאַך פאַרבונדן טעלעפאָניש מיט אבידן. זיי האָבן ביידע גערעדט אויף יידיש, כדי מען זאָל נישט פאַרשטיין, אין פאַל ווען מען וואָלט אונטערגע־הערט זייער געשפרעך.

— ווער איז דער דאָזיקער מאַן? — האָט ברק געפרעגט.

— ער איז געקומען צו מיר ווי אַ משיח און געהאַלטן אַ רעדע וועגן ציוניזם.

— מיר האָבן אינפאָרמאַציעס וועגן אים — האָט אבידן געענטפערט. — איך וועל דיר זאָגן דעם אמת. ער איז אַזאַ משונהדיקער טיפּ, אַז מיר ווייסן נישט וואָס צו טראַכטן וועגן אים.

— צי קאָן מען זיך אויף אים פאַרלאָזן? — האָט ברק גע־פרעגט.

— מיר ווייסן נישט.

זינט דאַן האָט מאַיאָר מאַלקאָלם אָנגעהויבן צו פאַר־ברענגען זיין גאַנצע פרייע צייט אין דער געזעלשאַפט פון יידן. ער האָט אָפן דערקלערט, אַז די ענגלישע אָפיצירן זענען אידיאָטן און בודניקעס. אין משך פון אַ קורצער צייט איז זיין נאָמען באַקאַנט געוואָרן אין גאַנצן ישוב. הגם ער האָט גע־הערט צו די הויכע קרייזן פון די מאַכט־אָרגאַנען, האָבן זיך די יידישע מנהיגים באַצויגן צו אים ווי צו אַן אומשעדלעכן עקסצענטריקער. מען האָט אים גערופן מיט סימפּאַטיע „אונ־דזער משוגענער ענגלענדער".

גאָר גיך האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט, אַז דער דאָזי־קער מאַיאָר איז לגמרי נישט קיין משוגענער. בעת דיסקו־סיעס אין אַן ענגן קרייז האָט ער אַרויסגעוויזן אַזאַ גרויסן איבערצייגונגס־כוח, אַז קיינער האָט נישט געקאָנט זיך גלייכן צו אים. די אָנפירער פון ישוב זענען ווי פאַרכשופט געוואָרן פון זיינע רייד.

אַ געוויסן טאָג, נאָכדעם ווי אין משך פון זעקס חדשים האָט מען אים, אונטער פאַרשיידענע אויסריידן, נישט צוגע־לאָזן צו דער קאַנצעלאַריע פון בן־גוריון, איז ער אומגעריכט געקומען אַליין אין בנין פון „וועד הלאומי". אַריינקומענדיק אומגעמאָלדן אין דער קאַנצעלאַריע, האָט ער שנעל אויסגע־רופן:

— הערט אויס, בן־גוריון! איר זענט נישט קיין קלוגער מענטש. אייער גאַנצע צייט פאַרלירט איר אויף געשפּרעכן מיט די אַראַבער, אָבער פאַר אַ פריינט האָט איר נישט קיין פינף מינוט צייט.

גלייך ווי ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער זיך אויסגע־דרייט און פאַרלאָזן דאָס צימער.

אַ פּאָר טעג שפּעטער איז מאַיאָר מאַלקאָלם אַוועק צום גענעראַל טשאַרלס, דעם קאָמאַנדיר פון די בריטישע מילי־טערישע כוחות אין ארץ־ישראל. ער האָט זיך באַמיט איבער־צוצייגן דעם גענעראַל, ער זאָל אים דערלויבן זיך צו באַנוצן מיט יידישע זעלנער, כדי אַרויסצוטרעטן אין קאַמף קעגן די אַראַבער. גענעראַל טשאַרלס, ווי דאָס רוב ענגלישע אָפיצירן, איז געווען פּראָ־אַראַביש געשטימט, אָבער דער בונט פון מופטי האָט געדראָט די ענגלענדער מיט אַזאַ קאָמפּראָמיטאַ־ציע, אַז דער גענעראַל האָט באַשלאָסן צו געבן דעם מאַיאָר מאַלקאָלם פרייע הענט.

מאַלקאָלם איז אָנגעקומען מיט זיין אַלטן אויטאָ אין „המשמר“, ווו מען האָט אים גלייך אַוועקגעפירט צו אריין. דער קרעפטיקער אָנפירער פון דער „הגנה“־גרופע האָט מיט פאַר־וווּנדערונג אָנגעקוקט דעם מאָגערן ענגלענדער, וועלכער איז פלוצים אַראָפּגעקומען צו זיי אין קיבוץ.

מאַיאָר מאַלקאָלם האָט גוט־ברודעריש געקלאַפּט אריין איבער דער פּלייצע.

— דו זעסט אויס ווי אַן אָרנטלעכער בחור — האָט דער ענגלישער מאַיאָר געזאָגט. — הער, וואָס איך זאָג דיר, פיר אויס מיינע באַפעלן, און אָבסערוויר מיינע מעשים. און דאַן וועל איך מאַכן פון דיר אַן ערשטקלאַסיקן זעלנער. און איצט ווייז מיר אייער לאַגער און אייערע פּאָזיציעס.

אריי איז געוועזן צעטומלט. אויפן גרונט פון אַ קאָנצעסיי־טיקן אָפּמאַך האָבן די ענגלענדער ביז־איצט נישט באַזוכט דעם קיבוץ „המשמר“ און זיי האָבן אויך געדאַרפט זיך מאַכן נישט־זעענדיק, אַז אריי פאַרמאָגט באַוואָפנטע פּאַטרולן. פון דער אַנדערער זייט אָבער האָבן זיי געהאַט רעכט צו קאָנטראָ־לירן דעם קיבוץ. מאַיאָר מאַלקאָלם האָט זיך לגמרי נישט גע־רעכנט מיט אריס חשד און ער האָט אויך אָפּגעוואָרפן אריס פאָרשלאָג אים צו ווייזן בלויז אַ העלפט פון די פאַרפעס־טיקטע פּאָזיציעס.

— ווו איז דיין געצעלט, מיין זון? — האָט דער מאַיאָר געפרעגט.

אַריינקומענדיק אין געצעלט האָט דער מאַיאָר זיך אויס־געצויגן אין זיין גאַנצער לענג אויפן פעלד־בעטל.

— צו וואָס זענט איר איינגעטלעך געקומען, מאַיאָר? — האָט אריי געפרעגט.

— ברענג מיר אַ מאַפּע, מיין זון — האָט מאַלקאָלם זיך אָפּגערופֿן, נישט ונטפערנדיק דירעקט אויף אריס פראַגע.

ארי האָט אים געגעבן אַ מאַפּע. מאַיאָר מאַלקאָלם האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון בעטל, האָט פאַנאַנדערגע־שפרייט די מאַפּע און זיך גענומען גלעטן איבערן קינבאַק.

— ווו איז די אראבישע אויסגאַנגס־פּאָזיציע? — האָט ער געפרעגט.

ארי האָט מיטן פינגער אָנגעוויזן אויף אַ קליין דערפל, אַן ערך פופצן קילאָמעטער אין לבנונישן שטח.

— הייגט וועלן מיר זייערע פּאָזיציעס פאַרניכטן — האָט מאַיאָר מאַלקאָלם רואיק געזאָגט.

אין דער זעלבער נאַכט איז אונטער דער אָנפירונג פון מאַיאָר אַרויס פון קיבוץ „המשמר" אַ גרופּע, וואָס איז באַ־שטאַנען פון אַכט מענער און צוויי פרויען, און זיך געלאָזט צו דער לבנונישער גרענעץ. די חברים פון „המשמר" זענען געווען דערשטוינט זעענדיק מיט וואָס פאַר אַ שנעלקייט און פלינקייט דער דאָזיקער מאָגערער ענגלענדער שפרינגט אי־בער די בערגלעך און איבער די געפערלעכע שיפועים פון די בערג־דורכגענג. ער האָט זיך אפילו נישט אָפּגעשטעלט, כדי אָפּצואָטעמען אָדער אפילו כדי זיך צו אָריענטירן אין שטח. איידער זיי זענען אַרויסגעגאַנגען האָט דער מאַיאָר דערהערט, אַז אייניקער פון די חברים האָט אַ נאָס געטאָן. ער האָט גלייך געפסקנט, אַז דער דאָזיקער חבר קאָן נישט מיטקומען און ער האָט גלייכצייטיק געוואָרנט, אַז יעדער וואָס וועט בלייבן הינטערשטעליק איז עלול צעטראָטן צו ווערן אויפן וועג. ער האָט זיי געפירט זינגענדיק קאַפּיטלעך תהילים און האָט גע־האַלטן פאַר זיי אַ רעפעראַט וועגן זייער דערהויבענער שליחות.

ווען זיי זענען אָנגעקומען נאָענט צום דאָרף, איז מאַיאָר מאַלקאָלם אַוועק אַליין, כדי זיך צו אָריענטירן אין מצב. ער איז צוריקגעקומען אין אַ האַלבער שעה אַרום.

— ווי איך האָב עס פאָרויסגעזען, האָבן די אַראַבער נישט אויסגעשטעלט קיין שום וואַך און נישט אָנגענומען קיין שום פאָרזיכטס־מיטלען. מיר וועלן דאָס דורכפירן אַלזאָ אויפן פאָלגנדן אופן:

דער מאַיאָר האָט פאַנאַנדערגעשפּרייט פאַר זיי אַ בויגן פּאַפּיר און אָנגעצייכנט מיט שנעלע שטריכן אַ סקיץ פון אָרט. ער האָט אויך אָנגעצייכנט פיר געצעלטן אין וועלכע עס האָבן לויט זיין מיינונג זיך געדאַרפט געפינען די באַנדיטן.

— איך וועל מיטנעמען מיט זיך דריי פון אייערע חברים — האָט דער מאַיאָר געזאָגט — און מיר וועלן אַריינגיין אין דאָרף. מיר וועלן דאָרטן עפענען אַ פייער פון אַ קורצער שטרעקע און מיר וועלן אויך וואַרפן אַ צוויי האַנט־גראַנאַטן, כדי זיי אויסצורויכערן פון געצעלט. די אַראַבער וועלן זיכער אַרויסלויפן אין בהלה און זיך צעלויפן אין אַלע זייטן. איך וועל מיט מיין גרופּע זיי אַרויסשטויסן פון דאָרף, און דו, בן־כנען, וועסט זיך געפינען אין אַ לויערונג. באַמי זיך צו נעמען עטלעכע אַראַבער אין געפאַנגענשאַפט, ווייל די געגנט איז דאָ וואַרשיינלעך אָנגעפּיקעוועט מיט געווער־מאַגאַזינען.

— אייער פּלאַן איז אַ נאַרישער — האָט ארי זיך אָפּגערופן. — ער וועט זיך נישט איינגעבן.

— אויב אַזוי מאַך איך אַ פאָרשלאַג, אַז דו זאָלסט זיך צוריקקערן איבער דער גרענעץ צוריק קיין ארץ־ישראל—האָט מאַלקאָלם זיך אָפּגערופן.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע און לעצטע מאָל, ווען ארי האָט געהאַט ספקות בנוגע וועלכן עס איז פּלאַן פון מאַיאָר

פ. פ. מאַלקאָלם. זיין זעלבסטזיכערקייט האָט אַלעמען באַ־צוווּנגען.

— איר זאָלט קיינמאָל נישט צווייפלען אין מיין מיינונג, יונגער הער — האָט דער מאַיאָר זיך אָפּגערופן מיט איראָניע.

מאַלקאָלמס פּלאַן איז דורכגעפירט געוואָרן. דער מאַיאָר איז אַרויס מיט אַ גרופּע פון פיר מענטשן און האָט זיך דער־נענטערט צו די געצעלטן אין וועלכע עס האָט זיך וואַרשיינ־לעך געפונען דער שטאַב פון די אַראַבישע כנופיהס. פיר האַנט־גראַנאַטן זענען אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין די גע־צעלטן און גלייך נאָך דעם איז געעפנט געוואָרן אַ פייער פון מאַשינען־געווער. געזען ווי מאַלקאָלם האָט פאָראויסגעזען זע־נען די אַראַבער אַרויסגעלאָפן פון די געצעלטן אין בהלה. שיסנדיק האָט מען זיי צוריקגעשטויסן צום אָרט, וווּ ארי האָט געלויערט מיט זיין גרופּע. די גאַנצע אַקציע האָט גע־דויערט נישט מער ווי צען מינוט.

צוויי געפאַנגענע, וואָס זענען געכאַפּט געוואָרן דורך אַריס מענטשן, זענען געבראַכט געוואָרן צום מאַיאָר.

— וווּ האָט איר פאַרשטעקט אייער געווער? — האָט ער געפרעגט איינעם פון זיי אויף אַראַביש.

דער אַראַבער האָט געצוקט מיט די אַקסלען און גע־שוויגן.

מאַלקאָלם האָט אַראָפּגעלאָזט אויפן פּנים פון אַראַבער אַ הילכיקן פּאַטש און נאָך אַמאָל געשטעלט די זעלבע פראַגע. דאָס מאָל האָט הער אַראַבער זיך באַשווירן ביי אַללאַ, אַז ער איז אומשולדיק. מאַלקאָלם האָט מיט אַן אייז־קאַלטער רואי־קייט אַרויסגעצויגן זיין רעוואָלווער און אַריינגעשאָסן דעם אַראַבער אַ קויל אין קאָפּ. דאַן האָט ער זיך געווענדעט צום צווייטן אַראַבער.

— ווו האָט איר פֿאַרשטעקט אייער געווער?

דער צווייטער אַראַבער האָט אָן שום שהיות אויפגעדעקט דאָס אָרט, ווו עס געפֿינט זיך אַ געווער־מאַגאַזין.

— איר, זין און טעכטער פֿון יהודה — האָט מאַלקאָלם זיך אָפּגערופֿן. — איר האָט הײַנט געלערנט אַ וויכטיקע לעקציע. מאָרגן אינדערפֿרי וועל איך אײַך ברייטער אויפקלערן די גאַנצע זאַך. אָבער איין זאַך וויל איך אײַך זאָגן: איר זאָלט זיך קיינמאָל נישט באַנוצן מיט קיין ברוטאַלע מיטלען, כדי אַרויסצובאַקומען ידיעות. טרעט צו גלייך צום ענין...

די ידיעה וועגן דער דערפֿאָלגרייכער אַקציע פֿון מאַל־קאָלמס גרופּע האָט געמאַכט אויף אַלע מענטשן אין ארץ־ישׂראל אַ געוואַלדיק שטאַרקן איינדרוק. פֿאַרן גאַנצן ישוב איז דאָס געווען ווי אַ היסטאָרישער ווענדפּונקט. צום ערשטן מאָל האָבן די יידן אַליין איניציאירט אַ קעגן־אָנגריף. אַ סך האָבן געהאַלטן, אַז מען האָט עס שוין פֿון לאַנג געדאַרפֿט טאָן.

די ענגלענדער דאַקעגן זענען געווען אויפגעבראַכט. אַ סך פֿון זיי האָבן געפֿאָדערט מען זאָל תיכף באַזייטיקן דעם מאַ־יאָר מאַלקאָלם פֿון זיין דינסט. גענעראַל טשאַרלס איז אָבער נישט געווען איבערצייגט, אַז מען דאַרף אַזוי טאָן. די בריטישע מעטאָדן פֿון קאַמף קעגן די אַראַבער זענען געווען נישט קיין אַנטשפּרעכנדע און גענעראַל טשאַרלס האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז דווקא מאַלקאָלם האָט געפֿונען די ריכ־טיקע לייזונג פֿאַרן דאָזיקן שווערן פּראָבלעם.

פֿאַר די כנופֿיהס פֿון מופֿטי און פֿאַר די משפּחה־מיט־גלידער פֿון אל־כוסייני, איז דאָס געווען אַ טאָג פֿון ביטערן חשבון־הנפֿש. זיי האָבן שוין מער נישט געקאָנט אָנגרייפֿן ווו זיי האָבן נאָר געוואָלט. פֿון איצט אָן האָבן זיי זיך געמוזט

רעכענען מיט רעוואַנזש־אַקציעס. ארי און פ. פ. מאַלקאָלם האָבן דערפאַלגרייך דורכגעפירט נאָך אַ סך אַקציעס און יע־ דער אַקציע האָט געגעבן אַלץ בעסערע רעזולטאַטן. די רוי־ בער־באַנדעס, די מערדער, די וואָפן־שמוגלער און די געדוב־ גענע סאָלדאַטן פון קאַוקאַזישע האָבן פאַרלוירן זייער זעלבסטזיכערקייט. דורך די שנעלע און אומברחמנותדיקע קעגן־אַנגריפן פון חער „הגנה", איז זייער טעטיקייט געוואָרן אומזיכער און האָט זיך גישט אָפּגעצאָלט. דער מופטי האָט באַשטימט אַ פרייז פון טויזנט פונט שטערלינג פאַר ברענגען דעם קאָפּ פון פ. פ. מאַלקאָלם.

נאָך דעם, ווי דעם מאַיאָר מאַלקאָלם און זיינע יונגע „הגנה"־סאָלדאַטן איז געלונגען איינצושטעלן רו אין דער סביבה פון „המשמר", לענגאויס חער טאָגערט־פאַרצוימונג, האָט ער פאַרלייגט זיין שטאַב אין קיבוץ עין־אור. מאַלקאָלם האָט געפאָדערט פון דער „הגנה" מען זאָל שטעלן צו זיין רשות הונדערט פופציק פון די בעסטע קעמפער. באַזונדערס האָט ער געבעטן מען זאָל אַריבערפירן צו אים ארי בן־כנען. דער מאַיאָר האָט זייער שטאַרק ליב־באַקומען דעם דאָזיקן בחור. אין קיבוץ עין־אור האָט מאַלקאָלם געשאַפן זיין „נאַכט־ אָפּטיילונג".

ווען די הונדערט פופציק „הגנה"־זעלנער פון גאַנץ ארץ־ ישראל זענען צונויפגעזאַמלט געוואָרן אין עין־אור, איז מאַ־ יאָר מאַלקאָלם אַוועק מיט זיי אין אַ לאַנגן מאַרש צום באַרג גלבוע, ווו לויט דער מסורה געפינט זיך דער קבר פון שופט און קעמפער גדעון. מאַיאָר מאַלקאָלם האָט באַזונדערס שטאַרק פאַרערט דעם דאָזיקן יידישן קריגס־פירער. ביי גדעונס קבר איז ער אַרויסגעטראָטן פאַר דער פאַרזאַמלטער מאַנ־

**שאַפט מיט אַ רעדע אין העברעאיש. צוערשט האָט ער געעפנט דעם תנ"ך און געלייענט:**

„... ויבוא גדעון ומאה איש אשר איתו בקצה המחנה ראש האשמורת התיכונה, אך הקם הקימו את השומרים ויתקעו בשופרות ונפוץ הכדים אשר בידם. ויתקעו שלושת הראשים בשופרות וישברו הכדים ויחזיקו ביד שמאלם בלפידים וביד ימינם השופרות לתקוע ויקראו: חרב לה' ולגדעון. ויעמדו איש תחתיו סביב למחנה לירץ כל המחנה ויריעו וינוסו".

(און גדעון און די הונדערט מאַן, וואָס מיט אים, זענען געקומען אין עק לאַגער ביים אָנהויב פון דער מיטלסטער נאַכטוואַך; מען האָט נאָר וואָס געהאַט אויפגעשטעלט די וועכטער, און זיי האָבן געבלאָזן אין די שופרות, און האָבן צעהאַקט די קריג, וואָס אין זייער האַנט. און די דריי מחנות האָבן געבלאָזן אין די שופרות, און האָבן צעבראָכן די קריג; און זיי האָבן געהאַלטן אין זייער לינקער האַנט די בראַנדהעלצער, און אין זייער רעכטער האַנט די שופרות צום בלאָזן; און זיי האָבן אויסגערופן: אַ שווערד פאַר גאָט און גדעונען! און זיי זענען געשטאַנען איטלעכער אויף זיין אָרט רונד אַרום לאַגער; און דער גאַנצער לאַגער האָט גענומען לויפן; און זיי האָבן אַרויסגעלאָזט אַ געשריי און זענען אַנטרונען.)

(יידישע איבערזעצונג פון יהואש)

**מאַלקאָלם האָט נאָכן איבערלייענען די עטלעכע פּסוקים, פאַרמאַכט דעם תנ"ך. דאַן האָט ער אָנגעהויבן גיין הין און צוריק, האַלטנדיק די הענט אויפן רוקן. זיין בליק איז געווען געריכטעט צו די בערג.**

**— גדעון איז געווען אַ קלוגער מענטש — האָט ער גע־**

זאָגט. — גדעון האָט געוווסט, אַז די מדיינים זענען אומוויסנ־
דע און אַבערגלויביקע מענטשן. ער האָט געוווסט, אַז ער קאָן
האָבן אַ נוצן פון זייער פּרימיטיוון פּחד, ווייל זיי האָבן מורא
געהאַט פאַר דער פינצטערניש פון דער נאַכט. גדעון האָט
געוווסט וועגן דעם, — און מיר ווייסן אויך וועגן דעם.

די אַראַבער האָבן קיינמאָל נישט געוווסט ווען און ווו
מאַלקאָלמס מענטשן פון דער „נאַכט־אָפּטיילונג" וועלן דורכ־
פירן אַן אָנגריף. זייער אַלטער שפּיאָנאַזש־סיסטעם האָט
לגבי די דאָזיקע ביידע אָפּטיילונגען אויפגעהערט פּשוט צו
פונקציאָנירן. אָפטמאָל האָט מאַלקאָלם געשיקט דריי פאַר־
שיידענע גרופּן אין דריי פאַרשיידענע ריכטונגען, כדי צו
צעטומלען דעם קעגנער. ער פלעגט פאַרביימאַרשירן מיט
זיינע מענטשן פאַרביי אַן אַראַבישן דאָרף, פלעגט מאַכן אַן
אומוועג לויפנדיק צוריק און דאַן פלעגט ער אָנגרייפן. ער
פלעגט אַרויסשיקן אַ קאָלאָנע אויטאָס לענגאויס דעם שאָסיי
און זיינע מענטשן פלעגן איינציקווייז אַרויסשפּרינגען פון די
אויטאָס אין מיטן פאָרן. בייטאָג פלעגן זיי ליגן אומבאַמערק־
באַר אין די קאַנאַלן ביים זייט פון די שאָסייען, און ווי נאָר
עס פלעגט טונקל ווערן פלעגן זיי זיך פאַרזאַמלען אויף איין
אָרט. יעדער אָנגריף איז דורכגעפירט געוואָרן מיט אַזאַ הילכי־
קן געשריי, אַז די אַראַבער האָבן געמיינט, אַז מיטדעסטוו־
טוויגנט מאַן זענען זיי באַפאַלן. דעם מאַיאָר מאַלקאָלם פלעגט
שטענדיק געלינגען אַרויפצוּוואַרפן אַ פּאַניק אויפן שונא.

ארי בן־כנען, פונקט ווי די איבעריקע חברים פון דער
אָפּטיילונג, איז געוואָרן אַ באַגייסטערטער אָנהענגער פון דעם
עקסצענטרישן ענגלישן מאַיאָר. ער האָט באַגלייט דעם מאַ־
יאָר אין הונדערטער אַקציעס קעגן שונא, און קיינמאָל האָט

מאַלקאָלם נישט געהאַט קיין טעות. דער מאַיאָר איז געווען זיכער, אַז ער ווערט געפירט דורך דער השגחה און ווערט דורך איר אינספּירירט. ער האָט אָנגעשריבן אַ פּאַרפּולקאָמטן מיליטערישן רעגולאַמין וועגן קריגס־טאַקטיק קעגן די אַראַבער. ער האָט געפאָדערט אייזערנע דיסציפּלין, בלינדע געהאָרכזאַמקייט און פאַנאַטישע טרייהייט פאַרן פרייז פון פירן זייַנע מענטשן פון זיג צו זיג.

די „נאַכט־אָפּטיילונגען" האָבן אַרויפגעוואָרפן אַ פּחד אויף די אַראַבער. זייער מורא פאַר די יידישע קעמפער איז געווען נאָך גרעסער ווי זייער מורא פאַר כוסייניס מענטשן. מיט זייַנע הונדערט פּופציק קעמפער האָט מאַלקאָלם אונטערדריקט דעם אַראַבישן בונט. די אַראַבישע כנופיהס זענען זיך פאַנאַנדערגעפאַלן און דאָס „רומפּולע באַפרייאונגס־מיליטער" פון קאַוקאַדזשי, האָט געזוכט אַנטרינונג אין לבנון. אין זיין אָנמעכטיקן כעס האָט דער מופטי געפונען אַ נקמה אין דעם, וואָס ער פלעגט צעשטערן די נאַפט־רערן, וועלכע האָבן זיך געצויגן פון מאָסול־געביט ביז חיפה.

— צוואַנציק טויזנט ענגלענדער זענען נישט בכוח צו פאַרטיידיקן דעם דאָזיקן נאַפט־רער — האָט מאַלקאָלם געזאָגט. — דערייבער וועלן מיר, די „נאַכט־אָפּטיילונגען", באַשיצן די רערן. אונדזערע פּלענער זענען זייער פּשוטע. יעדעס מאָל ווען עס וועט אויפגעריסן ווערן אַ נאַפט־רער, וועלן מיר אָנגרייפן דעם נאָענטסטן אַראַבישן דאָרף, ביים אָרט, ווו עס זענען באַשעדיקט געוואָרן די נאַפט־רערן און מיר וועלן דאָס דאָרף פאַרניכטן. דאָס וועט אויסלערנען די אַראַבישע דערפער, אַז זיי זאָלן אַליין היטן די נאַפט־רערן. דאָס וועט אויך ברענגען דערצו, אַז די דאָרפישע איינוווינער וועלן נישט אויסבאַהאַלטן די באַנדעס פון מופטי. געדענקט דאָס גוט. זיי

זענען צאָלרייכער ווי די יידן... מיר מוזן זיך נאָר באַנוצן מיטן פּרינציפּ פון רעוואַנזש...

יעדעס מאָל, ווען די אַראַבער האָבן אַרויסגערופן אומ־רועןְ, האָבן זיי באַקומען אָפּגעצאָלט דאָפּלט. זינט דאַן זענען די רעוואַנזש־אַקציעס געוואָרן דער הויפּט־מעטאָד פון דער יידישער פאַרטיידיקונג.

דער אַראַבישער בונט האָט זיך איינגעשטילט. ער איז דורכגעפאַלן און ער האָט אָפּגעקאָסט דער אַראַבישער באַ־פעלקערונג אוצרות מיט געלט. די אַראַבער האָבן אַליין דער־מאָרדעט די העצער, ווייל די דריי יאָר פון מהומות און בלוט־פאַרגיסונג האָט זיי דערפירט צו אַ רואין. אין משך פון דער דאָזיקער צייט איז זיי נישט געלונגען אַרויסצוטרייבן די יידן פון קיין שום ישוב און זיי האָבן נישט געקאָנט אָפּהאַלטן די יידן פון גרינדן נייע פופציק ישובים.

אין דער צייט ווען דער אַראַבישער בונט האָט שוין גע־האַלטן ביים אויסגעלאָשן ווערן האָט די ענגלישע רעגירונג אָפּגערופן אַ ריי פירנדע פערזענלעכקייטן פון דער מאַנדאַט־אַדמיניסטראַציע.

דער מאַיאָר פ. פ. מאַלקאָלם האָט באַקומען אַ באַפעל צו פאַרלאָזן ארץ־ישראל, ווייל זיין שטענדיקער קאָנטאַקט מיט די יידן האָט געקאָנט אַריינפירן די ענגלענדער אין פאַר־לעגנהייט. מאַלקאָלם איז געווען דער אייבציקער, וואָס האָט געקאָנט עפעקטיוו אייננברעכן די אַראַבער. די יידן, וועלכע זענען דורך אים אויסגעשולט געוואָרן, האָבן מיט זיך פאַר־געשטעלט דעם קערן פון אַ ניי מיליטער און זיין וואונדערבאַרע טאַקטיק האָט געדינט פאַר זיי אַלס מיליטערישער „שולחן ערוך”.

צום לעצטן מאָל איז מאַיאָר פּ. פּ. מאַלקאָלם געשטאַנען פאַר זיינע יידישע חברים אין עין־אור. די מענטשן פון דער „נאַכט־אָפּטיילונג", וואָס האָבן געטראָגן רויטע אָפּצייכענונ־ גען אויף זייערע בלוזעס, זענען געשטאַנען אויף אַכ־ טונג און ביי אַ סך פון זיי האָט מען געזען טרערן אין די אויגן.

מאַלקאָלם האָט געעפענט פאַר זיי דעם תנ"ך און געלייענט:

„... חגור חרבך על ירך גבור, הודך והדרך. והדרך צלח רכב על דבר־אמת וענוה־צדק ותורך נוראות ימינך".

דער מאַיאָר איז שנעל אַוועק צום אויטאָ, וואָס האָט אויף אים געוואַרט. ער איז געווען איבגאַנצן צעבראָכן. דער יידי־ שער ישוב האָט אים צוגעטיילט דעם גרעסטן כבוד, וואָס איז ווען עס איז דערטיילט געוואָרן אַ בישט־ייד — זיי האָבן אים גערופן „דער פריינט".

נאָכן פאַנאַנדערלאָזן די „נאַכט־אָפּטיילונגען" האָט ארי בן־כנען זיך צוריקגעקערט קיין יד־אל. עס האָט אָבער גע־ שיינט, אַז ער טראַכט נאָך אַלץ וועגן אייבנזאַמען באַרג אויף דער לבנונישער גרענעץ, וווּ דפנה איז געלעגן אין איר איי־ ביקן שלאָף צוזאַמען מיט אַנדערע צוואַנציק בחורים און מיידלעך פון „הגנה", וואָס זענען געפאַלן אויפן מזבח פון „המשמר".

ווען דער מצב איז רואיק געוואָרן און די פאַרהעלטעניש זענען געוואָרן אַ סך זיכערער, האָט טאַהא, דער זון פון קאַ־ מאל, פאַרלאָזן יד־אל, ווו ער האָט זיך געפונען די גאַנצע צייט ביי דער משפחה בן־כנען. ער איז אַוועק קיין נבי יושע, כדי דאָרטן איבערצונעמען דעם אַמט פון מוכטאַר. ברק און

שרה האָבן קלאָר געזען, אַז טאַהאַ האָט אין דער צייט, וואָס ער האָט זיך געפונען ביי זיי אין שטוב, זיך פאַרליבט אין דער דרייצן־יאָריקער ירדנה. די ליבע צו אַזאַ יונג מיידל איז ביי די אַראַבער נישט קיין אויסערגעוויינלעכע זאַך. סיי ברק און סיי שרה האָבן קיינמאָל נישט גערעדט וועגן דעם און האָבן געהאָפט, אַז דער בחור וועט איבערווינדן זיין געפיל אָן אַ סך האַרץ־ווייטיק.

קיין ארץ־ישראל איז אַראָפּגעקומען אַ נייע ענגלישע אַדמיניסטראַציע אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל הייוועןן־הערסט. די חברים פון דער „הגנה", וועלכע האָבן געהערט צו די „נאַכט־אָפּטיילונגען", זענען אַרעסטירט געוואָרן. מען האָט זיי געשטעלט פאַר אַ געריכט און זיי זענען פאַרמשפּט געוואָרן צו תפיסה־שטראָפן פון זעקס חדשים ביז פינף יאָר. די אָנקלאַגע, וואָס איז קעגן זיי אַריינגעטראָגן געוואָרן, איז געווען: אומלעגאַלער באַזיץ פון געווער.

ארי און הונדערטע אַנדערע חברים פון די „נאַכט־אָפּטיילונגען", זענען געבראַכט געוואָרן אין דער פעסטונג פון עכו. מען האָט זיי דאָרטן אַריינגעוואָרפן אין פינצטערע קאַמערן. די דאָזיקע תפיסה איז געווען געבויט פון דיקע מויערן. אין די צעלעס זענען די ווענט געווען פייכט און פול מיט וואַנצן. אויף דער פאָדלאָגע זענען גאַנצע טעג אַרומגעלאָפן מייז. אַ סך פון די אַרעסטירטע האָבן אָבער זייער אַרעסט גענומען לייכט. זיי האָבן אפילו אַריינגעפירט אין אַ פאַרלעגנהייט די בריטישע שומרים, ווייל פון פרי ביז נאַכט האָבן די „הגנה"־אַרעסטירטע געזונגען לידער.

אין פרילינג 1939 איז ארי באַפרייט געוואָרן פון תפיסה. אַ בלייכער און אויסגעדאַרטער איז ער צוריקגעקומען אַהיים קיין יד־אל. זיין מוטער, שרה, האָט ביטער געוויינט אָנקוקנ־

דיק איר זון. וואָס האָט איר זון געהאַט פון זיין גאַנצער יוגנט, חוץ דעם בייטש, דעם ביקס און דעם אומגליק? זיין דפנה איז אומגעקומען, אַ סך פון זייִנע חברים זענען געפאַלן אין שלאַכט. און ווי לאַנג וועט דאָס אַלץ דויערן. שרה האָט זיך געגעבן אַ נדר, אַז זי וועט היטן איר זון אין ידיאל און וועט אים מער נישט לאָזן אַרויסגיין פון מושב.

אין דער צייט פון דער הערשאַפט פון גענעראַל הייוועןהערסט, וועלכער האָט געפירט די אַדמיניסטראַציע פון מאַנדאַט־געביט מיט אַן אייזערנער פויסט, האָבן זיך ווידער געשטאַרקט די אַנטי־יידישע געפילן און עס איז צוגעגרייט געוואָרן דער באָדן פאַרן לעצטן ענגלישן פאַראַט...

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ נייע אויספאָרשונגס־קאָמיסיע, וועלכע האָט דערקלערט, אַז די יידישע עליה איז שולדיק אין די בלוט־פאַרגיסונגען, וואָס זענען פאַקטיש אינספּירירט געוואָרן אין משך פון דריי יאָר דורכן מופטי.

די ענגלישע רעגירונג בראש מיט נעוויל טשעמבערליין האָט ערב דעם אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג אויפגעטרייסלט די וועלט מיטן פאַרעפנטלעכן אַ „ווייס־בוך", פון וועלכן עס איז אַרויסגעדרונגען, אַז די יידישע עליה און די אויסלייזונג פון באָדן איז אָפּגעשטעלט געוואָרן.

## קאַפּיטל 17

דער גאַנצער יידישער ישוב אין ארץ־ישראל איז געווען אויפגעבראַכט אויף די ענגלענדער, נאָכן פאַרעפנטלעכן דאָס „ווייס־בוך״. דאָס איז געווען אַ גרויסער קלאַפּ פאַר די יידן, וואָס גראָד ערב דעם אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג, איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן פאַר די דייטשע יידן דער וועג קיין ארץ־ישראל.

די „מכבים״, וועלכע זענען ביז דאַן בישט געווען טעטיק, האָבן ווי אויפגעוואַכט צו אַ ניי לעבן. דער באַשלוס פון די ענגלענדער צו פאַרבאָטן די עליה און דעם באָדן־איינקויף האָט דערפירט צו דעם, אַז די „מכבי״־אָרגאַניזאַציע איז געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער, ווייל הונדערטער מענטשן האָבן געשטראָמט צו אירע רייען. זיי האָבן דורכגעפירט אַ ריי אַנגריפן, האָבן אויפגעריסן דעם בריטישן אָפיצירן־קלוב אין ירושלים און האָבן אַרויפגעוואָרפן אַ פחד און שרעק אויף די אַראַבער. זיי האָבן דורכגעפירט אַן איבערפאַל אויף אַן ענגלישן געווער־אַרסענאַל און פלעגן אויך לויערן אויף ענגלישע אויטאָ־קאָלאָנעס.

גענעראַל הייוועץ־הערסט האָט אָפּגעוואָרפן די ביז־איצטיקע פּאָליטיק, וועלכע האָט זיך געשטיצט אויף אַ געוויסער

צוזאַמענאַרבעט מיט די יידן. די „הגנה" איז געצוווּנגען גע־
וואָרן אַראָפּצוגיין אין אונטערגרונט און אַ סך פון די פירער
פון ישוב זענען אַרעסטירט געוואָרן. די יידישע פּאָליציי, וואָס
איז געשאַפן געוואָרן דורך די ענגלענדער גופא איז פאַנאַנ־
דערגעלאָזט געוואָרן.

אויך דאָס מאָל האָט בן־גוריון אַפּעלירט צום ישוב ער זאָל
זיין צוריקגעהאַלטן אין זיינע קעגן־אַקציעס. ער האָט עפנט־
לעך געטאַדלט די טעראָר־מעטאָדן. ברק בן־כנען איז אַרויס־
געשיקט געוואָרן קיין ענגלאַנד, כדי צוזאַמען מיט חיים וויצ־
מאַן און אַנדערע מנהיגים זיך באַמיען איבערצורייידן די
ענגלענדער זיי זאָלן ענדערן זייער פּאָליטיק לגבי ארץ־
ישראל. אָבער די בריטישע רעגירונג איז געווען אַנטשלאָסן
זיך צו האַלטן ווייטער ביים זעלבן קורס, כדי נישט אויפצו־
רייצן די אַראַבער.

אין ארץ־ישראל גופא זענען אל־כוסייניס מענטשן ווי־
דער געוואָרן טעטיק. דער מופטי אַליין האָט זיך נאָך אַלץ
געפונען אין גלות, אָבער ער האָט ווייטער אָנגעוואָרפן אַ
שרעק אויף די ארץ־ישראל אַראַבער. זיין קוזין, דזשאַמאַל
כוסייני, האָט ווידער באַנייט די טעטיקייט פון „העכסטן אַראַ־
בישן קאָמיטעט".

די יידן אין דייטשלאַנד האָבן זיך געפונען אין אַ פאַר־
צווייפלטן מצב. אַ סך דייטשע יידן האָבן געוואָלט עולה־זיין
קיין ארץ־ישראל, אָבער די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט
געהאַט געוואַלדיק גרויסע שוועריקייטן מיטן אַרויספירן די
דאָזיקע יידן פון דייטשלאַנד צוליב דעם פאַרבאָט פון די
ענגלענדער אַריינצופירן נייע עולים אין לאַנד.

די ענגלענדער האָבן גלייכצייטיק געמאַכט גרויסע שווע־

ריקייטן פאַר געוויסע יידישע פירער אַרויסצופאָרן פון ארץ־ישראל. ווען ארי בן־כנען האָט באַקומען אַ באַפעל פון אבידן אָפצופאָרן קיין דייטשלאַנד, האָט ארי געמוזט שוואַרצן די לבנונישע גרענעץ ביים קיבוץ „המשמר" און גיין צופוס ביז ביירוט. ער איז געפאָרן מיטן פאַספאָרט פון אַ יידן, וואָס איז מיט אַ קורצער צייט צוריק געקומען קיין ארץ־ישראל אַלס „טוריסט". פון ביירוט איז אַרי אָפּגעפאָרן מיט אַ שיף קיין מאַרסעל און אַ וואָך שפּעטער איז ער דערשינען אין ביוראָ פון דער ציוניסטישער אָנפירונג אין בערלין. זיין אויפגאַבע איז געווען אַרויסצופירן וואָס מער יידן פון דייטשלאַנד.

ארי האָט אין ביוראָ פון דער ציוניסטישער אָנפירונג געפונען אַ פולשטענדיקן תוהו־ובוהו. די דייטשן האָבן זיך באַמיט אַרויסצוציען וואָס מער נוצן פון די רייזע־דערלויבענישן, וועלכע זיי האָבן געגעבן פאַר די יידן. וואָס מער די יידן זענען געוואָרן פאַרצווייפלטער, אַלץ העכער איז געווען דער פּרייז, וואָס זיי האָבן געפאָדערט. אַ סך פאַמיליעס האָבן געשאָנקען זייער גאַנצן פאַרמעגן פאַר דער מעגלעכקייט צו פאַרלאָזן דייטשלאַנד. די וויזעס זענען געוואָרן געפעלשט אָדער צעגנבעט. אַ וויזע האָט באַדייט — לעבן. עס איז אויך געווען זייער שלעכט, וואָס נאָר איינציקע לענדער האָבן געוואָלט אויפנעמען ביי זיך די יידישע פליטים פון דייטשלאַנד. די רעגירונגען פון אַ סך לענדער האָבן פאַרשלאָסן די טירן פון זייערע לענדער, און ווען זיי האָבן אפילו דערטיילט וויזעס פאַר די יידן איז דאָס געווען נאָר אונטערן באַדינג, אַז זיי וועלן פאָרן ווייטער און זיך נישט פאַרהאַלטן אין לאַנד.

ארי האָט זיך געפונען אין אַ לאַגע, אין וועלכער ער האָט געדאַרפט דעצידירן ווער עס זאָל פאָרן און ווער נישט. יעדן טאָג זענען געקומען צו אים מענטשן וועלכע האָבן אים גע־

דראָט, זיך געבעטן רחמים אָדער געוואָלט איבערקויפן. נאָכ־ דעם ווי די ציוניסטן האָבן אין משך פון פינף יאָר אָן דער־ פאָלג אויפגעפאָדערט די יידן זיי זאָלן וואָס שנעלער אַוועק־ פאָרן, איז איצט באַשלאָסן געוואָרן, אַז קודם־כל דאַרף מען ראַטעווען די קינדער. נאָך די קינדער האָבן געדאַרפט אַרויס־ געפירט ווערן די גרויסע וויסנשאַפטלער, אינטעלעקטואַלן, קינסטלער, — מיט איין וואָרט: די עליטע. עס איז געלונגען אריין און די מענטשן פון „עליה ב״ אַרויסצופירן הונדערטער פון די דאָזיקע מענטשן, אָבער אַנטקעגן די דאָזיקע הונדער־ טער זענען געשטאַנען טויזנטער, וועלכע האָבן זיך געפונען ווי אין אַ פּאַסטקע.

אין דעם אַנגסטפולן זומער פון 1939 יאָר האָט ארי גע־ אַרבעט טאָג און נאַכט. אין חודש אויגוסט האָט ער באַקומען אַן אויפפאָדערונג פון „עליה ב״ אָפּצופאָרן גלייך קיין פראַנק־ רייך. ארי האָט נישט געפאָלגט און איז ווייטער געבליבן אין דייטשלאַנד. יעדער טאָג איז געווען פאַר אים אַ געווענט־לוין מיטן טויט.

איינמאָל האָט ארי געמאַכט אַ פאַרצווייפלטן און געמער־ לעכן שריט, כדי צו באַקומען עטלעכע טויזנט וויזעס מיט איין מאָל. אויף אַזאַ אופן האָט ער געהאָפט אָפּצוראַטעווען אַ סך קינדער. ער האָט גלייכצייטיק געגעבן צו וויסן די אַקטי־ וויסטן פון „עליה ב״ אין פראַנקרייך, זיי זאָלן צוגרייטן ער־ טער פאַר די דאָזיקע טויזנטער פליטים, און אין פאַל ווען די אַקציע וועט ליידן אַ מפּלה זאָלן זיי וויסן, אַז ער וועט אַריינ־ פאַלן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער.

ארי האָט אָנגעהויבן פירן פאַרהאַנדלונגען מיט הויכע נאַצי־באַאַמטע וועגן אַרויסגעבן אים אַ גרעסערע צאָל וויזעס. מיט אַ משוגעהדיק־ווילדער לאָגיק האָט ער אויפגעקלערט די

נאַציס, אַז סיי די ענגלענדער און סיי די דייטשן זענען פֿאַראינטערעסירט אין דער שטיצע פֿון די אַראַבער. אין פֿאַל ווען די דייטשן וועלן דערלויבן אַרויסצופֿאָרן אַ סך יידן קיין ארץ־ישראל וועט דאָרטן דער מצב פֿאַר די ענגלענדער ווערן אַלץ שווערער און שווערער.

דאָס האָט באמת אויסגעזען צו זיין אַ פּאַראַדאָקס: די מענטשן פֿון „עליה ב״ האָבן כלומרשט געוואָלט זיך צונויפֿריידן מיט די נאַציס קעגן די ענגלענדער. ארי האָט שנעל אויפֿגעשטעלט אַ הכשרה־פֿאַרם נעבן בערלין, וועלכע האָט געניאָסן פֿון שוץ מצד די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען.

ארי בן־כנען איז געלונגען צו באַקומען וויזעס אויף די פֿאַרשיידנסטע אופֿנים. ער האָט זיי געקויפֿט, געגנבעט, אונטערגעקויפֿט באַאַמטע און אָנגעווענדעט פֿאַרשיידענע איינפֿאַלן, אָבער גלייכצייטיק האָט ער ממש אונטער דער נאָז פֿון די דייטשן אָרגאַניזירט אַן אונטערערדישן וועג, כדי אַרויסצופֿירן פֿון דייטשלאַנד וואָס מער יידן. די דאָזיקע מענטשן, דאָס רוב וויסנשאַפֿטלער, זענען אַנטלאָפֿן גרופּנווייז צו צוויי און דריי פּערזאָן. אין זומער 1939 יאָר, ווען די אַטמאָספֿער איז געוואָרן געשפּאַנט, האָט ארי געאַרבעט טאָג און נאַכט.

אין העלפֿט פֿון חודש אויגוסט האָט ארי באַקומען אַ דרינגענדע אויפֿפֿאָדערונג פֿון „מוסד עליה ב״ אין פֿראַנקרייך ער זאָל תיכף פֿאַרלאָזן דייטשלאַנד. ארי האָט אָבער נישט געפֿאָלגט און האָט פֿאָרגעזעצט זיין ארבעט. און ווידער האָט ער באַקומען אַ טעלעגראַמע. דאָס מאָל איז עס געווען אַ באַפֿעל פֿון „הגנה״, וואָס האָט אים גערופֿן דרינגענד צו פֿאַרלאָזן דייטשלאַנד.

ארי איז פֿאַרבליבן אין דײַטשלאַנד נאָך צוויי און זיבעציק שעה, ווייל ער האָט דורכאויס געוואָלט באַקומען נאָך אַ צאָל וויזעס, כדי אַרויסצופירן אַ צוג מיט קינדער קיין דענעמאַרק. נאָכדעם איז געקומען די דריטע טעלעגראַמע, און די פּערטע. ערשט ווען דער צוג מיט די קינדער איז אַריבער די גרענעץ קיין דענעמאַרק, האָט ארי אין לעצטן מאָמענט זיך געראַטעוועט. ער האָט פֿאַרלאָזן דײַטשלאַנד אַכט און פערציק שעה איידער די דײַטשע ווערמאַכט איז באַפֿאַלן פּוילן און די מענטשהייט איז אַריין אין צווייטן וועלט־קריג.

ארי בן־כנען האָט זיך צוריקגעקערט קיין ארץ־ישראל. אויך ברק בן־כנען, וועלכער האָט זיך געהאַט געפונען אין לאָנדאָן אויף אַ פּאָליטישער שליחות, האָט זיך צוריקגעקערט. ביידע זענען צוריקגעקומען דערשעפּטע און פֿאַרצווייפלטע.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָבן די מנהיגים פון יידישן ישוב זיך בּישט געדאַרפט לאַנג פּאַרטראַכטן איבער דער פראַגע: אויף וועמענס זייט זיך צו שטעלן. בן־גוריון האָט זיך געווענדעט מיט אַ רוף צו די יידן זיי זאָלן אַריינטרעטן אין דער ענגלישער אַרמיי, כדי צו קעמפן קעגן געמיינזאַמען שונא. דער דאָזיקער רוף איז אויך אונטערשטיצט געוואָרן דורך דער „הגנה“, וועלכע האָט געזען איצט אַ מעגלעכקייט אויסצושולן אירע מענטשן אויף אַ לעגאַלן וועג.

גענעראַל הייוועןְ־הערסט, דער קאָמאַנדיר פון די בריטישע כוחות אין ארץ־ישראל, האָט זיך שאַרף קעגנגע־

שטעלט דעם פּלאַן צו דערלויבן יידן זיי זאָלן זיך מאָבילי־זירן אין דער ענגלישער אַרמיי.

— אויב מיר וועלן אויסבילדן יידן און מיר וועלן זיי איצט געבן די מעגלעכקייט זיך צו באַקענען מיט די באַ־דינגונגען פון קאַמף אויפן פראָנט, נעמען מיר אויף זיך אַ גרויסע אומאַנגענעמלעכקייט, ווייל איך בין איבערצייגט, אַז פריער אָדער שפּעטער וועלן מיר זיין געצוווּנגען צו קעמפן קעגן די דאָזיקע אויסגעשולטע יידן — האָט גענע־ראַל הייוועו־הערסט געשריבן צום קריגס־מיניסטעריום אין לאָנדאָן.

אין משך פון דער ערשטער וואָך נאָכן אויסברוך פון קריג, האָבן הונדערט דרייסיק טויזנט מענער און פרויען — יעדער פערטער איינוווינער פון ארץ־ישראל — זיך גע־מאָלדן אין „וועד הלאומי" און אויסגעדריקט די גרייטקייט זיך צו מאָביליזירן אין די ראַמען פון בריטישן מיליטער. די אַראַבער דאַקעגן האָבן באַטראַכט די דייטשן אַלס זייערע „באַפרייער" און זיי האָבן געוואַרט ביז די דייטשן וועלן קומען קיין ארץ־ישראל.

פאַר די ענגלענדער איז געווען פּשוט אומעגלעך צו איגנאָרירן דעם אָנבאָט פון יידישן ישוב אין ארץ־ישראל. זיי האָבן זיך אויך געמוזט רעכענען מיט דער מיינונג פון גענעראַל הייוועו־הערסט. אין ענגלישן קריגס־מיניסטער־יום האָט מען זיך דעריבער אַנטשלאָסן אויף אַ קאָמפּראָמיס: מען וועט אָננעמען יידן פון ארץ־ישראל אין מיליטער, אָבער מען וועט זיי נישט שיקן אויפן פראָנט, נאָר מען וועט זיי שיקן אין טראַנספּאָרט־קאָלאָנעס, פּיאָנער־באַטאַליאָנען און טעכנישע הילפס־אָפּטיילונגען. די אָנפירונג פון ישוב

האָט שאַרף פּראָטעסטירט קעגן דער דאָזיקער דיסקרימינאַ־
ציע און האָט געפאָדערט, אַז די יידן זאָל געגעבן ווערן די
זעלבע רעכט צו קעמפן קעגן די דייטשן מיט געווער אין
האַנט.

אין דער דאָזיקער פראַגע איז דער גאַנצער ישוב אַרויס־
געטראָטן סאָלידאַר און איינהייטלעך, חוץ די „מכבים",
וועלכע האָבן זיך געהאַלטן ביי זייער אייגענער ליניע.
אבידן האָט באַשלאָסן צו פאַרבויגן אויף זיין כבוד און ער
האָט איינגעשטימט אויף אַ צוזאַמענטרעף מיט עקיבאן.

דיביידע האָבן זיך געטראָפן אין אַ קעלער פון פרענ־
קעלס רעסטאָראַן אויף קינג דזשאָרדזש, אין ירושלים. אין
קעלער זענען ביזן סופיט געווען אָנגעשטעלט קאָנסערוון־
פושקעס און פלעשער. דאָרטן איז געווען פינצטער און בלויז
ווען אבידן און עקיבא זענען דאָרטן אַריין האָט מען אָנגע־
צונדן אַ טונקל לעמפל.

ווען עקיבא איז אַריינגעקומען אין קעלער, אין באַגליי־
טונג פון צוויי „מכבי"־חברים, האָט אבידן נישט אויסגע־
שטרעקט צו אים די האַנט אויף אַ באַגריסונג. זינט ביידע
קעמפער האָבן זיך געזען דאָס לעצטע מאָל זענען פאַרביי
פינף יאָר. דאָס זענען געווען יאָרן פול מיט וויכטיקע גע־
שעענישן. עקיבא האָט אויסגעזען עלטער ווי זעכציק יאָר.
די לאַנגע יאָרן פון שווערער האַרעוואַניע ביים אויפשטעלן
צוויי קיבוצים און די לעצטע יאָרן פון אונטערערדישער
טעטיקייט האָבן אים פאַרוואַנדלט אין אַ זקן.

די וואַך־פאָסטנס פון די „מכבים" און פון דער „הגנה"
זענען אַרויס פון קעלער און ביידע זענען געבליבן שטיין
איינער קעגן אַנדערן פנים אל פנים.

— איך בין פשוט געקומען דיך צו בעטן, אַז דו זאָלסט

פראָקלאַמירן אַ וואָפנשטילשטאַנד מיט די ענגלענדער ביז נאָכן סוף פון קריג — האָט אבידן זיך אָפּגערופן דער ער־שטער.

עקיבא האָט בייז אַ ברום־געטאָן. אין שאַרפע ווערטער האָט ער אָנגעגריפן די ענגלענדער צוליבן „ווייס־בוך" און זיין גאַנצן כעס האָט ער אויסגעלאָזן צום „וועד הלאומי" און צו דער „הגנה", צוליב דעם וואָס זיי האָבן נישט געקעמפט קעגן די ענגלענדער.

— איך בעט דיך, עקיבא, באַרואיק זיך — האָט אבידן זיך אָנגערופן, באַהערשנדיק מיט מי זיין כעס. — איך קען דיינע געפילן. איך ווייס געווי, אין וואָס עס באַשטייען די חילוקי־דעות צווישן אונדז. אָבער אויף יעדן פאַל זענען די דייטשן אַ סך גרעסערע שונאים פאַר אונדז, ווי די ענגלענ־דער.

עקיבא האָט זיך אויסגעדרייט צו אבידן מיט דער פּליי־צע. ער איז געשטאַנען אין טונקעלן קעלער און נאָכגע־טראַכט, וואָס ער זאָל זאָגן. פּלוצים האָט ער זיך אויסגע־דרייט. אין זיינע אויגן האָט געפלאַמט דאָס אַלטע פייער.

— איצט איז געקומען דער מאָמענט צו צווינגען די ענגלענדער זיי זאָלן רעווידירן זייער ארץ־ישראל־פּאָליטיק! — האָט ער אויסגערופן. — איצט, גראָד איצט, דאַרפן מיר פּראָקלאַמירן אַ מדינה פון ביידע זייטן ירדן! איצט! איצט דאַרף מען שלאָגן די פאַרשאָלטענע ענגלענדער, ווען זיי געפינען זיך אין אַן עת־צרה.

— צי איז די מדינה אַזוי וויכטיק פאַר אונדז, אַז מיר זענען גרייט זי צו באַקומען אפילו פאַרן פּרייז פון העלפן די דייטשן צו אַ זיג?

— און צי מיינסטו, אַז די ענגלענדער וועלן זיך וואַק־

לעז, אויב זיי וועלן אונדז דאַרפן פאַראַטן אַ צווייטן מאָל?

— איך מיין, אַז מיר האָבן נאָר איין מעגלעכקייט: קעמפן קעגן די דייטשן!

עקיבא איז אַרומגעגאַנגען איבערן צעמענטענעם באָדן פון קעלער ווי אַ צערייצטע חיה. פאַר כעס האָבן זיך אים אַזש געשטעלט טרערן אין די אויגן. ער האָט געברומט עפּעס אומפאַרשטענדלעכע ווערטער און גערעדט צו זיך אַליין. צום סוף האָט ער זיך אָפּגערופן מיט אַ שטילער, ציטערנדיקער שטימע:

— הגם די ענגלענדער האָבן בלאָקירט אונדזערע ים־ברעגן און לאָזן נישט אַריין אונדזערע פאַרצווייפלטע ברי־דער... הגם זיי האָבן געשאַפן אין זייער מיליטער אַ געטאָ פאַר די יידישע יונגעלייט... הגם זיי האָבן אונדז פאַראַטן צו די אַראַבער מיטן „ווייס־בוך"... הגם דער ישוב גיט זיי די בעסטע כוחות אין דאָזיקן קריג און די אַראַבער זיצן נאָר און וואַרטן אויף זייער מפּלה... — זענען די ענגלענדער דאָך נישט אונדזערע ערגסטע שונאים און דעריבער מוזן מיר קעמפן אויף זייער זייט. אַלזאָ, גוט, אבידן. די „מכבים" וועלן שליסן מיט די ענגלענדער אַ וואָפנשטילשטאַנד...

אין טונקעלן רוים פון קעלער האָט מען אַזש אָפּגע־פילט די שנאה, וואָס האָט געשלאָגן פון עקיבאָן צו די ענגלענדער.ביידע מענער האָבן זיך געזעגנט מיט אַ האַנט־דרוק. ווען אבידן איז שוין געשטאַנען אויפן שמאָלן לייטער, כדי אַרויסצוגיין פון קעלער האָט עקיבא זיך אָפּגערופן:

— וואָס הערט זיך ביי מיין ברודער?

— ער איז נאָר וואָס צוריקגעקומען פון אַ קאָנפערענץ אין לאָנדאָן.

— יאָ... קאָנפּערענצן... דאָס איז אין כאַראַקטער פון מיין ברודער... און וואָס מאַכן שרה און די קינדער?

אַלץ בסדר — האָט אבידן געענטפערט. — מעגסט זיין שטאָלץ מיט אַרין.

— יאָ, אַרי איז אַ ווילער בחור... אַ ווילער בחור... און ווי זעט עס אויס אין עין־אור?

אבידן האָט אַראָפּגעלאָזט זיין בליק און געזאָגט:

— עין־אור און שושנה זענען אַ באַוויז, אַז זייערע בויער האָבן דאָרטן אַריינגעלייגט אַ סך מי און ליבע...

אבידן איז שנעל אַרויף אויפן לייטער, וואָס האָט גע־פירט צום אַרויסגאַנג.

— ציון במשפט תפדה ושביה בצדקה. ושבר פושעים וחטאים יחדיו ועוזבי ה׳ יכלו. דער טאָג, אין וועלכן מיר וועלן נקמה נעמען אין די ענגלענדער, וועט נאָך קומען — האָט עקיבא אויסגערופן צו אבידן, וועלכער איז פאַרשוואונדן אין טונקעלן אַרויסגאַנג.

ארי האָט זיך שטאַרק פאַרענדערט. אַ מרה־שחורה איז אים באַפאַלן און ער איז געוואָרן זייער פאַרביטערט. עס איז שווער צו זאָגן ווען ער איז געקומען צום דאָזיקן קריי־טישן פונקט פון זיין לעבן. פון קינדווייז־אויף האָט ער גע־טראָגן געווער. דאַן זענען געקומען די צייטן פון „מויער און פעסטונג״, פון „המשמר״, פון די „נאַכט־אָפּטיילונגען״, די תפיסה אין עכו. שפּעטער האָט ער איבער די כוחות גע־אַרבעט אין בערלין פאַר דער „עליה ב״. דפנה׳ס טויט. ארי האָט געלעבט אין יד־אל אַלס ערד־אַרבעטער און דאָס איינ־ציקע, וואָס ער האָט געוואָלט, איז געווען מען זאָל אים לאָזן צורו.

אפילו ווען דער קריג האָט אויסגעבראָכן, איז ארי פאַר־בליבן אין יד־אל. זיין גאַנצע פרייע צייט האָט ער פאַר־בראַכט אין אַראַבישן דאָרף גבי יושע, ווו זיין יוגנט־פריינט טאהא איז געווען מוכטאַר. אַ געוויסן טאָג, עטלעכע חדשים נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה, האָט ארי, צוריק־קערנדיק זיך פון פעלד געטראָפן נעבן זיין וווינונג אבידן, וועלכער, איז ספּעציעל אַראָפּגעקומען קיין יד־אל. נאָכן אָוונט־ברויט זענען אבידן, ברק און ארי אַריין אין אַ צווייטן צימער אויף אַ געשפּרעך.

— איך מיין, אַז דו שטויסט זיך אָן צוליב וואָס איך בין געקומען — האָט אבידן געזאָגט.

— איך שטעל מיר פאָר — האָט ארי געענטפערט.

— לאָמיר גלייך צוטרעטן צום ענין — האָט אבידן זיך אָפּגערופן. — מיר זענען געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז עטלעכע צענדליק פון אונדזערע בחורים דאַרפן זיך מאָ־ביליזירן אין בריטישן מיליטער. די ענגלענדער האָבן זיך פאַרבונדן מיט דער „הגנה" און שוין אַ סך מאָל געבעטן מיר זאָלן דיך שיקן אין זייער דינסט. זיי זענען גרייט דיך צו נאָמינירן אַלס אָפיציר.

— איך בין נישט פאַראינטערעסירט — האָט ארי גע־זאָגט.

— אָבער זיי זענען זייער שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דיר, ארי. איך בין זיכער, אַז מיר וואָלטן דיך געקאָנט אָוועקשטעלן אויף זייער אַ וויכטיקער אַרבעט — לאָמיר זאָגן: אַלס אינפאָרמאַציע־אָפיציר פאַר אַראַבישע ענינים. אויך פאַר דער „הגנה" וואָלסטו געקאָנט ברענגען אַ סך נוצן ביי אַזאַ אַרבעט.

— זייער שיין — האָט ארי איראָניש זיך אָפּגערופן.—

איך האָב שוין געמיינט, אַז זיי ווילן מיך אָוועקשטעלן צו־זאַמען מיט די איבעריקע יידישע זעלנער ביים אָפּרייניקן דאָס מיסט. עס איז גוט צו וויסן, אַז איך געהער צו די אויסדערוויילטע יידן.

— צווינג מיר נישט, אַז איך זאָל דאַרפן אַרויסגעבן אַ באַפעל — האָט אבידן שטרענג געזאָגט.

— ווען דו וואָלסט עס געטאָן, וואָלסטו געקאָנט איבער־לעבן אַן אַנטוישונג...

אבידן, וועלכער איז געווען אַן אָנהענגער פון אייזער־נער דיסציפּלין, איז געבליבן זיצן אויסער זיך. ארי בן־כנען איז געווען איינער פון די טרייסטע און געהאַרכזאַמסטע חברים פון דער „הגנה".

— איך פריי זיך זייער, וואָס מיר קאָנען ענדלעךריידן אָפן — האָט ברק זיך אַריינגעמישט אין געשפּרעך. — זינט ער איז געקומען פון בערלין האָט ער זיך פאַרשלאָסן מיט זיין טרויער אין זיך.

— ארי... איך האָב מורא, אַז מיר וועלן פאָדערן פון דיר צו גיין אין דער בריטישער אַרמיי.

— צו וואָס דאַרף איך אָנטאָן אַן ענגלישן מונדיר? כדי זיי זאָלן מיך קאָנען ווייטער אַריינשליידערן אין תפיסה אַלס דאַנק דערפאַר, וואָס איך האָב פאַר זיי געקעמפט?

ברק האָט אַן אומצופרידענער אַ הויב געטאָן מיט די הענט.

— גוט, פאָטער... אויב דו ווילסט הערן קלאָרע רייד. מיט פינף יאָר צוריק האָט דער פעטער עקיבא געהאַט דעם מוט אָנצורופן אונדזער שונא מיטן נאָמען.

— דערמאָן נישט זיין נאָמען אין דאָזיקן הויז! — האָט ברק אַרויסגעבריליט ווילד פאַר כעס.

— עס איז געקומען די צייט מיר זאָלן יאָ דערמאָנען זיין נאָמען. איך וואָלט שוין לאַנג זיך אָנגעשלאָסן צו די „מכבים", אָבער איך האָב דאָס נישט געטאָן, כּדי דיך נישט צו קרענקען.

— אָבער ארי — האָט אבידן אים איבערגעהאַקט אין די רייד — אפילו עקיבא און די „מכבים" האָבן פּראָקלאַמירט אַ וואָפנשטילשטאַנד מיט די ענגלענדער.

ארי האָט זיך אויפגעשטעלט און איז צוגעגאַנגען צו דער טיר.

— איך גיי צו טאהא, כּדי צו שפּילן מיט אים שעשבעש. ווען די דייטשן וועלן אַריינדרינגען קיין ארץ־ישׂראל זאָלט איר מיך דאַן רופן...

די מלחמה איז אַריבער ווי אַ שטורעם איבער אייראָפּע. די ענגלענדער האָבן געליטן איין מפּלה נאָך דער אַנדערער. דונקערק! קרעטאַ! גריכנלאַנד! לאָנדאָן איז טאָג און נאַכט באָמבאַרדירט געוואָרן אויף אַן אכזריותדיקן אופן.

טראָץ דעם, וואָס דער יידישער ישוב אין ארץ־ישׂראל האָט זיך שטאַרק אַנגאַזשירט אין ענגלישן מלחמה־אָנשטרענג, האָבן די יידן נאָך אַלץ געהאַט אויסצושטיין באַליידיקונגען און דערנידעריקונגען מצד די ענגלענדער. עס האָבן פּאַסירט אַ סך פּאַרפאַלן, וואָס האָבן אַרויסגערופן זאָרג אפילו ביי די מעסיקסטע יידן.

אַן אַלט, צעבראָכן שיפל, פון פּופּציק פוס די לענג, מיטן נאָמען „סטרומאַ", איז אַריינגעשווומען אין פּאָרט פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל מיט זיבן הונדערט ניין און זעכציק פּליטים פון די אייראָפּעאישע לענדער. דער „וועד הלאומי" האָט זיך געבעטן ביי די ענגלענדער וויזעס פּאַר די דאָזיקע

אומגליקלעכע מענטשן, אָבער די ענגלענדער האָבן זיך אָפּ־געזאָגט. נאָך מער: זיי האָבן אויסגעאיבט אַ שווערן דיפּלאָ־מאַטישן דרוק אויף דער טערקישער רעגירונג זי זאָל פאַר־אָרדענען, אַז די שיף „סטרומא" זאָל פאַרלאָזן דעם פּאָרט. די טערקישע פּאָליציי האָט אַרויסגעטריבן די שיף דורכן באָספּאָר צום שוואַרצן ים אָן שפּייז, אָן וואַסער און אָן ברען־שטאָף. די שיף „סטרומאַ" איז אונטערגעגאַנגען צוזאַ־מען מיט אַלע אירע פּאַסאַזשירן. בלויז איינער פון זיי איז ניצול־געוואָרן.

אַ צייט שפּעטער זענען קיין ארץ־ישראל אָנגעקומען צוויי אַלטע שיפן מיט צוויי טויזנט פּליטים. די ענגלענדער האָבן תיכּף פאַראָרדנט אַריבערצופירן די פּליטים אויף דער שיף „פּאַטריאַ", כּדי זיי אָפּצופירן קיין מאַוריציוס, אַ אינזל וואָס געפינט זיך אין מזרח־אַפריקע. די שיף „פּאַטריאַ" איז דערטרונקען געוואָרן אין חיפער פּאָרט און הונדערטער פּליטים זענען דערביי אומגעקומען. אַזוי האָט זיך געצויגן די קייט פון אומגליקן. די ענגלענדער האָבן זיך שטרענג געהאַלטן ביי זייער פּאָליטיק פון „ווייסן בוך" כּדי נישט אויפצורייצן די אַראַבער.

די מלחמה איז ווייטער אָנגעגאַנגען, אָבער די ענגלענ־דער האָבן נאָך אַלץ געליטן מפּלות. אין סוף פון 1941 האָבן די יידן אין ארץ־ישראל זיך דורכגעבראָכן אַ וועג צו די קעמפנדיקע מיליטער־איינהייטן, טראָץ דער וואָרענונג פון גענעראַל הייוועך־הערסט. די ענגלענדער האָבן זיך געפונען אין אַ פאַרצווייפלטן מצב און די אַראַבער האָבן נישט צור־געשטעלט קיין איין מענטש. אין דער צייט ווען די אַראַבער זענען געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט האָבן פופציק טויזנט

פון די בעסטע יידישע יוגנטלעכע אין ישוב אָנגעטאָן בריִ־
טישע אוניפאָרמען.

ווען די מערב־אייראָפּעאישע מדינות זענען אַריינגע־
פאַלן אין די הענט פון די דייטשן, האָבן דייטשע שיפן זיך
געפונען אין קאַנאַל לאַמאַנש גרייט אַריינצודרינגען אין
ענגלאַנד. ענגלאַנד איז געשטאַנען ווי צוגעדריקט צו דער
וואַנט! און דאַן איז געקומען די שעה פון זייער גרויסן רום.
די דייטשן, וועלכע האָבן געזיגט איבער די רוסן, גריכן
און יוגאָסלאַוון, זענען געבליבן דערשטוינטע אין אָנבליק
פון פאַרעקשנטן ווידערשטאַנד מצד די דאָזיקע בלייכע און
דאַרע ענגלענדער.

פונקט אַזוי ווי ענגלאַנד האָט זיינער צייט אונטערגע־
גראָבן די אָטאָמאַנישע אימפּעריע, אַזוי האָבן זיך אויך
איצט די דייטשן געגרייט אונטערצוגראָבן די בריטישע
אימפּעריע. דער „אפריקע־קאָרפּוס" פון דייטשן גענעראַל
ראָמעל איז אַרויסגעטראָטן אין קאַמף, כדי צו פאַרטרייבן
די ענגלענדער פון מיטעלן מזרח און זיך שאַפן אַ וועג
קיין אינדיע.

דער ירושלימער מופטי האַדזש אל־כוסייני האָט פאַר־
לאָזן לבנון און איז אָפּגעפאָרן קיין באַגדאַד. איראַק האָט
זיך גערעכנט אַלס ענגלישע פאַרבינדעטע אָבער פאַקטיש
זענען די איראַקער געשטאַנען אויף דער זייט פון די דייטשן,
פונקט ווי אַלע איבעריקע אַראַבער. האַדזש אמין איז אויפ־
גענומען געוואָרן אין באַגדאַד אַלס מאַרטירער פון איסלאַם
און צוזאַמען מיט אַ ריי איראַקישע אָפיצירן האָט ער
אינסצעניזירט אַ בונט, מיטן ציל איבערצוגעבן איראַק אין
די הענט פון די דייטשן. דער פּלאַן איז דורכגעפאַלן. ממש
אין לעצטן מאָמענט איז די ענגלענדער געלונגען אונטער־

צודריקן די איבערקערעניש, אַרויסשיקנדיק קיין איראַק דעם „אַראַבישן לעגיאָן".

חאַדזש אמין איז צום צווייטן מאָל אַנטלאָפן. דאָס מאָל איז ער אָפּגעפאָרן קיין דייטשלאַנד, וווּ ער איז פּערזענלעך אויפגענומען געוואָרן דורך אַדאָלף היטלערן. די דאָזיקע ביידע מטורפים האָבן זיך פֿאַרבונדן און האָבן זיך צוגעזאָגט קעגנזייטיקע הילף. אין די מיליטערישע פּלענער פֿון דייטשלאַנד האָט דער מופטי געזען אַ נייע מעגלעכקייט צו פֿאַרכאַפּן די מאַכט אין דער אַראַבישער וועלט. היטלער האָט געדאַרפֿט האָבן דעם מופטי כּדי צו דעמאָנסטרירן די וואַרעמע און האַרציקע פֿריינטשאַפֿט צווישן די אַראַבער און די דייטשן. אַלס אָפֿענער נאַצי־אַגענט האָט חאַדזש אמין געהאַלטן רעדעס אין בערלינער ראַדיאָ צו די אַראַבער, אין וועלכע ער האָט איבערגעחזרט דאָס אַלץ, וואָס ער האָט שוין פֿריִער נישט איינמאָל געזאָגט:

— אַראַבער, שטייט אויף און נעמט הייליקע נקמה... איך, דער מופטי פֿון ירושלים, פּראָקלאַמיר די דאָזיקע מלחמה אַלס הייליקן קריג אַראָפּצוואַרפֿן דעם יאָך פֿון די ענגלענדער... איך ווייס, אַז איר האָט זיי פֿיינט... איך ווייס, אַז איר מוסולמענער זענט איבערצייגט אין דעם, אַז די ענגלענדער און די יידן זענען שונאים פֿון איסלאַם און זיי ווילן אונטערגראָבן די געבאָטן פֿון קאָראַן... די יידן פּלאַנירן צו באַרויבן אונדזערע הייליקע אינסטיטוציעס... אפֿילו היינט טענהן זיי, אַז זייער בית־המקדש איז געשטאַנען אויפֿן אָרט, אויף וועלכן עס שטייט איצט דער מעטשעט פֿון הייליקן אָמאַר, און ווילן אים געוויס מחלל זיין, פּונקט ווי זיי האָבן עס געוואָלט טאָן אין דער פֿאַרגאַנגענהייט... שלאָגט די יידן אויף יעדן אָרט, וווּ איר וועט זיי געפֿינען, ווייל אַזוי

וויל אַללאַ... נאָר אויך אַזאַ אופן וועט איר ראַטעווען אייער כבוד... זאָל אללא זיין מיט אייך... און יהודה זאָל אונטער־גיין!

ווען דער מופטי האָט גערעדט האָט געשיינט, אַז די גאַנצע אַראַבישע וועלט הערט זיך צו. סיריע און לבנון האָבן זיך געפונען אין די הענט פון דער פראַנצויזישער ווישי־רעגירונג און אין די דאָזיקע מדינות האָט געשטראָמט דייטשע אויסשטאַטונג, וואָס האָט געדאַרפט צוגרייטן דעם וועג פאַר אַן אינוואַזיע קיין ארץ־ישראל און מצרים. דער שעף פון מצרישן גענעראַל־שטאַב האָט פאַרקויפט מיליטע־רישע סודות צו די דייטשן. פאַרוק, דער קעניג פון מצרים, האָט זיך אָפּגעזאָגט צו שטעלן אין רשות פון די ענגלענדער אפילו איין מצרישן זעלנער, כדי צו פאַרטיידיקן מצרים פאַר ראָמעלס מיליטער. אויך אין איראַק זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן נייע אַנטי־ענגלישע פּלענער.

דער איינציקער, וואָס האָט זיך געשטעלט אָפן אויף דער זייט פון די פאַרבינדעטע, איז געווען דער אַלטער סיראַן איבן סאַוד, וועלכער איז געקויפט געוואָרן פאַר אַמעריקאַ־נער דאָלאַרן. אָבער אויך דער דאָזיקער איבן־סאַוד האָט נישט צוגעשטעלט אפילו קיין איין קעמל פאַר דער בריטי־שער „אַכטער ארמיי", וואָס האָט פאַרצווייפלט געקעמפט פאַר אירע פּאָזיציעס.

אין גאַנצן מיטעלן מזרח האָבן די פאַרבינדעטע געהאַט בלויז איין באמת טרייען פריינט, וואָס האָט געקעמפט ביי זייער זייט—דאָס זענען געווען די יידן פון ארץ־ישראל. גע־נעראַל ראָמעל, וועלכער איז געווען שטאָלץ מיט זיין זיג אין ליביע, איז געווען גרייט זיך דורכצוברעכן אַ וועג קיין אַלעקסאַנדריע, ווו די איינוווינער האָבן שוין צוגעגרייט

דייטשע פּענער, כּדי מקבל־פּנים צו זיין די „באַפרייער".

אויפן רוסישן פראָנט איז די דייטשע ווערמאַכט גע־שטאַנען ביי די טויערן פון סטאַלינגראַד. דאָס איז געווען די שווערסטע צייט פאַר די פאַרבינדעטע.

אַלס הויפּט־ציל האָבן די דייטשן זיך געשטעלט דאָס פאַרנעמען דעם סועץ־קאַנאַל, מצרים און ארץ־ישראל — די וויכטיקסטע פּונקטן פון דער בריטישער אימפּעריע. דאָס דורכברעכן די פראָנט־ליניע הינטער סטאַלינגראַד האָט גע־דאַרפט העלפן ביים שאַפן אַ נייע אַרומרינגלונג, כּדי דאָס דייטשע מיליטער זאָל קאָנען דורך די קאַווקאַזער בערג מאַרשירן אויף אינדיע און צום ווייטן מזרח. אין אַזאַ מצב זענען די ענגלענדער געקומען צום „וועד הלאומי" און גע־בעטן, אַז די יידן זאָלן שאַפן פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען, וואָס זאָלן פירן אַ טעטיקייט אין רוקן פון שונא. די דאָזיקע אָפּטיילונגען האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם פּלמ"ח, וואָס האָט זיך שפּעטער פאַרוואַנדלט אין דעם שטויס־כּוח פון דער „הגנה".

אַ געוויסן אָוונט איז ארי בן־כּנען געזעסן ביים טיש און געגעסן. פּלוצים האָט ער אַ צופרידענער זיך אָפּגערופן צום פאָטער:

— היינט האָב איך זיך מאָביליזירט אין ענגלישן מי־ליטער.

צומאָרגנס האָט ארי זיך צוגעשטעלט אין קיבוץ בית־אלונים, וווּ עס האָט זיך געפונען דער זאַמל־פּונקט פאַר די יוגנטלעכע, וואָס זענען אַריינגעטראָטן אין פּלמ"ח.

## קאַפּיטל 18.

בית־אלונים געפינט זיך אין מיטן פון עמק־יזרעאל, צו־פוסנס פון באַרג תבור. די ענגלענדער האָבן באַשטימט ארי בן־כנען אַלס אָפיציר און ער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די פאַרטיזאַנער־אַקציעס פון יונגע ייִנגלעך און מיידלעך, פון וועלכע דאָס רוב איז נאָך נישט אַלט געווען קיין גאַנצע צוואַנציק יאָר. די אָפיצירן האָבן זיך רעקרוטירט פון די „וותיקים" און זענען אויך געווען אין עלטער פון ארי בן־כנען.

אַ סך פריערדיקע מיטגלידער פון די „נאַכט־אָפּטיילונגען" האָבן זיך אָנגעשלאָסן צום פלמ"ח, כדי אויסצובילדן די יוגנטלעכע לויטן סיסטעם פון מאַיאָר פּ. פּ. מאַלקאָלם. די פלמ"ח־חברים האָבן נישט געטראָגן קיין מיליטערישע אוניפאָרמען. עס איז נישט געווען צווישן זיי קיין שום אונטערשייד אין די ראַנגען. צו די מיידלעך איז געווען די זעלבע באַציאונג ווי צו די בחורים.

צוויי פון די דאָזיקע פלמ"ח־קעמפער האָבן אַרויסגעוויזן אַזעלכע אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן, אַז ארי האָט זיי באַשטימט אַלס זיינע דירעקטע פאַרטרעטער. איינער פון זיי איז געווען אַ ביסל אַ מגושמדיקער קיבוצניק פון גליל.

זיין נאָמען איז געווען זאב גלבוע. ער האָט געטראָגן לאַנגע שוואַרצע וואָנצן און מיט דער צייט זענען די וואָנצן בכלל געוואָרן דער קען־צייכן פון אַ פלמ״חניק. דער צווייטער איז געווען אַ סטודענט פון ירושלים, אַ נידעריקער און געפּיל־פולער בחור מיטן נאָמען דוד בן־עמי. סיי זאב און סיי דוד זענען נאָך נישט אַלט געווען קיין צוואַנציק יאָר.

אַ געוויסן טאָג איז געקומען צו זיי אויף אַ באַזוך דער גענעראַל הייוועןְ־הערסט. ער איז געווען זייער אַ הויכער מאַן, פון איבער די פופציקער. בעת ער האָט אינספּעקטירט דעם לאַגער פון פלמ״ח האָט ער געפילט די קאַלטקייט, מיט וועלכער ער איז אויפגענומען געוואָרן דורך די מענטשן. נאָכן באַזוך האָט דער גענעראַל געבעטן, אַז ארי זאָל זיך שטעלן פאַר אים אין שטאַב פון לאַגער.

ווען ארי איז אַריינגעקומען אין דער קאַנצעלאַריע האָבן זיי זיך ביידע באַגריסט מיט אַ שטייפן בויג. קיינער פון זיי האָט נישט אויסבאַהאַלטן, אַז זיי האָבן זיך נישט ליב.

— זעצט זיך, לייטענאַנט בן־כנען — האָט געזאָגט הייוועןְ־הערסט. — איך וויל אייך לויבן פאַר דער אַרבעט מיט די פלמ״ח־זעלנער.

— איך דאַנק אייך, סער — האָט ארי געזאָגט.

— איך האָב דורכגעבלעטערט אייערע פּערזענלעכע אַקטן — האָט דער גענעראַל זיך אָפּגערופן. — איר זענט געווען זייער אַקטיוו...

— די באַדינגונגען פון דער סביבה אין וועלכער איך האָב זיך דערצויגן און די אומשטענדן גופא ביי וועלכע איך בין געבוירן געוואָרן, האָבן באַשטימט אונדזער טעטיקייט — האָט ארי קאַלט געזאָגט. — אין גרונט גענומען בין איך דורך און דורך אַ פּויער.

הייוועך־הערסט האָט אַראָפּגעשלונגען די דאָזיקע גלייכ־גילטיקייט און זיך נישט אָפּגערופן מיט קיין וואָרט אַ לענ־גערע צייט.

— דער עיקר ציל פון מיין באַזוך דאָ ביי אייך — האָט ער ענדלעך געזאָגט — איז צו פרעגן ביי אייך, צי איר וואָלט נישט געוואָלט איבערנעמען אויף זיך אַ ספּעציעלע אויפגאַבע. איך ווייס, אַז ווען מען האָט אייך פאַרגעלייגט אַריינצוטרעטן אין בריטישן מיליטער, האָט איר געשטעלט אַלס באַדינג, אַז מען זאָל אייך געבן אויסצושולן אַ פּלמ״ח־איינהייט. מיר זענען אָבער ביי דער מיינונג, אַז די זאַך וואָס מיר לייגן אייך פאָר איז אַ סך וויכטיקער און דעריבער דאַרפט איר ענדערן אייער באַדינג.

— איך בין אַ זעלנער אין דער ענגלישער אַרמיי, גע־נעראַל — האָט אַרי געזאָגט — איך וועל נעמען אויף זיך יעדע אויפגאַבע, וואָס מען וועט אַרויפלייגן אויף מיר.

— אַלזאָ גוט! עס גייט אין דעם, אַז די דייטשן האָבן צונויפגעזאַמלט אין סיריע אַ סך זעלנער. מיר זענען איבער־צייגט, אַז זיי וועלן מאַכן אַ פּרווו פון אַן אינוואַזיע אויף ארץ־ישראל. דאָס דאַרף געשען דעם הייַ־יאָריקן פרילינג.

ארי האָט אַ שאָקל־געטאָן מיטן קאָפּ.

— צווישן אונדז און פראַנקרייך איז נאָך נישטאָ קיין קריגס־צושטאַנד און דעריבער קאָנען מיר נישט אָנגרייפן סיריע. מיר פאַרמאָגן אָבער גענוג כוחות פון „פרייען פראַנקרייך". כדי מיט זיי דורכצופירן אַן אָנגריף. דער באַדינג פאַר אַזאַ אָנגריף איז קודם־כל, אַז מיר זאָלן האָבן אין אונדזערע הענט גענויע אינפאָרמאַציעס. מיר האָבן אייך אויסגעקליבן פאַר דער דאָזיקער אויפגאַבע, ווייל איר קענט גוט סיריע און לבנון נאָך פון די צייטן פון „המשמר". איר

קאַנט אויך גוט די אַראַבישע שפּראַך. מיר ווילן, אַז איר זאָלט אויפסניי צונויפזאַמלען די זעלבע יוגנטלעכע, וואָס זענען געווען מיט אייך אין „המשמר" און איר זאָלט צו־טרעטן צו זאַמלען ידיעות וועגן שונא. ווען מיר וועלן אָנ־הויבן אונדזער אינוואַזיע אין סיריע, וועלן מיר אייך דאַן אָנפאַרטרויען ספּעציעלע אויפגאַבן. איר וועט באַקומען דעם ראַנג פון אַ קאַפּיטאַן.

— איך זע אָבער דערביי איין שוועריקייט, גענעראַל— האָט ארי געזאָגט.

— וועלכע ?

— אַ גרויסע צאָל פון די „המשמר"־חברים זענען אַריינ־געוואָרפן געוואָרן דורך די ענגלענדער אין תפיסה.

גענעראַל הייווען־הערסט איז געוואָרן רויט אויפן פּנים.

— מיר וועלן זיי באַפרייען — האָט ער זיך שטיל אָפּ־גערופן.

— יעס, סער. און נאָך אַ זאַך. מיט מיר געפינען זיך דאָ צוויי פעיקע מענטשן. אויסערגעוויינלעך־גוטע זעלנער. איך וועל זיי גערן מיטנעמען מיט זיך אין „המשמר". איר דאַרפט זיי אַריבערפירן אין ענגלישן מיליטער.

— זייער גוט — האָט געזאָגט דער גענעראַל.—נעמט זיי מיט זיך.

ארי האָט זיך אויפגעשטעלט און זיך געלאָזט גיין צו דער טיר.

— אַן אינוואַזיע אויף סיריע אין איצטיקן מאָמענט, איז באמת אַן אויסגעצייכנטע סטראַטעגיע, סער. די בריטישע „אַכטע אַרמיי" וועט באַקומען אַ גרויסן שטח, כדי זיך צו קאָנען פריי באַוועגן אויף אינדיע.

גענעראַל הייוועןַ־הערסט האָט אָנגעקוקט ארי בן־כנען מיט אַ פײַנטלעכן בליק.

— איך גלויב, ארי בן־כנען, אַז אַ געוויסן טאָג וועלן מיר זיך געפינען אויף צוויי קעגנערישע זייטן פון דער באַ־ריקאַדע.

— מיר געפינען זיך שוין אויף פאַרשיידענע זייטן פון דער באַריקאַדע, סער — האָט ארי געענטפערט און איז אַרויס פון צימער.

ארי האָט פאַרלאָזן בית־אלונים אין דער געזעלשאַפט פון זאב גלבוע און דוד בן־עמי, וועלכע האָבן באַקומען דעם ראַנג פון סערזשאַנטן. זיי האָבן צוריקגעקערט קיין „המשמר", אויף דעם באַרג, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט ביטערע זכרונות.

אין דאָזיקן ישוב איז געשאַפן געוואָרן דער שטאַב און פון דאַנען זענען אַרויסגעגאַנגען אריס פאַטרולן ביז צו דמשק. זיי האָבן דערביי געמוזט זיין אויסערגעוויינלעך פאָרזיכטיק, ווייל די אינוואַזיע אויף סיריע האָט געזאָלט דורכגעפירט ווערן אַלס גרויסע איבעראַשונג. אריס סיסטעם איז געווען זייער אַ פשוטער. די מענטשן האָבן דאָס רוב גערעדט פליסיק אַראַביש און זיי האָבן גוט געקענט דעם שטח. ער פלעגט זיי אַרויסשיקן בייטאָג, איבערגעטועטע אַלס אַראַבער, און זיי פלעגן פשוט גיין איבער די וועגן און זיך גוט צוהערן צו די געשפּרעכן, וואָס די אַראַבער האָבן געפירט. אַזוי אַרום האָבן זיי געזאַמלט ידיעות. טראָץ דעם, וואָס דער דאָזיקער אינפאָרמאַציע־דינסט האָט געאַרבעט אויסערגעוויינלעך גוט, האָט ארי דאָך געוואָלט, אַז די באַ־קומענע ידיעות זאָלן באַשטעטיקט ווערן דורך אַ מענטשן, וואָס איז פערזענלעך געווען אין דמשק און ביירות. ארי האָט

געהאַלטן, אַז אַזאַ אויפגאַבע קאָן אויספירן נאָר איין מענטש, וואָס וועט נישט אַרויסרופן צו זיך קיין שום פאַרדאַכט. ער האָט זיך געווענדעט צו דער „הגנה"־אָנפירונג און מען האָט אים צוגעשיקט אַ זיבעצן־יאָריקן יינגל מיטן נאָמען יואב יו־קוני.

ירקוני איז געווען אַ מאַראָקאַנישער ייד, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין קאַזאַבלאַנקא. ער האָט געקאָנט לייכט אָנגיין אַלס אַן אַראַבער. ער איז געווען קליין און דאַר, האָט געהאַט גרויסע שוואַרצע אויגן און פון אים האָט געשפרודלט אַ קוואַל פון הומאָר. אין קאַזאַבלאַנקא האָט דאָס יינגל גע־ווינט צוזאַמען מיט זיין משפחה אין אַ „מעללא", וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אַראַביש־אַפריקאַנישער געטאָ. די דאָזיקע אָריענטאַלישע און אַפריקאַנישע יידן האָבן געהאַט זייער ווייניק געמיינזאַמעס מיט די יידן פון רוסלאַנד און דייטשלאַנד. זיי שטאַמען דאָס רוב פון די שפּאַנישע יידן, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון דער אינקוויזיציע און אַ סך פון זיי האָבן נאָך געהאַט שפּאַנישע נעמען. עס האָבן גע־לעבט יידן אין באַגדאַד און קאַיר, אין דמשק און פעז, אין קורדיסטאַן און קאַזאַבלאַנקא, און לענג־אויס דעם גאַנצן אַפריקאַנישן ברעג, ווי אויך אין מיטעלן מזרח. אין געוויסע אַראַבישע לענדער האָבן די יידן געהאַט כמעט די גלייכע רעכט ווי די איבעריקע איינוווינער. פאַרשטייט זיך, אַז צו פולשטענדיקער גלייכבאַרעכטיקונג זענען די יידן אין די מו־סולמענישע לענדער קיינמאָל נישט דערגאַנגען. אָבער מיט טויזנט יאָר צוריק, ווען דער איסלאַם האָט זיך אָנגעהויבן אויסצובררייטערן, האָבן די יידן געהערט צו די אָנגעזעענסטע בירגער. זיי זענען געווען די הויף־דאָקטוירים ביי די אַראַ־בישע הערשער, זיי זענען געווען די געלערנטע און קינסט־

לער און פֿאַרגעשטעלט מיט זיך די עליטע אין דער אַראַבי־שער געזעלשאַפֿטלעכקייט.

די מוסולמענער האָבן קיינמאָל נישט אָנגעווענדעט קעגן די יידן אַזעלכע עקסטרעמע מיטלען, ווי דאָס האָבן געטאָן די קריסטן. די יידן פֿלעגן ליידן אָפֿט פֿון עקסצעסן, אָבער קיין מאַסן־מאָרד איבער דער יידישער באַפֿעלקערונג איז אין די אַראַבישע לענדער קיינמאָל נישט דורכגעפֿירט געוואָרן.

יואב ירקוני איז אַנטלאָפֿן צוזאַמען מיט זיין משפּחה פֿון „מעללא" אין קאַזאַבלאַנקא. זיי האָבן זיך באַזעצט אין דער קבוצה שדות־ים ביים ים־ברעג, נישט ווייט פֿון קיסריה. אַ סך מעפּילים־שיפֿן האָבן געאַנקערט נעבן זיי און דאָ האָט יואב ירקוני אָנגעהויבן זיין טעטיקייט פֿאַר דער „עליה ב'" אַלס געוועזער־שמוגלער. ער איז דאַן אַלט געווען נישט מער ווי צוועלף יאָר.

די אויפֿגאַבע, וועלכע ארי האָט ארויפֿגעלייגט אויף אים, האָט אויסגעזען זייער לייכט אין די אויגן פֿון יונגן יואב. ער איז צופֿוס אַוועק קיין דמשק, ביירוט און צור, און נאָך דריי וואָכן איז ער צוריקגעקומען אין „המשמר". די ידיעות, וועלכע ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך, האָבן באַשטעטיקט אַלץ, וואָס איז שוין געווען פֿון פֿריער באַוווּסט.

די כוחות פֿון „פֿרייען פֿראַנקרייך" זענען אַריין אין ארץ־ישראל זייער שטיל. זיי האָבן געלאַגערט אין גליל גרייטנדיק זיך צו דער אינוואַזיע.

פּופּציק פּערזאָן פֿון אריס גרופּע איז אונטערשטיצט געוואָרן דורך אַן אויסדערוויילטע גרופּע פֿון פֿערציק אויס־טראַלישע זעלנער, ספּעציאַליסטן פֿאַר מינעס, אויטאָמאַ־

טישן געווער און אויפרייס־מאַטעריאַלן. דער דאָזיקער כוח פון נײַנציק פערזאָן איז צעטיילט געוואָרן אויף דריי גרופּן. יעדע איינהייט האָט געהאַט פאַר זיך אַ ספּעציעלע אויפגאַבע אַריבערצוגיין קיין לבנון און סיריע אַלס שטורם־גרופּע. דאָרטן האָבן זיי געדאַרפט באַהערשן די בריקן און שאָסייען, אין פאַל פון אַ קעגן־אַנגריף, ביז עס וועט אָנקומען דער הויפּט־כוח.

די געפערלעכסטע שליחות איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף אריס גרופּע. ער האָט געדאַרפט פירן זײַנע מענטשן לענג־אויס דעם לבנונישן ברעג, אַרײַנדרינגען נישט ווייט פון לאַגער, ווו עס האָבן זיך געפונען די פראַנצויזישע זעל־נער פון דער פראָ־דײַטשער ווישי־רעגירונג און נישט דער־לאָזן, אַז די דאָזיקע זעלנער זאָלן פאַרנעמען וויכטיקע פּאָ־זיציעס ווען עס וועלן אָנקומען די כוחות פון „פרײַען פראַנקרײַך".

ארי האָט גענומען מיט זיך יואב ירקוני, זאב גלבוע און דוד בן־עמי. צוזאַמען מיט זיי זענען געווען נאָך זעכציק יידישע יוגנטלעכע און צען אויסטראַלישע זעלנער. זיי זענען אַרויס אין וועג פיר און צוואַנציק שעה איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן די אינוואַזיע. מיט אַ ווונדערבאַרער לײַכטקייט האָבן זיי זיך באַוועגט לענג־אויס דעם ברעג, ווייל זיי האָבן שוין פון פריער געהאַט גענויע אינפאָרמאַציעס וועגן אַלץ וואָס עס טוט זיך אויפן שטח פון שונא. איינע נאָך דער אַנדערער זענען זיי אריבער אַלע זעקס וויכטיקע בריקן.

זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן אויף אַ מרחק פון דריי מייל ווייט פון די וואַך־פּאָסטנס, וואָס האָבן געהיט דעם גאַר־ניזאָן פון די ווישי־זעלנער אין „פּאָרט הענריעד". זיי האָבן מינירט דעם וועג, האָבן אויסגעשטעלט מאַשין־געווער און

פאַרנומען פּאָזיציעס, וואַרטנדיק אויפן אָנקום פון דער אינ־וואַזיע־אַרמיי.

ווי עס טרעפט אָבער אָפט ביי גרויסע מיליטערישע אַק־ציעס, האָט אויך דאָ פּאַסירט אַ טעות. ווי אַזוי, ווער און פאַרוואָס דער טעות איז געמאַכט געוואָרן, איז שוין איצט נישט אַזוי וויכטיק. די מיליטערישע אָפּטיילונגען פון מזרח־דיקן אָרעם, וואָס האָט געהערט צו די אינוואַזיע־כוחות זענען אַריבער דעם עבר־הירדן קיין סיריע מיט צוועלף שעה פריער, ווי דאָס איז געווען פּלאַנירט. מאַרשירנדיק קיין דמשק האָבן זיי אויפגעדעקט דעם סוד פון דער גאַנצער אַקציע.

אין רעזולטאַט פון דעם איז ארי געווען געצוווּנגען זיך צו האַלטן אויף זיין פּאָזיציע ביים באַרג־דורכגאַנג אין משך פון צוועלף שעה. אַנדערע פּאָזיציעס האָבן זיך געמוזט האַלטן אַזוי לאַנג, ביז עס זענען אָנגעקומען צו הילף די הויפּט־כוחות. גלייך ווי די אַקציע איז באַוווּסט געוואָרן, האָבן די כוחות פון די ווישי־פראַנצויזן קאָנצענטרירט צוויי בריגאַדעס מיט טאַנקען און אַרטילעריע אין „פאָרט הענריעד" און אָנגעהויבן צו באָמבאַרדירן אריס פּאָזיציעס. ווען ארי האָט דערזען, אַז די דאָזיקע בריגאַדעס דערנענטערן זיך צו אים האָט ער תיכף אַרויסגעשיקט דודן און זאבן צוריק קיין ארץ־ישראל, כדי זיי זאָלן אַלאַרמירן וועגן מצב און אַראָפּ־ברענגען פאַרשטאַרקונגען. די ווישי־אָפּטיילונגען האָבן אינ־צווישנצייט מאַרשירט אַלץ נענטער און נענטער. זיי האָבן קיין אַנונג נישט געהאַט, אַז ביים באַרג־דורכגאַנג איז פאַר זיי צוגעגרייט געוואָרן אַ לויערונג. באָענט נעבן אריס פּאָ־זיציע זענען זיי אַרויף אויף אַ מינען־פעלד, ווו צענדליקער פון זיי זענען אויפגעריסן געוואָרן. פון ביידע זייטן באַרג

האָט אויף זיי גלייכצייטיק אַ האָגל־געטאַן מיט קוילן און זיי האָבן זיך געמוזט צוריקציִען. די פּראָנצויזן האָבן דאַן אָנגעהויבן צו באַשיסן מיט אַרטילעריע דעם באַרג.

זעקס שרעקלעכע שעהן זענען פאַרביי, ביז דוד און זאב זענען צוריקגעקומען מיט א בריגאַדע זעלנער פון „פרייען פראַנקרייך". קיין איין בריק אין די בערג איז נישט פאַר־ניכטעט געוואָרן. די ליניעס זענען נישט דורכגעבראָכן גע־וואָרן. איבער פיר הונדערט ווישי־זעלנער זענען אומגעקו־מען, אָבער אריס פּאָזיציע איז געבליבן פעסט.

דער דאָזיקער זיג איז אָבער טייער באַצאָלט געוואָרן. ווען די פאַרשטאַרקונגען זענען אָנגעקומען האָבן בלויז פינף מענטשן פון אריס אָפּטיילונג געלעבט. ארי בן־כנען אַליין איז געווען אויפן שוועל פון טויט. ער איז שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן. זיינע פלייצעס זענען געווען צעריסן פון שפּלי־טערס און צוויי קוילן זענען געבליבן שטעקן אין זיין קער־פּער. דער פוס און די נאָז זענען געווען צעבראָכן.

די כוחות פון „פרייען פראַנקרייך" זענען אַריבער דעם באַרג־פּאַס און האָבן פאַרגעזעצט די אינוואַזיע אין סיריע.

פאַר ארי בן־כנען האָט זיך די מלחמה פאַרענדיקט. ער איז צוריקגעקערט געוואָרן קיין ארץ־ישראל, וווּ ער איז אַ לאַנגע צייט געלעגן אין שפּיטאָל. די ענגלענדער האָבן אים אַוואַנסירט צום ראַנג פון אַ מאַיאָר און האָבן אים דערטיילט אַן אויסצייכענונג אַלס אָנערקענונג פאַר זיין העלדישער האַלטונג.

ארי האָט בייגעשטייערט זיין חלק אינעם זיג פון די פאַרבינדעטע קעגן היטלערן. אויך די יונגע מענטשן פון ישוב האָבן מיטגעהאָלפן צום דאָזיקן זיג. די יידישע בחורים האָבן געהערט צו די „זעלבסטמאָרד־גרופן", וועלכע האָבן

זיך באַטײליקט אין די קאַמפן נעבן טאָברוק און באַרדיא. שפּעטער האָט אַ יידישע בריגאַדע אָנטײלגענומען אין דער העלדישער פאַרטײדיקונג פון דער שטאָט טאָברוק.

די יידישע בחורים האָבן געקעמפט אין איטאַליע, אין גריכנלאַנד, אויף קרעטאַ און אין האָלאַנד. טויזנטער פון זיי האָבן געהערט צום בריטישן לופט־פלאָט. די „הגנה" האָט געהאַלטן אויפן אויג די אַראַבער אין ארץ־ישראל. זיי האָבן געקעמפט אין מדבר און מיטגעהאָלפן אין דער אַקציע פון דעראָבערן סידי באַרראַני, סאָללום און פאָרט קאַפּוציא אין „אַראַבישן מדבר".

יידישע זעלבסטמאָרד־גרופּן האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער העלדישקייט אין די מיליטערישע אַקציעס אין עריטרעא און אביסיניע. דריי טויזנט ארץ־ישראל יידן האָבן געקעמפט ביי די האָלענדישע, טשעכישע, פראַנצויזישע און אפילו פוילישע ווידערשטאַנדס־כוחות. אַ יידישע קאָמאַנדאָ איז אַרויס אויפרייסן די נאַפט־רערן אין טריפּאָלי. אַלע מענטשן פון דער דאָזיקער גרופּע זענען אומגעקומען. יידן זענען באַשטימט געוואָרן דורך די ענגלענדער אויף ספּע־ציעלע אויפגאַבן. דייטשע יידן, איבערגעטוענע אַלס דייטשע אָפיצירן, האָבן געאַרבעט אין שטאַב פון גענעראַל ראָמעל. די יידן האָבן אָפּגעהיט די נאַפט־רערן אין מאָסול, נישט דערלאָזנדיק די אַראַבער צו פאַרניכטן די דאָזיקע רערן.

ווען די ענגלענדער האָבן געדאַרפט האָבן אויסשפּירער אויף די באַלקאַנען, האָבן זיי זיך געווענדעט צו די יידן און זיי אויסגעשולט אַלס פאַראַשוטיסטן. די ענגלענדער זענען אַרויס פון דער הנחה, אַז יעדער יידישער פאַראַשוטיסט וועט באַקומען אַ שוץ ביי יעדן יידן אין געגעבענעם לאַנד. די יידן זענען אַראָפּגעלאָזט געוואָרן אויף פאַראַשוטן און בלויז

אייניקע פון זיי זענען געבליבן לעבן. חנה סענעש, פון יואב ירקוניס קיבוץ, איז אַראָפּגעלאָזט געוואָרן אַלס פּאַראַשוטיסטין אין אונגאַרן, און זי איז געכאַפּט געוואָרן דורך די דייטשן. זי איז געשטאָרבן ווי אַ מאַרטירערין און האָט נישט אויסגערעדט קיין וואָרט, טראָץ די אכזריותדיקע פּייניקונגען פון די נאַציס.

די יידן פון ארץ־ישראל האָבן זיך געשלאָגן העלדיש און האָבן זיך דערוואָרבן רום. אָבער אין דער זעלבער מאָס, ווי די ענגלענדער האָבן געריספּט דעם אַראַבישן „אויפשטאַנד" בעתן ערשטן וועלט־קריג, אַזוי האָבן זיי איצט פאַרמינערט די באַמיאונגען פון יידישן ישוב בעת דעם צווייטן וועלט־קריג. קיין שום מדינה האָט נישט אַריינגעטראָגן פּראָפּאָרציאָנעל אַזאַ גרויסן חלק אין זיג איבער דייטשלאַנד, ווי די יידן פון ארץ־ישראל. אָבער די ענגלישע רעגירונג האָט נישט געוואָלט, אַז די יידן זאָלן זיך באַנוצן מיט זייער ביישטייער אַלס קאָרט אין האַנט, בעתן דינגען זיך איבער דער צוקונפט פון זייער היימלאַנד. די ענגלישע רעגירונג האָט נישט פאַרעפנטלעכט קיין שום מאַטעריאַלן וועגן יידישן אָנטייל אין זיג און זי האָט די דאָזיקע מאַטעריאַלן געהאַלטן פאַרשלאָסן, ווי אַ שטרענגע מיליטערישע געהיימעניש.

ווען די ענגלענדער האָבן אָנגעהויבן אָפּצוהאַלטן נצחונות איבער די דייטשן, ווען עס האָט זיך נישט איינגעגעבן אַריינצוגיין אין אַלעקסאַנדריע און דורכצוברעכן די פראָנט־ליניע הינטער סטאַלינגראַד, האָבן די אַראַבער שוין מער נישט געוואָרט ביז די דייטשן וועלן קומען און זיי „באַפרייען". זיי האָבן שנעל דערקלערט אַ „מלחמה" דייטשלאַנד, ווייל זיי האָבן געוואָלט זיין פאַרטראָטן אויף דער

קומענדיקער שלום־קאָנפערענץ און נישט דערלאָזן, אַז די יידן זאָלן זיך באַטייליקן אין אַזאַ קאָנפערענץ.

טראָץ דער ווונדערבאַרער האַלטונג פון יידישן ישוב, האָבן די ענגלענדער אלץ נישט מבטל־געמאַכט די פּאָליטיק פון „ווייס־בוך". זיי האָבן נישט מבטל־געמאַכט דאָס בוך טראָץ דעם אַראַבישן פאַראַט און טראָץ דעם פאַקט, וואָס די אַראַבער האָבן נישט צוגעלייגט אפילו אַ פינגער, כדי מיט־צוהעלפן צום זיג. אפילו ווען אויף דער וועלט איז באַוווסט געוואָרן די אויפטרייסלענדיקע אכזריות פון די דייטשן, וועלכע האָבן אויסגעמאָרדעט זעקס מיליאָן יידן, האָבן די ענגלענדער נאָך אלץ נישט דערלויבט אן עליה קיין ארץ־ישראל.

אין דער „הגנה" איז געוואַקסן די אומצופרידנקייט. אירע רייען זענען איצט פול געווען מיט זעלנער, וועלכע האָבן געהאַט אַ פראָנט־דערפאַרונג. אָבער נישט די „הגנה", נאָר די „מכבים" האָבן איבערגעריסן זייער וואָפנשטילשטאַנד־הסכם מיט די ענגלענדער. אַ ריי טעראָריסטישע אַקטן האָבן אויפגעטרייסלט דעם ישוב פון איין עק צום אַנדערן און ווידער האָבן די ענגלענדער זיך צוריקגעצויגן אין די „טאַ־גערט־פעסטונגען". די „מכבים", צו וועלכע עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן טויזנטער בחורים, האָבן אויפגעריסן איין ברי־טישע פעסטונג נאָך דער אַנדערער.

גענעראַל הייוועז־הערסט איז אַרויסגעטראָטן קעגן די „מכבים". אייניקע פון די „מכבי"־אָנפירער זענען ארעסטירט געוואָרן און מען האָט זיי פאַרשיקט קיין סודאַן, אָבער די קעמפער פון עקיבאן האָבן זיך נישט צוריקגעצויגן.

הייוועז־הערסט האָט באַפוילן צו שלאָגן די יוגנטלעכע פון „מכבי", וועלכע זענען געכאַפט געוואָרן דורך די ענגלענ־

דער. אויף דעם האָבן די קעמפער רעאַגירט מיט אַ רעוואַנזש־אַקציע. זיי האָבן געכאַפּט אייניקע בריטישע אָפיצירן און זיי עפנטלעך געשלאָגן.

אייניקע פון די „מכבי״־מיטגלידער זענען אויפגעהאַנגען געוואָרן. אַלס רעוואַנזש זענען געכאַפּט געוואָרן עטלעכע ברי־טישע סערזשאַנטן, וועלכע זענען אויך אויפגעהאַנגען געוואָרן דורך די „מכבים״. אייניקע ענגלישע אָפיצירן, וועלכע האָבן זיך באַזונדערס אויסגעטיילט מיט זייער שנאת־ציון, זענען דערשאָסן געוואָרן דורך „מכבי״־מיטגלידער.

דאָס „הייליקע לאנד״ איז געווען אויפגעטרייסלט דורכן קעגנזייטיקן טעראָר.

דער ירושלימער מופטי, חאדזש אמין אל־כוסייני איז דורך דער יוגאָסלאַווישער רעגירונג ארויפגעצויגן געוואָרן אויף דער רשימה פון די מלחמה־פאַרברעכער, ווייל ער האָט זיך אליין באַמינירט אלס גייסטיקער מנהיג פון די יוגאָ־סלאַווישע מוסולמענער, וועלכע האָבן געקעמפט אויף דער זייט פון די דייטשן. ער איז ארעסטירט געוואָרן אין פראנק־רייך, אָבער די ענגלענדער האָבן זיך געגוייטיקט אין אים פאר זייערע פּאָליטישע צילן און האָבן אים געהאָלפן אנטלויפן קיין מצרים. ער איז דאָרטן אויפגענומען געוואָרן ווי א העלד פון איסלאַם. אין ארץ־ישראל האָט איבער די אראבער גע־הערשט דערווייל זיין קרוב דזשאַמאַל.

אין דאָזיקן בייעם היסטאָרישן פעריאָד האָט אמעריקע אָנגעהויבן זיך צו פאראינטערעסירן מיט די פראגן פון מיטעלן מזרח און זי האָט זיך פאַרוואנדלט אין א צענטראלן פאַקטאָר אין די דאָזיקע פּראָבלעמען. דער שווער־פּונקט פון דער ציוניסטישער טעטיקייט האָט זיך אריבערגעטראָגן צום אמע־ריקאַנער יידנטום.

ווען די פאַראייניקטע שטאַטן זענען געוואָרן די דעצידירנדיקסטע גרויסמאַכט, האָבן די ענגלענדער פאָרגעלייגט אַרויסצושיקן קיין ארץ־ישראל אַן ענגליש־אַמעריקאַנישע אויספאָרשונגס־קאָמיסיע, כדי זיך צו באַקענען מיטן מצב אין לאַנד. די דאָזיקע געמיינזאַמע קאָמיסיע האָט געמאַכט אַ ברייטן איבערבליק פון דער לאַגע אין וועלכער עס האָבן זיך געפונען די אַראַבער און דער יידישער ישוב. חוץ דעם האָט די קאָמיסיע באַזוכט די פליטים־לאַגערן אין אייראָפע. צום סוף איז זי געקומען צו דער איינציק־מעגלעכער און מענטשלעכער מסקנה, אַז מען דאַרף תיכף דערלויבן הונדערט טויזנט יידן עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל.

די ענגלענדער האָבן אָבער באַטראַכט די דאָזיקע מסקנה אַלס נישט אָננעמבאַר. צוערשט האָבן זיי געטענהט, אַז זיי וועלן באַהאַנדלען דעם פאָרשלאַג, אויב די „הגנה״ און פלמ״ח וועלן אויפגעלייזט ווערן. דאַן האָבן זיי געפונען אַ טויזנט אַנדערע אויסריידן כדי נישט צו דאַרפן אָננעמען די רעקאָמענדאַציעס פון דער קאָמיסיע.

דאָ האָט ענדלעך געפלאַצט די געדולד פון די ישוב־אינסטאַנצן. איינהייטן פון „הגנה״ און פלמ״ח זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן, כדי דורכצופירן איבערפאַלן אויף ענגלישע פאָסטנס. די ענגלענדער האָבן דאַן אַראָפגעבראַכט קיין ארץ־ישראל צענדליקער טויזנטער פראָנט־זעלנער און זיי האָבן פאַרוואַנדלט דאָס לאַנד אין אַ פאָליצייאישער מדינה. די אָנגעזעענסטע מנהיגים פון ישוב זענען אַרעסטירט געוואָרן און פאַרשיקט געוואָרן אין לאַגער פון לאַטרון.

אַלס רעוואַנזש אויף דעם האָט די „הגנה״ אויפגעריסן אין איין נאַכט אַלע בריקן אויף די גרענעצן פון ארץ־ישראל. דער „מוסד עליה ב״ האָט פאַרשטאַרקט זיין אַקציע קעגן

דער בריטישער בלאָקאַדע און דאָס האָט אַזוי אויפגערעגט דעם ענגלישן אויסערן־מיניסטער, אַז ער איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ שאַרפער אַנטיסעמיטישער רעדע און פאַראָרדנט פּול־שטענדיק צו שליסן די טויערן פון ארץ־ישראל פאַר די יידישע איינוואַנדערער.

דער ענטפער אויף דעם איז געקומען מצד די „מכבים”. דער הויפט־שטאַב פון דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע אין ארץ־ישראל האָט זיך געפונען אין רעכטן פליגל פון האָטעל „קעניג דוד” אין ירושלים. דער דאָזיקער האָטעל געפינט זיך אין בייעם טייל פון ירושלים און זיינע הינטערשטע אַרויס־גענג און דער גאָרטן, געפינען זיך קעגנאיבער דער מויער פון דער אַלט־שטאָט. עטלעכע צענדליק „מכבי”־חברים, איבערגעטועט אַלס אַראַבער, האָבן אַריינגעטראָגן אייניקע מילך־קריג אין קעלער פון האָטעל און זיי אוועקגעשטעלט אונטער די ביוראָען פון די ענגלישע באַאַמטע. די דאָזיקע קריג זענען געווען פול מיט אויפרייס־מאַטעריאַלן. אין די קריג זענען אַריינגעלייגט געוואָרן אויפרייס־זייגערס און די „מכבים”, וועלכע האָבן זיך שנעל אָפּגעטראָגן פון אָרט, האָבן טעלעפאָנירט צו די ענגלענדער זיי זאָלן תיכף פאַר־לאָזן דעם בנין. די ענגלענדער האָבן אָבער געהאַלטן די דאָזיקע וואָרענונג פאַר לעכערלעך. זיי זענען געווען אי־בערצייגט אַז די „מכבים” ווילן זיי איבערשרעקן, אָדער חוזק־מאַכן. די יידישע קעמפער וועלן דאָך נישט וואַגן אָנ־צוגרייפן די הויפט־קוואַרטיר פון דער ענגלישער מאַכט — האָבן געטראַכט די באַאַמטע.

אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט זיך דערהערט אַ גע־וואַלדיקער אויפרייס. דער רעכטער פליגל פון האָטעל „קע־ניג דוד” איז אויפגעריסן געוואָרן אין דער לופטן.

## קאַפּיטל 19.

די שיף „יציאת אייראָפּע" איז געווען גרייט אָפּצושווי־
מען קיין ארץ־ישראל.

אַרי האָט באַשטימט דעם טערמין פון אָפּפאָר אויף אינ־
דערפרי, נאָך דער חנוכה־מסיבה, וואָס איז איינגעאָרדנט
געוואָרן דורך דער דירעקציע פון „דאָם־האָטעל" אויף דער
גרויסער טעראַסע.

עס זענען צוגעגרייט געוואָרן דריי הונדערט זיץ־פּלע־
צער. די יידן פון דער קליינער קהילה אין ציפּערן און די
מאַנשאַפט פון „יציאת אייראָפּע" זענען געזעסן ארום טיש.
ווען די קינדער זענען אַריינגעלאָפן אין זאַל, אָנגעטאָן אין
נייע קליידער, האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט אַ פרייד. די קינ־
דער זענען באַשאָנקען געוואָרן מיט מתנות דורך די ציפּ־
רישע איינוווינער און דורך די סאָלדאַטן פון אָרטיקן גאַר־
ניזאָן. יעדעס קינד האָט באַקומען פאַר זיך בלויז איין מתנה
און די איבעריקע מתנות זענען אָפּגעשיקט געוואָרן פאַר די
פּליטים פון לאַגער אין קאַראַאָלאָס. די טישן האָבן זיך גע־
בראָכן אונטער דער גרויסער צאָל שפּייז און זיסוואַרג, און
די קינדער האָבן געקוואָלן פון נחת. די שרעקלעכע צייט
פון הונגער־שטרייק איז שוין געווען הינטער זיי. זיי האָבן

אויסגעהאַלטן דעם שווערן עקזאַמען, פונקט אַזוי ווי דער־וואַקסענע, און איצט האָבן זיי געקאָנט זיך פאַרהאַלטן ווי גליקלעכע קינדער און אַרומשטיפן איבער די צימערן. אַרום דער טעראַסע זענען געשטאַנען צענדליקער גריכישע און ענגלישע זעלנער, וועלכע האָבן מיט בייגיר זיך צוגעקוקט צום יום־טוב.

קארען האָט אַ דענערוויר׳טע געהאַלטן אין איין קוקן אַרום זיך, זוכנדיק קיטי פרעמאָנט. ווען זי האָט ענדלעך דערזען קיטי׳ן האָט קאַרענס פנים אויפגעשטראַלט פאַר פרייד. קיטי איז געשטאַנען נעבן מאַרק פאַרקער.

— קום אַהער, קיטי — האָט קאַרען אויסגעשריען — דאָ איז פאַראַן אַ פּלאַץ פאַר דיר.

— דער יום־טוב איז פאַר אייך — האָט קיטי געענט־פערט. — איך וועל דאָ שטיין און זיך צוקוקן.

ווען אַלע קינדער האָבן אויפגעפאַקט די פעקלעך מיט די מתנות, איז דוד בן־עמי אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט, ביים אויבנאָן פון טיש. אויף דער טעראַסע האָט זיך גלייך אַראָפּגעלאָזט אַ שטילקייט. אַלע האָבן געוואַרט אויף זיין וואָרט. עס האָט זיך בלויז געהערט דער רויש פון די כוואַ־ליעס, וואָס האָט זיך דערטראָגן צו זיי פון ים.

— היינט פייערן מיר די ערשטע נאַכט פון חנוכה — האָט דוד אָנגעהויבן. — מיר פייערן דעם דאָזיקן יום־טוב לכבוד יהודה המכבי און זיינע ברידער און טרייע פריינט, וואָס זענען אַראָפּ פון די בערג פון יהודה, כדי מלחמה צו האַלטן קעגן די גריכן, די אונטערדריקער פון אונדזער פאָלק.

אייניקע פון די קינדער האָבן אָנגעהויבן צו פאַטשן מיט די הענט.

— די צאָל מענטשן, וואָס איז צוגעשטאַנען צו יהודה

המכבי, איז געווען זייער אַ קליינע און זייער מיליטערישער כוח איז געווען זייער אָרעם אין פאַרגלייך מיטן גרויסן און שטאַרקן גריכישן שונא, וועלכער האָט דאַן געהערשט איבער דער גאַנצער וועלט. אָבער יהודה המכבי האָט געהאַט אַ שטאַרקן גלויבן. ער האָט געגלויבט, אַז דער טרייער גאָט פון ישראל וועט אים ווייזן דעם וועג. יהודה איז געווען אַן אויסגעצייכנטער קעמפער. ער האָט זיך באַמיט איבערצו־קליגלען די גריכן. זיינע מענטשן האָבן געקעמפט מיט מוט, ווייל אין זייערע הערצער האָט געפלאַקערט דער גלויבן אין גאָט. די מכבים האָבן איינגענומען מיט שטורעם ירושלים און פאַרטריבן פון דאָרטן די גריכן.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָבן זיך אין זאַל דערהערט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן.

— יהודה איז אַריין אין בית־המקדש און זיינע מענטשן האָבן אים אויסגערייניקט פון די געצן און צוריקגעקערט די עבודת הקודש צום גאָט פון ישראל, דעמזעלבן גאָט, וואָס האָט אויך אונז געהאָלפן אין קאַמף קעגן די ענגלענדער.

דוד האָט פאַרגעזעצט זיין דערציילונג וועגן דער ווי־דעראויפלעבונג פון יידישן פאָלק און די גאַנצע צייט האָט קיטי זיך צוגעהערט צו זיינע רייד מיט דער גרעסטער אויפ־מערקזאַמקייט. זי האָט געקוקט אויף קאַרען און דב לאַנדאו. דאַן האָט זי אַ קוק געטאָן אויף מאַרקן און אַראָפּגעלאָזט איר בליק. אין דער זעלבער רגע האָט זי באַמערקט, אַז נאָך עמיצער שטייט נעבן זיי. דאָס איז געווען גענעראַל ברוס סאַטערלענד.

— היינט אין אָוונט וועלן מיר אָנצינדן דאָס ערשטע ליכטל און דאַן וועלן מיר יעדע נאַכט אָנצינדן אַ ניי ליכטל, ביז אַכט ליכטלעך. חנוכה איז דער יום־טוב פון ליכט.

ווען דוד בן־עמי האָט אָנגעצונדן דאָס ערשטע ליכטל, האָבן די קינדער זיך צעשריען פאַר גרויס התפעלות.

— מאָרגן וועלן מיר אָנצינדן דאָס צווייטע ליכטל אויפן ים, און די נאַכט, וואָס וועט קומען ווייטער — וועלן מיר שוין אָנצינדן דאָס ליכטל אין ארץ־ישראל.

דוד האָט אָנגעטאָן אַ יאַרמולקע אויפן קאָפּ, האָט גע־עפנט דעם תנ״ך און גענומען לייענען: „אל יתן למוט רגלך, אל ינום שומרך״.

קיטי האָט אַ קוק געטאָן צום טיש, ביי וועלכן עס זע־נען געזעסן די איינגעלאַדענע געסט. זי האָט זיך אַרומגע־קוקט און געזען — זאב גלבוע, דער פויער פון גליל, יואב ירקוני, דער ייד פון מאַראָקאָ, דוד בן־עמי, דער סטודענט פון ירושלים. דאַן האָט זיך איר בליק פאַרהאַלטן אויף ארי בן־כנען. מען האָט געזען אַ מידקייט אויף זיין פּנים. דוד האָט אָפּגעלייגט דעם תנ״ך און געלייענט ווייטער די פסו־קים אויף אויסנווייניק.

„הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל״.

קיטי האָט געפילט ווי אַ ציטער גייט דורך איבער איר לייב. אירע אויגן זענען צוגעשמידט געוואָרן צום פּנים פון ארי בן־כנען.

— „הנה... לא ינום ולא יישן שומר ישראל״...

די אַלטע מאַטאָרן פון דער שיף „יציאת אייראָפּע״ האָבן אַזש גענומען קרעכצן, ווען די שיף האָט זיך אַ ריר געטאָן און גענומען שווימען הינטערוויילעכטס צום פּאָרט פון קירעניא. דאַן האָט זי זיך אויסגעדרייט אין דער ריכ־טונג צו ארץ־ישראל.

אויפן צווייטן טאָג האָבן אַלע דערזען די יבשה.

— ארץ־ישראל!

די קינדער זענען אויפגערעגטע אַרומגעלאָפן הין און צוריק, געשריען, געוויינט און געזונגען.

די קליינע שיף האָט זיך דערנענטערט צום ברעג און די ידיעה וועקן אָנקום פון „יציאת אייראָפּע״ האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן ישוב. די קינדער, וועלכע האָבן באַצוווּנגען די מעכטיקע בריטישע אימפּעריע, קומען אָן קיין ארץ־ישראל!

די שיף האָט דורכגעשניטן די וואַסערן פון חיפהער פּאָרט. אַלע סירענעס האָבן זיך הילכיק צעפּייפט. דער דאָזיקער פריידיקער רוף האָט זיך צעטראָגן פון חיפה צו די שטעט און קיבוצים ביז צו ירושלים — און פון דאָרטן האָט ער ווי אַן עכאָ צוריק אָפּגעהילכט אין חיפה.

פינף און צוואַנציק טויזנט יידן האָבן געשטראָמט צום פּאָרט, כדי צו באַגריסן די קינדער. דער פילהאַרמאָנישער אָרקעסטער האָט אויפגעשפּילט „התקווה״.

טרערן זענען געפלאָסן איבער די באַקן פון קאָרען קלע־מענס, ווען זי האָט אָנגעקוקט קיטי פרעמאַנט.

„יציאת אייראָפּע״ איז געקומען אַהיים.

# דאס דריטע בוך

## אַן אויג פאַר אַן אויג

...ונתתה נפש תחת נפש. עין תחת עין, שן תחת שן, יד תחת יד, רגל תחת רגל. כויה תחת כויה, פצע תחת פצע, חבורה תחת חבורה.

(שמות, כ״א, כ״ג — כ״ה)

... זאָלסט געבן אַ נפש פאַר אַ נפש. אַן אויג פאַר אַן אויג, אַ צאָן פאַר אַ צאָן אַ האַנט פאַר אַ האַנט, אַ פוס פאַר אַ פוס. אַ ברען פאַר ברען, אַ וווּנד פאַר אַ וווּנד, אַ בייל פאַר אַ בייל.

(איבערזעצונג — לויט יהואש)

# קאַפּיטל 1

אַ לאַנגע ריי פון זילבער־בלויע אויטאָבוסן, וואָס האָבן געהערט צום קאָאָפּעראַטיוו „אגד", האָט געוואַרט אויף די קינדער אין חיפהער פּאָרט. דער אָפיציעלער קבלת־פּנים איז געווען זייער אַ קורצער. מען האָט אַריינגעזעצט די קינדער אין די אויטאָבוסן און מען האָט זיי אַרויסגעפירט פון שטח פון פּאָרט, אין באַגלייטונג פון בריטישע פּאַנצער־אויטאָס. דער אָרקעסטער האָט נאָך אַלץ געהאַלטן אין איין שפּילן און דער עולם האָט געיובלט ביז די אויטאָ־קאָלאָנע איז פאַרשוווּנדן פון האָריזאָנט.

קארען האָט ברייט צעעפנט דאָס פענצטער און עפּעס אויסגעשריען צו קיטי פרעמאַנט, אָבער קיטי האָט צוליבן רעש נישט געקאָנט הערן, וואָס קאַרען וויל. די אויטאָבוסן זענען פאַרשוווּנדן און דער עולם איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. אין משך פון אַ פערטל שעה איז שוין אין פּאָרט נישט געווען קיין איין מענטש, חוץ קליינע גרופּן פון טרעגער און עטלעכע בריטישע זעלנער, וואָס האָבן געהאַלטן וואַך.

קיטי איז געשטאַנען נעבן „יציאת אייראָפּע" און אַ געפיל פון איינזאַמקייט האָט זי פלוצים באַהערשט. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף חיפה. אַ שיינע שטאָט האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר

אירע אויגן. זי האָט געזען דעם ספּעציפישן חן פון די שטעט, וואָס ווערן געבויט אויף אַ באַרג, ביי דער ים־בוכטע. נעבן ים־ברעג האָט זיך געפונען דער אַראַבישער קוואַרטאַל, וווּ די הייזער זענען געשטאַנען האַרט איינס נעבן אַנדערן. דאַקעגן האָט די יידישע שטאָט זיך צעשפּרייט אויפן כרמל־באַרג, אין דער פאָרם פון אַ לאַנגן פינגער. קיטי האָט אַ קוק געטאָן לינקס, הינטער דער שטאָט, און זי האָט דערזען פאַר זיך די גרויסע ראַפינעריעס און די סוף־סטאַציעס פון די נאַפט־רערן, וואָס האָבן זיך געצויגן פון מאָסול. נעבן אַ קליינעם דאָק האָט זי געזען אַ טוץ אַלטע שיפן פון „עליה ב׳‟, וועלכע האָבן פונקט ווי „יציאת אייראָפּע‟ מצליח געווען דורכצוברעכן די ענגלישע בלאָקאַדע.

זאב, דוד און יואב האָבן איבערגעריסן אירע געדאַנקען. זיי זענען צוגעגאַנגען צו איר, כדי זיך צו געזעגענען. זיי האָבן איר געדאַנקט פאַר דער הילף און האָבן אויסגעדריקט די האָפענונג, זיך בקרוב ווידערצוזען. זיי זענען אַוועקגעגאַנגען און זי איז ווידער געבליבן אַליין.

— אַ שיינע שטאָט, נישט אמת?

קיטי האָט זיך אויסגעדרייט. הינטער איר איז געשטאַנען ארי בן־כנען.

— מיר ברענגען שטענדיק אונדזערע געסט קיין ארץ־ישראל דורך חיפה — האָט ער ווייטער געזאָגט. — זיי באַקומען גלייך אַ גוטן איינדרוק.

— וווהין זענען אָפּגעפירט געוואָרן די קינדער? — האָט קיטי געפרעגט.

— זיי וועלן פאַנאַנדערגעטיילט ווערן צווישן די יוגנט־צענטערס פון „עלית הנוער‟. אייניקע פון די דאָזיקע צענטערס געפינען זיך אין קיבוצים. אין עטלעכע טעג אַרום וועל

איך אייך קאָנען זאָגן, ווו עס געפינט זיך קאַרען קלעמענט.

— איך וועל אייך זייער דאַנקבאַר זיין פאַר דעם.

— און וואָס האָט איר אַליין בדעה צו טאָן? — האָט ארי געפרעגט.

קיטי האָט האַלב איראָניש און אין פאַרלעגנהייט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

— די זעלבע פראַגע האָב איך זיך געשטעלט אליין, צו־זאַמען מיט נאָך אַ צענדליק פראַגן. איך בין אַ פרעמדע אין דער דאָזיקער שטאָט, ארי בן־כנען. דאָס זעט מיר אויס צו זיין קאָמיש און איך פרעג זיך: ווי אַזוי בין איך אַהער גע־קומען? אָבער נעמט זיך נישט איבער. סוף כל סוף האָב איך דאָך אַ גוטן פאַך אין האַנט. עס איז שטענדיק פאַראַן אַ מאַנגל אין גוטע קראַנקן־שוועסטערס. איך וועל מיך שוין אויסזוכן עפּעס אַן אַרבעט.

— צי ווילט איר מיר דערלויבן איך זאָל אייך העלפן אין דעם? — האָט ארי געפרעגט.

— איך מיין, אַז איר האָט אַזוי אויך גענוג אַרבעט. איך האָב שטענדיק זיך אַן עצה געגעבן אַליין.

— הערט וואָס איך זאָג אייך. איך מיין, אַז אַן אַרבעט אין „עלית הנוער" וואָלט געווען פאַר אייך דאָס פּאַסיקסטע. די פרוי, וואָס שטייט בראש פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע, איז מיינע אַ גוטע באַקאַנטע. איך וועל אייך צונויפפירן אין ירושלים.

— איך וויל נישט, אַז איר זאָלט זיך פילן פאַרפליכטעט צוליב מיר.

— נאַרישקייטן... דאָס איז נישט שווער פאַר מיר... אויב איר וועט קאָנען אויסהאַלטן אין מיין געזעלשאַפט עטלעכע טעג, וועל איך זיך זייער פרייען... שפּעטער וועל איך אייך

אָפּפירן קיין ירושלים. צווערשט מוז איך אָפּפאָרן קיין תל־אביב אין מיינע אייגענע ענינים, אָבער דאָס איז אויך גוט. איך וועל קאָנען באַשטימען פאַר אייך דעם צוזאַמענטרעף אין ירושלים...

— איך וויל נישט, אַז איר זאָלט מיינען, אַז איר דאַרפט עס טאָן פאַר מיר.

— איך טו דאָס דערפאַר, ווייל איך וויל דאָס טאָן — האָט ארי אַנטשלאָסן געענטפערט.

קיטי וואָלט גערן אָפּגעזיפצט פאַר פאַרלייכטערונג, אָבער זי האָט זיך איינגעהאַלטן, כדי נישט אַרויסצווייזן אירע געפילן. דאָס געפינען זיך אַליין אין אַ פרעמד לאַנד האָט זי דענערווירט. צום סוף האָט זי אַ שמייכל געטאָן און געדאַנקט.

— גוט — האָט ארי געזאָגט. — די נאַכט וועלן מיר מוזן בלייבן אין חיפה צוליבן אַרויסגאַנגס־פאַרבאָט. נעמט מיט זיך אַ קליין פּעקל פון די נויטיקסטע זאַכן. אויב איר וועט טראָגן אַ גרויסע וואַליזע וועלן די ענגלענדער מאַכן יעדע פינף מינוט אַ רעוויזיע. איך וועל גיין דערליידיקן, אַז אייערע איבעריקע זאַכן זאָלן אַריבערגעטראָגן ווערן אין צאָל־אַמט.

נאָכדעם ווי זיי זענען דורכגעגאַנגען די צאָל־קאָנטראָל, האָט ארי גענומען אַ טעקסי און איז אָפּגעפאָרן מיט קיטין צום הר הכרמל. זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן אויפן באַרג, נעבן אַ קליינעם האָטעל אין אַ סאָסנע־וועלדל.

— עס איז בעסער צו ווינען אויבן — האָט ארי געזאָגט.

— איך האָב צופיל באַקאַנטע און איך וואָלט נישט געהאַט קיין מינוט רו, ווען מיר וואָלטן זיך פאַרהאַלטן אין צענטער שטאָט... איצט רוט זיך אויס. איך וועל פאָרן אין שטאָט און זיך באַמיען צו געפינען אַן אויטאָ, ביז צום אָוונט־ברויט בין איך ווידער צוריק.

דעמזעלבן אָוונט האָט ארי איינגעלאַדן קיטין צום אָוונט־ברויט אין אַ רעסטאָראַן אויפֿן שפּיץ פֿון כרמל, פֿון וואַנען מען האָט געזען די גאַנצע אַרומיקע פּאַנאָראַמע. דער אויסבליק צופֿוסנס פֿון באַרג איז געווען אַ פּאַרכאַפּנדיקער. דער גאַנצער באַרג האָט געאָטעמט מיט לעבן. צווישן די ביימער זענען געלעגן פֿאַרבאָרגן ווילעס און פּרעכטיקע הייזער. דאָס רוב פֿון זיי איז געווען געבויט פֿון טונקעלע שטיינער אין אַ מאָדערנעם סטיל. די ריזיקע נאַפֿט־ראַפֿינעריעס האָבן פֿון דאַנעט אויסגעזען ווי קליינע שוואַרצע פֿלעקן און ווען עס איז טונקל געוואָרן, האָט זיך אָנגעצונדן אַ גאָלדענע קייט פֿון לאָמפּן, לענג־אויס די גאַסן, ביז צום אַראַבישן קוואַרטאַל נעבן פּאָרט.

קיטי האָט זיך זייער שטאַרק געפֿרייט און איז געווען באַצויבערט פֿון דעם, וואָס ארי בן־כנען איז פּלוצים געוואָרן אַזוי אויפֿמערקזאַם לגבי איר. זי איז געווען דערשטוינט צו זען, ווי דער יידישער קוואַרטאַל פֿון חיפֿה איז אַזוי מאָדערן געבויט. די דאָזיקע שטאָט איז געווען פֿיל מאָדערנער ווי אַטען אָדער סאַלאָניקי. און זי האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו פֿילן נישט אַזוי פֿרעמד, ווען די קעלנערס און אייניקע מענטשן, וואָס האָבן געקענט אַרין, זענען צוגעקומען צו זייער טישל און אָנגעהויבן ריידן ענגליש.

ווען זיי האָבן נאָכן עסן אויסגעטרונקען צו גלעזלעך בראַנדי, און קיטי האָט נאָך אַלץ נישט געקאָנט אָפּרייסן איר בליק פֿון שיינעם פּייזאַזש, האָט ארי זיך אָפּגערופֿן:

— ציי ווונדערט איר זיך נאָך אַלץ, וואָס איר געפֿינט זיך דאָ?

— דאָס איז זייער אַ מערקווירדיקע זאַך. דאָס אַלץ זעט מיר אויס ווי אַ חלום.

— איר וועט זיך איבערצייגן, אַז מיר זענען ציוויליזיר־טע מענטשן. איך קאָן אָפּטמאָל אויך זיין זייער קאָרעקט. צי ווייסט איר? איך האָב אייך נאָך נישט געדאַנקט ווי געהעריק פאַר אייער הילף.

— איר דאַרפט מיר נישט דאַנקען — האָט זי געענט־פערט. — איר דאַנקט מיר אויף אַ זייער גוטן אופן דערמיט, וואָס איר האָט מיך אַהער געבראַכט. איך קען נאָר איין אָרט אויף דער וועלט, וואָס איז אַזוי שיין ווי דאָס אָרט דאָ, אויפן כרמל.

— דאָס איז מסתמא סאַן־פראַנציסקא, נישט אמת?

— צי זענט איר געווען אין סאַן־פראַנציסקא, ארי?

— ניין, אָבער אַלע אַמעריקאַנער זאָגן, אַז חיפה דער־מאָנט זיי אין סאַן־פראַנציסקא.

אינצווישנצייט איז געוואָרן גוט פינצטער און דער גאַנ־צער באַרג האָט זיך געטונקט אין ליכט. אַ קלייגער אָרקעס־טער האָט געשפּילט לייכטע קאַמער־מוזיק. ארי האָט אויס־געשטרעקט צו קיטין אַ גלעזל קאָניאַק און זיי האָבן געטרונ־קען „לחיים״.

פלוצים האָט דער אָרקעסטער איבערגעריסן דאָס שפּילן און די געסט האָבן אויפגעהערט צו שמועסן.

מיט אַן איבעראַשנדער שנעלקייט האָט זיך נעבן רעסטאָ־ראַן פאַרהאַלטן אַ לאַסט־אויטאָ מיט ענגלישע זעלנער און דאָס אָרט איז אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַלע זייטן. זעקס זעלנער, בראש מיט אַן אָפיציר, זענען אַריין אינעווייניק און זיך אַרומגעקוקט. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן באַוועגן צווישן די טישלעך, האָבן זיך פאַרהאַלטן נעבן אייניקע געסט און גע־פאָדערט פון זיי דאָקומענטן.

— דאָס איז אַ געוויינלעכע אָבלאַווע — האָט ארי אַרויס־

געפּליסטערט צו קיטין. — מען געוווינט זיך שנעל צו צו דעם.

דער קאַפּיטאַן, וואָס איז געשטאַנען בראש פון דער גרופּע זעלנער, האָט אַ בליק געטאָן צו אריס טיש און אָנגעהויבן זיך צו דערנענטערן צו אים.

— איך וואָלט געקאָנט שווערן, אַז דו ביסט עס ארי בן־כנען — האָט דער אָפיציר מיט איראָניע זיך אָפּגערופן. — מיר האָבן שוין לאַנג נישט געזען דיין פאָטאָגראַפיע אויף די שטעק־בריוו. ווי איך האָב געהערט, האָסטו אָנגעטאָן צרות אין אַנדערע ערטער.

— גוטנאָוונט, סערזשאַנט — האָט ארי זיך אָפּגערופן.— איך וואָלט אייך גערן פאָרגעשטעלט פאַר דער פרוי, ווען איך וואָלט זיך דערמאָנט ווי איר הייסט.

דער קאַפּיטאַן האָט זיך צעלאַכט.

— איך האָב אָבער דיין נאָמען נישט פאַרגעסן. מיר גיבן זייער גוט אַכטונג אויף דיר, בן־כנען. די אַלטע קאַמער אין דער תפיסה פון עכו וואַרט אויף דיר. ווער ווייסט, אפשר וועט דער הויך־קאָמיסאַר זיין דאָסמאָל העפלעך און אָנשטאָט תפיסה וועט ער דיר געבן אַ שטריק.

דער קאַפּיטאַן האָט זיך מיט אַ שמייכל געזעגנט און אַוועק ווייטער.

— אַ שיינעם קבלת־פּנים האָט איר באַקומען — האָט קיטי געזאָגט. — ער איז זיכער אַן אָפּשטויסנדיקער טיפּ.

ארי האָט זיך צוגעבויגן נאָענט צו קיטין און איר אַריינ־געפּליסטערט אין אויער:

— דאָס איז קאַפּיטאַן אַלאַן ברידזשעס. ער איז איינער פון די בעסטע פריינט פון דער „הגנה”. ער אינפאָרמירט אונדז וועגן יעדן וויכטיקן שריט פון די אַראַבער אָדער די

ענגלענדער אין ראַיאָן פון חיפה. זיין קבלת־פּנים איז געווען בלויז אַ טעאַטער.

קיטי האָט אַ דערשטוינטע געשאָקלט מיטן קאָפּ. דער פּאַטרול האָט פאַרלאָזן דעם רעסטאָראַן, מיטנעמענדיק מיט זיך צוויי יידן ביי וועלכע די דאָקומענטן זענען משמעות נישט געווען אין אָרדענונג. דער אָרקעסטער האָט אויפגע־שפּילט דעם ענגלישן הימן „גאָט, סייוו דהי קינג", כדי צו ערגערן די ענגלישע סאָלדאַטן.

דער לאַסט־אויטאָ איז אָפּגעפאָרן פון אָרט און אין עט־לעכע רגעס שפּעטער האָט געשיינט, ווי עס וואָלט גאָרנישט געהאַט פּאַסירט. קיטי איז נאָך אָבער אַלץ נישט געקומען צו זיך פון דער פּלוצימדיקייט, מיט וועלכער דאָס האָט זיך אַלץ אָפּגעשפּילט און זי איז געווען דערשטוינט פון דער רואיקייט, מיט וועלכער די מענטשן אַרום האָבן אויפגענומען דעם אינ־צידענט.

— אין אַ קורצער צייט געוווינט מען זיך צו צום לעבן אין אַ געשפּאַנטער אַטמאָספער — האָט ארי דערקלערט, זע־ענדיק ווי פאַרבליפט קיטי זיצט. — איר וועט זיך אויך צו־געוווינען צו דעם. מיר געפינען זיך אין אַ לאַנד, וואָס איז פול מיט אויפגערעגטע און פאַרביטערטע מענטשן. ווען איר וועט דאָ וווינען אַ לענגערע צייט וועט אייך אויסקומען מאָדנע, אויב אין משך פון אַ וואָך צייט וועט הערשן רו. נעמט זיך נישט איבער, וואָס איר זענט געקומען קיין ארץ־ישראל דווקא אין אַ מאָמענט ווען...

ארי האָט נישט פאַרענדיקט זיין זאַץ. דער גאַנצער אַרום איז אויפגעטרייסלט געוואָרן דורך אַ געוואַלדיקן אויפרייס. די שויבן האָבן געגומען ציטערן און פון עטלעכע טישן זענען אפילו אַראָפּגעפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע טעלער און גלעזער.

אין דער זעלבער רגע האָבן זיי דערזען אַ ריזיקן, געל־רויטן פייער־פלאַם, וואָס איז אויפגעשטיגן צום הימל. אין אַ ווײַלע אַרום האָבן זיך ווידער דערהערט אויפרייסן פון וועלכע די גאַנצע געביידע האָט גענומען ציטערן ביזן פונדאַמענט.

— די נאַפט־ראַפינעריעס! — האָבן זיך דערהערט געשרייען — די נאַפט־ראַפינעריעס!... דאָס זענען די „מכבים"!...

ארי האָט אַ כאַפּ־געטאָן קיטין פאַר דער האַנט.

— לאָמיר אַנטלויפן פון דאַנען — האָט ער אויסגערופן.

— אין צען מינוט אַרום וועט די גאַנצע געגנט ווימלען פון בריטישע סאָלדאַטן.

אין געציילטע סעקונדעס איז דער לאָקאַל געוואָרן אויסגעליידיקט פון מענטשן. ארי האָט אַרויסגעפירט קיטין אין דרויסן. אונטן, ביי די נאַפט־ראַפינעריעס האָט געברענט דער נאַפט. די גאַנצע שטאָט איז געווען פול מיטן געהויל פון די סירענעס, וואָס האָט זיך געטראָגן פון די פייערלעשער־אויטאָס און די בריטישע פאַטרול־וואָגנס.

קיטי איז מער ווי אַ האַלבע נאַכט אָפּגעלעגן אין איר בעט און נישט געקאָנט איינשלאָפן. זי האָט זיך באַמיט צו באַגרייפן די שטורמישע פּאַסירונגען, פון וועלכע זי איז פלוצים געווען אַן עדות. זי איז געווען צופרידן, וואָס ארי איז געווען נאָענט נעבן איר. צי וועט זי איינשטעלן איר לעבן, כדי צו וווינען אין אַ לאַנד, אין וועלכן עס הערשט אַזאַ געפערלעכער מצב? זי איז געווען צו צעטומלט, כדי צו קאָנען טראַכטן וועגן דעם, אָבער אין יענער רגע האָט איר געשיינט, אַז איר באַשלוס צו פאָרן קיין ארץ־ישראל איז געווען אַ שווערער פעלער.

צומאַרגנס האָט די נאַמט־ראַפּינעריע נאָך אַלץ געבערענט. איבערן גאַנצן שטח פון חיפה איז געלעגן אַ געדיכטער, שווערער רויך. די השערה, אַז דער איבערפאַל איז דורכגע־פירט געוואָרן דורך די „מכבים", האָט זיך באַשטעטיקט. בראש פון דער גרופּע, וואָס האָט דורכגעפירט די אַקציע איז געשטאַנען בן־משה, אַ מאַן, וואָס איז פריער געווען אַ פּראָ־פעסאָר אין העברעאישן אוניווערסיטעט אין ירושלים, וועל־כער האָט זיך אָנגעשלאָסן צו די „מכבים" און איז מיט דער צייט געוואָרן עקיבאס פאַרטרעטער. גלייכצייטיק איז באַ־קאַנט געוואָרן, אַז אַן אָפּטיילונג פון די „מכבים" האָט דורכ־געפירט אין דער זעלבער צייט אַן איבערפאַל אויפן פלי־פלאַץ אין לוד, ווו זיי האָבן פאַרניכטעט ענגלישע קאַמפּס־עראָפּלאַנען. זיי האָבן פאַרשאַפט אַ היזק פון זעקס מיליאָן דאָלאַר. מיט דער דאָזיקער דאָפּלטער אַקציע האָבן די „מכבים" מקבל־פּנים געווען אויף זייער אייגענעם אופן די שיף „יציאת אייראָפּע".

אריין איז געלונגען צו באַקומען אַ קליינעם איטאַליענישן אויטאָ פון דער פירמע „פיאַט", פון טיפּ 1939. די רייזע קיין תל־אביב וואָלט אין נאָרמאַלע באַדינגונגען געדויערט נישט מער ווי עטלעכע שעה. ער האָט אָבער צוגעאײַלט דעם אָפּ־פאָר, מורא־האָבנדיק מען זאָל אים נישט פאַרהאַלטן אין וועג. זיי זענען אָנגעקומען קיין תל־אביב נאָך מיטיק.

תל־אביב האָט זיך אַריינגעשניטן אין ברעג פון מיטל־לענדישן ים און די ווייסקייט פון אירע הייזער האָט אין די שטראַלן פון דער נאָכמיטיקדיקער זון, פאַרבלענדט די אויגן. ארי איז געפאָרן אין זיין אויטאָ דורך אירע גאַסן, וואָס האָבן געברויזט מיט לעבן. די באַוועגונג איז דאָרטן געווען זייער

אַ שטאַרקע און קיטי האָט זיך פאַרליבט אין דער דאָזיקער שטאָט פון ערשטן אויגנבליק. ארי האָט באַשטעלט פאַר איר אַ צימער אין האָטעל „גת רימון" אויף הירקון־גאַס, ביים ברעג פון ים.

נאָך מיטיק זענען די געוועלבער געעפנט געוואָרן. ארי און קיטי האָבן שפּאַצירט לענגאויס דער אַלענבי־גאַס. קיטי איז געווען געצווונגען אויסצוטוישן איר געלט, כדי זיך אייב־צוקויפן פאַרשיידענע זאַכן. דער פּלאַץ נעבן קינאָ „מוגראַ־בי" און אַלע געסלעך אַרום זענען פול געווען מיט קליינע געוועלבער. קיטי האָט געוואָלט אַריינקוקן אין יעדן געוועלב. באַזונדערס האָט זי זיך אָפּגעשטעלט נעבן די שוי־פענצטער פון די בוכהאַנדלונגען, כדי אָנצוקוקן די אויסטערלישע העברעאישע אותיות. זיי זענען געגאַנגען ווייטער און ווייטער, ביז שדרות רוטשילד, איבערלאָזנדיק הינטער זיך דעם האַנדלס־צענטער. רעכטס פון שדרות רוטשילד האָט זיך גע־פונען די אַלט־שטאָט פון תל־אביב. וואָס מער זיי האָבן זיך דערנענטערט צו יפו, אַלץ מער האָבן די הייזער און די גע־וועלבער אָנגעהויבן אויסצוזען אָרעמער. ווען קיטי האָט גע־שפּרייזט לענגאויס די גאַסן, וואָס פאַרבינדן יפו מיט תל־אביב, האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי ציט זיך צוריק אין דער צייט. די סביבה איז געוואָרן שמוציקער און די געוועלבלעך זענען געוואָרן קלענער מיט יעדן טראָט. זיי האָבן זיך צו־ריקגעקערט קיין תל־אביב דורכן שוק הכרמל, וואָס איז גע־ווען געמיינזאַם פאַר די יידן און די אַראַבער. אויף דער דאָ־זיקער שמאָלער גאַס האָבן זיך געדרענגט מאַסן מענטשן, וועלכע האָבן זיך געדונגען ביי די וועגעלעך פון די גאַסן־הענדלער. זיי זענען צוריק אַרויס אויף אַלענבי, זענען אַראָפּ צום פּלאַץ מוגראַבי און זענען אַריין אין בן־יהודה. אויף דער

דאָזיקער גאַס זענען געווען אַ סך קאַפּע־הייזער און די טיש־לעך זענען געשטאַנען פּשוט אויף די טראָטואַרן. יעדע קאַפּע־הויז האָט געהאַט איר קאָלאָריט און אירע ספּעציעלע באַזוכער. אין איינעם האָבן זיך געזאַמלט אַדוואָקאַטן און אין צווייטן — סוחרים. אין דריטן לינקע טוער און אין פערטן — קינסטלער. אין פינפטן סימפּאַטיקער פון די „מכבים" און אין זעקסטן — סתם זקנים, וואָס זענען גאַנצע טעג געזעסן און געשפּילט אין שאַך. און אַלע קאַפּע־הייזער אויף בן־יהודה זענען געווען פול־געפּאַקט מיט מענטשן, וועלכע האָבן זיך אונטערהאַלטן אויף די פאַרשיידנסטע טעמעס. די צייטונגס־פאַרקויפער, וואָס האָבן פאַרקויפט פיר־זייטיקע צייטונגען פון אַ קליינעם פאָרמאַט, האָבן אויסגעשריען אויף קולי־קולות די נייעס וועגן אַנגריף פון די „מכבים" אין לוד, אין חיפה, און וועגן אַנקום פון „יציאת אייראָפּע". אויף די טראָטואַרן האָט זיך באַוועגט אַן אומאויפהערלעכער שטראָם פון מענטשן, צווישן וועלכע מען האָט געזען עולים פון די מזרח־לענדער אין זייער אָריענטאַלער טראַכט, ווי אויך פרויען אָנגעטאָן לויט דער לעצטער מאָדע. דאָס רוב פאַרביי־גייער זענען געווען אָרטיקע איינוווינער, וועלכע האָבן געטראָגן קורצע כאַקי־הויזן און ווייסע, אָפענע העמדער. אויף די העלדזער האָבן זיי געטראָגן דינע קייטעלעך מיט אַ מגן־דוד אָדער מיט אַ מזוזה. אַ סך פון זיי האָבן געהאַט שוואַרצע וואָנסן. דאָס איז געווען א צייכן פון די סאַברעס. זיי זענען געבוירן געוואָרן אין ארץ־ישראל, זענען געווען הויך און האָבן געטראָגן בלויע קיבוץ־בלוזעס. די פרויען זענען געווען עטוואָס מגושמדיק, מיט אַנטוויקלטע ברוסטן, אָנגעטאָן אין פּשוטע קליידער, אָדער אין לאַנגע, ברייטע הויזן. אין זייער גאַנג האָט זיך אַרויסגעפּילט אַ געוויסער שטאָלץ.

דאַן איז אויף בן־יהודה פּלוצים גוואָרן שטיל. דאָס איז געוועזן די זעלבע שטילקייט, וואָס קיטי האָט געדענקט פון דער פאַריקער נאַכט אין חיפהער רעסטאָראַן. אַ געפּאַנצער־טער בריטישער אויטאָ איז לאַנגזאַם געפאָרן אין מיטן דער גאַס. אויפן אויטאָ זענען געשטאַנען ענגלישע סאָלדאַטן הינ־טער מאַשינען־געווער.

**אכטונג יידן! דער מיליטערישער קאָמענ־דאַנט האָט פאַראָרדנט אַן אַרויסגאַנגס־פאַרבאָט. אַלע יידן ווערן אויפגעפאָדערט אַריינצוגיין אין זייערע הייזער מיטן אָנקום פון דער נאַכט. אַכ־טונג יידן!...**

די דאָזיקע מיטיילונג איז אויפגענומען געוואָרן דורך די פאַרבייגייער מיט אַ געלעכטער.

— גיב אַכטונג, טאָמי, — האָט איינער פון די פאַרביי־גייער אויסגעשריען. — אויפן ראָג גאַס וואַרט אויף דיר אַ מינע.

ווען דער געפּאַנצערטער אויטאָ איז פאַרשווונדן געוואָרן איז אויף דער גאַס ווידער לעבעדיק געוואָרן.

— לאָמיר זיך צוריקקערן צום האָטעל—האָט קיטי געזאָגט.

— איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז אין אַ חודש אַרום וועט איר נישט קאָנען אויסהאַלטן אַן אַזעלכע אויפרעגנדיקע איבערלעבונגען.

— איך וועל זיך קיינמאָל נישט צוגעוווינען דערצו, ארי.

זיי האָבן זיך צוריקגעקערט אין האָטעל מיט די פּעקלעך, וואָס קיטי האָט איינגעקויפט. אין קליינעם האָטעל־באַר האָבן

זיי אויסגעטרונקען אַ קאָקטייל און דערנאָך האָבן זיי אויף דער טעראַסע געגעסן אָונטברויט.

— איך דאַנק אייך פאַר דעם וווּנדערשיינעם טאָג, — האָט קיטי געזאָגט. — טראָץ די בריטישע פּאַטרולן...

— אַנטשולדיקט מיך — האָט ארי געזאָגט נאָכן עסן.

— איך מוז אייך פאַרלאָזן אויף אַ קורצער צייט.

— און וואָס איז מיט דעם אַרויסגאַנגס־פאַרבאָט?

— דאָס איז נוגע נאָר יידן — האָט ארי זיך אָפּגערופן.

ארי האָט פאַרלאָזן קיטין און איז אָפּגעפאָרן קיין רמת־גן. אין קעגנזאַץ צו די בשותּפותדיקע וווין־הייזער פון תּל־אביב, זענען אין רמת־גן פאַראַן אַ סך פּריוואַטע ווילעס, וואָס זענען אַרומגערינגלט מיט גרינע לאָנקעס, ביימער און גערטנער. ארי האָט געפאַרקט זיין אויטאָ און אין משך פון איבער אַ האַלבער שעה האָט ער זיך אַרומגעדרייט צופוס איבער די גאַסן, כדי זיך איבערצוצייגן, אַז מען גייט אים נישט נאָך.

ער איז ענדלעך אָנגעקומען צו רחוב מונטיפיורי נומער 22, וווּ עס האָט זיך געפונען אַ גרויסע ווילע. וועלכע האָט געהערט צום דאָקטאָר י. תּמיר. אויף אריס קלאַפּ האָט דאָקטאָר תּמיר געעפנט די טיר, זיך באַגריסט מיטן אַריינגעקומענעם און אים אַראָפּגעפירט אין אַ קעלער.

אין דאָקטאָר תּמירס הויז האָט זיך געפונען דער הויפּטשטאַב פון „הגנה".

אין קעלער האָבן זיך געפונען קאַסטנס מיט געווער און אויסשטאַטונג, אַ דרוק־מאַשין אויף וועלכער עס זענען געדרוקט געוואָרן אויפרופן צו די אַראַבער אין דער אַראַבישער שפּראַך זיי זאָלן זיך פאַרהאַלטן רואיק און אָפּהיטן דעם

שלום. אין אַן אַנדער ווינקל פון קעלער האָט אַ מיידל גע־רעדט אַראַביש און אירע רייד זענען אויפגענומען געוואָרן אויף אַ טייפּ־רעקאָרדער. זי האָט איבערגעחזרט די זעלבע אויפפאָדערונג צו די אַראַבער, וואָס איז געווען געדרוקט אין די אויפרופן. דער דאָזיקער אויפרוף איז דערנאָך טראַנסמי־טירט געוואָרן דורכן ראַדיאָ „קול ישראל", וואָס האָט צו יע־נער צייט געפירט זיין טעטיקייט געהיים און די ראַדיאָ־סטאַ־ציע פלעגט אַרומגעפירט ווערן פון אָרט צו אָרט. אין דאָזיקן קעלער זענען אויך פּראָדוצירט געוואָרן האַנט־גראַנאַטן און טיילן צו אַן אויטאָמאַט.

ווען דאָקטאָר תמיר און ארי זענען אַריינגעקומען אין קעלער, האָבן אַלע אַנוועזנדע גלייך אויפגעהערט צו אַר־בעטן. ארי איז אַרומגערינגלט געוואָרן דורך זיינע חברים, וועלכע האָבן אים באַגריסט אין שייכות מיט דער פּרשה „יציאת איירָאָפּע". ער איז פון אַלע זייטן פאַרשאָטן געוואָרן מיט פראַגן.

— שפּעטער... שפּעטער... האָט דאָקטאָר תמיר גע־זאָגט — איצט האָט ער נישט קיין צייט.

— איך מוז זיך זען מיט אבידן — האָט ארי זיך אָפּגע־רופן צו די אַנוועזנדע.

ער איז פאַרבייגעגאַנגען דעם הויפן קאָסטנס, איז צוגע־גאנגען צו אַ זייטיקער טיר און אַנגעקלאַפּט.

— אַריין! — האָט זיך דערהערט אַ שטימע פון אינעווייי־ניק.

ארי האָט געעפנט די טיר און איז געבליבן שטיין פּנים אל פּנים מיטן מאַן, וועלכער האָט אַנגעפירט מיט דער אונ־טערערדישער אַרמיי. אבידן האָט אויפגעהויבן זיין בליק פון די פּאַפּירן, וואָס זענען געלעגן אויף אַ גרויסן פירקאַנטיקן

טיש און אויף זיין פנים האָט זיך באַוויזן אַ ברייטער שמייכל.

— ארי שלום!

ער איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט און אַרומגעכאַפּט אַרין מיט זיינע פעסטע אָרעמס, אים אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול, האָט פאַרשלאָסן די טיר און צוריקקומענדיק ווידער צו ארין האָט ער אים אַ קלאַפּ געטאָן איבער דער פּלייצע מיטן כּוח פון אַ טרעגער.

— איך פריי זיך זייער, וואָס איך זע דיך, ארי — האָט אבידן געזאָגט — דו האָסט זיי גוט געגעבן, די ענגלענדער. ווו זענען די בחורים?

— איך האָב זיי געשיקט אַהיים.

— אויסגעצייכנט. זיי האָבן פאַרדינט אַ פּאָר טעג אור־לויב. נעם אויך עטלעכע טעג אָפּרו.

דאָס איז געווען זייער אַ הויכע אויסצייכענונג. אבידן אַליין האָט אין משך פון פינף און צוואַנציק יאָר נישט גענו־מען פאַר זיך אפילו קיין איין טאָג אָפּרו.

— ווער איז דאָס מיידל, מיט וועלכן דו ביסט געקומען?

— האָט אבידן געפרעגט.

— אַן אַראַבישע שפּיאָנין. זי נישט אַזוי נייגעריק.

— צי איז זי אונדזערס אַ פריינדין?

— ניין. זי איז נישט קיין פריינדין. אפילו נישט קיין סימפּאַטיקערין.

— באמת אַ שאָד. אַן אַמעריקאַנער קריסטין וואָלט אונדז געקאָנט ברענגען אַ סך נוצן.

— ניין. זי איז פּשוט אַ סימפּאַטישע פרוי, וואָס קוקט אויף יידן, ווי זי וואָלט געקוקט אויף אַ שטייג אין זאָאָלאָ־גישן גאָרטן. מאָרגן פרי וועל איך זי אָפּפירן קיין ירושלים צו

האַריעט זאַלצמאַן, כדי צו געפינען פאַר איר אַן אַרבעט אין „עלית הנוער".

— צי ביסטו פאַראינטערעסירט אין איר פערזענלעך?

— חס וחלילה, ניין. און איצט לאָז צורו מיט דיין יידי־שער נייגעריקייט.

די לופט אין צימער איז געווען שטיקנדיק. אבידן האָט אַרויסגעשלעפט פון קעשענע אַ גרויס נאָז־טיכל און זיך אָפּ־געווישט דעם שווייס פון זיין גלאַטן קאָפּ.

— די „מכבים" האָבן אונדז נעכטן איינגעאָרדנט אַ פייערלעכן קבלת־פנים... מען זאָגט, אַז די ראַפינעריעס וועלן ברענען אַ וואָך צייט. די פּראָדוקציע איז אַרונטערגעריסן געוואָרן....

אבידן האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— זיי האָבן וואָס אַן אמת געטאָן נעכטן אַ גוט שטיקל אַרבעט — האָט ער געזאָגט — אָבער וואָס איז געווען אייער־נעכטן. און וואָס וועט זיין מאָרגן? אויף יעדער געלונגענער אַקציע פאַרשפּילן זיי דריי אַנדערע. יעדעס מאָל ווען זיי ווענדן אָן טעראָר און מאָרדן אָן אויסוואַל, ליידט פון דעם דער גאַנצער ישוב. אויך מיר מוזן טראָגן די פאַראַנטוואָרט־לעכקייט פאַר די אַקציעס פון די „מכבים". מאָרגן וועלן צום „וועד הלאומי" קומען גענעראַל הייוועןֹ־הערסט און דער הויך־קאָמיסאַר און זיי וועלן קלאַפּן אויף בן־גוריונס טיש פאָדערנדיק, אַז די „הגנה" זאָל זיי כאַפּן. איך שווער אַז אָפּטמאָל ווייס איך אַליין נישט וואָס צו טאָן. ביז איצט האָבן די ענגלענדער זיך נישט פאַרנומען ערנסט מיט דער „הגנה". איך האָב מורא, אַז אויב די „מכבים" וועלן פאָרזעצן זייערע

טערראָר־אַקטן... זיי האָבן אפילו אָנגעהויבן צו באַרויבן בענק, כדי צו פינאַנסירן זייערע אַקציעס.

— איך מיין, אַז זיי באַרויבן בריטישע בענק — האָט ארי געזאָגט, פאַרזיכערנדיק אַ פּאַפּיראָס. ער איז אויפגעשטאַנען פון שטול און אָנגעהויבן אַרומצוגיין איבערן צימערל. — אפשר איז געקומען די צייט, אַז אויך מיר זאָלן דורכפירן אייניקע געלונגענע אַקציעס?

— ניין... — האָט אבידן געזאָגט. — מיר קאָנען נישט אויסשטעלן די „הגנה" אויף אַ געפאַר. אויף אונדז ליגט די אויפגאַבע צו פאַרטיידיקן דעם גאַנצן ישוב. אומלעגאַלע עליה — דאָס איז אין איצטיקן מאָמענט דער בעסטער סיסטעם פון קאַמף קעגן די ענגלענדער. איין אַקציע אין סטיל פון „יציאת אייראָפּע" איז פאַר אונדז הונדערטער מאָל וויכטיקער, ווי אויפרייסן צען ראַפינעריעס אין חיפה.

— עס וועט אָבער קומען דער טאָג, ווען מיר וועלן זיין געצוווּנגען קעגן אונדזער ווילן אַרויסצוטרעטן אין אַן אַקציע. אבידן, צי האָבן מיר אַ מיליטער, אָדער מיר האָבן נישט?

אבידן האָט גענומען עטלעכע בלעטלעך פּאַפּיר פון טיש און זיי געגעבן אריין. ארי האָט געלייענט: טאָג־באַפעל פאַר דער זעקסטער לופט־דיוויזיע...

ארי האָט אויפגעהויבן די אויגן.

— די ענגלענדער האָבן אין ארץ־ישראל דריי בריגאַדעס פון פאַראַשוטיסטן? — האָט ער געפרעגט.

— לייען ווייטער — האָט אבידן געזאָגט.

די קעניגלעכע פאַנצער־בריגאַדע מיט די קעניג־לעכע הוסאַרן, די 53־טע וואָרטשעסטער אײנהײט, די 249־טע פאַראַשוטיסטן אײנהײט, „דראַגאָנער״־אײנהײט, קעניג־לעכע רײטער, מיליטער פון דער קעניגין, איסט סאַרי, מידלסעקס, גאָרדאָן־זעלנער פון שאָטלאַנד, שיסער פון אָלסטער, דער באַטאַליאָן פון הערטפאָרדשײר...

**די רשימה פון די בריטישע אײנהײטן האָט זיך גע־צויגן אָן אַ סוף. אַרי האָט אַ וואָרף געטאָן דאָס פּאַפּיר אויפן טיש.**

**— קעגן וועמען קעמפן זײ? קעגן רוסישן מיליטער?**

**— צי זעסטו, אַרי? יעדן טאָג לײען איך איבער די דאָזיקע רשימה פאַר די היץ־קעפּ פון פלמ״ח. פאַרוואָס גרײפן מיר נישט אָן? פאַרוואָס גײען מיר נישט אַרויס אין מלחמה קעגן די ענגלענדער? צי מײנסטו, אַז מיר איז דאָס אָנגענעם צו הערן? אַרי... זײ האָבן דאָ קאָנצענטרירט צוואַנציק פּראָצענט פון גאַנצן בריטישן מיליטער. הונדערט טויזנט זעלנער, נישט נעמענדיק אין באַטראַכט דעם „אַראַבישן לעגיאָן״ פון עבר הירדן. קלאָר, אַז די „מכבים״ לויפן אַרום הין און צוריק, שיסן, מאַכן אַ טומל, שטעלן זיך אַלײן אַוועק אין צענטער פון דער אויפמערקזאַמקײט און האָבן טענות צו אונדז, אַז מיר באַהאַלטן זיך.**

**אבידן האָט אַ זעץ געטאָן מיטן פויסט איבערן טיש.**

**— גלויב מיר, אַז איך באַמי זיך צו אָרגאַניזירן אַן אַרמײ. מיר האָבן אפילו נישט קײן צען טויזנט ביקסן, כדי מלחמה צו האַלטן. און ווען די „הגנה״ וועט ליקווידירט ווערן, וועלן מיר אַלע ליקווידירט ווערן.**

**איצט האָט אבידן אָנגעהויבן צו שפּאַנען איבער צימערל.**

**— צי פאַרשטײסטו, אַרי... די „מכבים״ האָבן די מעג־**

לעבקייט זיך פריי צו באַוועגן און זיך אויסצובאַהאַלטן מיט זייערע פאָר טויזנט מוטיקע בחורים. מיר אָבער מוזן שטיין אויף אַן אָרט מיטן געווער ביי די פיס. מיר טאָרן זיך נישט אַריינלאָזן אין אַ דעצידירנדיקער שלאַכט. מיר טאָרן אויך נישט אויפרייצן דעם גענעראַל הייוועץ־הערסט. אויף יעדע פינף יידן געפינט זיך דאָ איין בריטישער זעלנער.

אַרי האָט ווידער גענומען פון טיש די רשימה מיט די בריטישע מיליטער־איינהייטן און אָנגעהויבן צו לייענען.

— די ענגלענדער האָבן אויסגעברייטערט זייערע אַק־ציעס. די אַראַבער פאַרשטאַרקן זיך מיט יעדן טאָג און די ענגלענדער מאַכן זיך נישט זעענדיק — האָט אַבידן זיך אָפּגערופן.

— און ווו וועל איך איצט גיין? — האָט אַרי געפרעגט.

— איך האָב נאָך נישט בדעה אַרויפצולייגן אויף דיר אַ נייע אויפגאַבע. קער זיך אום אַהיים, נעם אַ פּאָר טעג אורלויב און דערנאָך וועסטו זיך צושטעלן דער אָנפירונג פון פלמ״ח אין קיבוץ עין־אור. איך וויל, אַז דו זאָלסט דורכפירן אַן אינספּעקציע פון אַלע ישובים אין גליל. איך וויל וויסן, ווו מיר וועלן קאָנען איינהאַלטן אונדזערע פּאָ־זיציעס... און וואָס מיר וועלן פאַרלירן.

— איך האָב נאָך ביז איצט נישט געהערט, אַז דו זאָלסט אַזוי ריידן, אַבידן.

— דער מצב איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזוי שלעכט, ווי איצט. די אַראַבער האָבן אפילו נישט געוואָלט זיצן מיט אונדז ביי איין טיש אין לאָנדאָן.

אַרי איז צוגעגאַנגען צו דער טיר.

— גיב איבער אַ גרוס פון מיר פאַר ברק און שרה — האָט אַבידן זיך אָפּגערופן. — און גיב איבער דיין שוועסטער,

זי זאָל זיך גוט אויפפירן מיט דוד בן־עמי. איך וועל איבּ
שיקן צוזאַמען מיט די איבעריקע בחורים קיין עין־אור.
— איך וועל מאָרגן זיין אין ירושלים — האָט אַרי
געזאָגט. — צי קאָן איך דאָרט עפּעס דערליידיקן פאַר דיר?
— יאָ, געפין מיר דאָרטן אַ צען טויזנט קאַמפּס־זעלנער
און געווער...
— שלום, אבידן.
— שלום, ארי. איך פריי זיך זייער, וואָס דו האָסט
זיך צוריקגעקערט.

אַרי איז צוריקגעפאָרן קיין תל־אביב אין אַ געדריק־
טער שטימונג. נאָרמאַל האָט ער געאַרבעט אָן שום געפיל,
ווי אַ מאַשין. ער איז געווען טיכטיק און מוטיק. אָפטמאָל
האָט ער געהאַט דערפאָלג און אָפטמאָל פלעגט ער ליידן אַ
דורכפאַל. אָבער עס פלעגט זיך אויך טרעפן, אַז ער האָט
געזען די ווירקלעכקייט אין איר אמתן ליכט און דאַן פלעגט
אים דאָס האַרץ וויי טאָן.

„יציאת אייראָפּע", די נאַפט־ראַפינעריעס אין חיפה. אַן
אָנגריף דאָ און אַן אָנגריף דאָרטן. מענטשן זענען געפאַלן
אין קאַמף, בעת זיי האָבן געוואָלט אַריינשמוגלען פּופּציק
ביקסן אין לאַנד. אַנדערע זענען אויפגעהאַנגען געוואָרן
דערפאַר, וואָס זיי האָבן געוואָלט אַריינברענגען אין לאַנד
הונדערט אָפּגעראַטעוועטע פון דער קאַטאַסטראָפע אין אייראָ־
פּע. אַרי האָט זיך פּלוצים דערפילט ווי אַ ליליפּוט, וואָס
קעמפט קעגן אַ ריז. אין דאָזיקן אויגנבליק האָט ער זיך
געווונטשן צו קאָנען גלויבן, אַזוי ווי דוד בן־עמי, אין דער
געטלעכער השגחה, אָבער דערצו איז ער געווען אַ צו גרוי־
סער רעאַליסט.

קיטי פרעמאָנט האָט געוואַרט אויף אים אין קליינעם

באַר. זי האָט נאָך געוואָלט ריידן מיט אים און זי האָט זיך נישט געלייגט שלאָפן מיטן מיין, אַז זיי וועלן נאָך אויס־טרינקען צוזאַמען אַ קאָניאַק. זי האָט געזען פון אויבן, ווי ער איז אַריין אין האָל און גענומען פון פּאָרטיער דעם שליסל פון זיין צימער.

— אַרי! — האָט זי אויסגערופן.

זיין פּנים האָט געהאַט דעם זעלבן אויסדרוק פון טיפער קאָנצענטראַציע, ווי זי האָט עס געזען ביי אים אין ציפערן, ווען זי האָט זיך מיט אים געטראָפן צום ערשטן מאָל. זי האָט געוווּנקען צו אים, אָבער עס האָט געשיינט, אַז ער הערט זי נישט און זעט זי נישט. ער האָט אַ קוק געטאָן אין איר ריכטונג, אָבער זיין בליק האָט זיך אַראָפּגעגליטשט אין אַ זייט און ער איז שטומערהייט אַרויף אויף די טרעפּ צו זיין צימער.

## קאַפּיטל 2

צוויי אויטאָבוסן, וועלכע האָבן אָפּגעפירט פופציק קינדער פון דער שיף „יציאת אייראָפּע״, זענען פאַרבייגעפאָרן תל־חצור, אין חולה־טאָל. אין משך פון דער גאַנצער נסיעה פון חיפה צום גליל, זענען די קינדער געזעסן ווי צוגעשמידט צו די פענצטער און אַרויסגעקוקט צו דער שיינער געגנט. זיי האָבן געשריען פאַר פרייד, געפּאָכעט מיט די הענט און יעדע קלייניקייט האָט אַרויסגערופן ביי זיי התפעלות.

— דב, קוק זיך צו — האָט קארען אַ טיף־גערירטע געזאָגט. — איז דאָס נישט אַלץ וווּנדערשיין?

דב האָט עפּעס אַרויסגעברומט און געמאַכט אַ זשעסט, וואָס האָט געזאָלט באַדייטן, אַז ער זעט נישט קיין שום ספּעציעלעס, וואָס זאָל אַרויסרופן ביי אים באַגייסטערונג.

זיי זענען ווייטער אַריינגעפאָרן אין חולה־טאָל, ביז יד־אל, ווו עס האָט געוווינט ארי בן־כנען. דאָ האָט זיך פון הויפּט־שאָסיי אָפּגעצווייגט אַ זייטיקער וועג אין דער ריכטונג פון די בערג, צו דער לבנונישער גרענעץ. די קינדער האָבן דערזען אַ שילד מיט אַן אויפשריפט: גן־דפנה. אַלע זענען שוין געווען געשפּאַנט פון נייגעריקייט, כדי ענדלעך צו זען

דאָס אָרט, וווהין מען פירט זיי, אָבער איין דב לאַנדאו איז די גאַנצע צייט געזעסן שטיל און ווי פאַרביטערט. די אויטאָבוסן זענען אַרויפגעפאָרן אויפן באַרג און פאַר די אויגן פון די קינדער האָט זיך אַנטפלעקט אין זיין פולער פראַכט דער חולה־טאָל. זיי האָבן געזען פאַר זיך די פעלדער פון די קיבוצים און מושבים, וואָס זענען געלעגן אויסגעשפרייט ווי גרינע טעפיכער. די בלויע אויבערפלאַך פון די פיש־באַסיינען האָט שימערירט אין די שטראַלן פון דער זון. זיי האָבן אויסגעזען ווי קליינע אָזיערעס אַרום די זומפן פון ים־החולה.

די אויטאָבוסן האָבן אָנגעהויבן לאַנגזאַמער צו פאָרן, אָנקומענדיק אין אַראַבישן דאָרף נבי יושע, וואָס האָט זיך געפונען אויפן האַלבן וועג צום באַרג־שפּיץ. אין נבי יושע האָבן די קינדער זיך נישט אָנגעטראָפן אויף גלייכגילטיקייט אָדער שנאה, ווי אין די אַנדערע אַראַבישע דערפער. דאָ האָט מען זיי מקבל־פנים געווען מיט פרייד, אַלס צייכן פון פריינטשאַפט.

אַרויספאָרנדיק פון נבי יושע זענען די אויטאָבוסן אָנגעקומען צו אַן אָרט, וווּ אויף אַ ספּעציעלן שילד איז געווען אָנגעשריבן, אַז דאָס אָרט געפינט זיך זעקס הונדערט מעטער איבערן ים־אויבערפלאַך. פון דאָרטן האָט זיך שוין געצויגן דער וועג צום דאָרף פון „עלית הנוער" גן־דפנה.

אין מיטן פון דאָרף האָבן זיך די אויטאָבוסן פאַרהאַלטן ביי אַ גרינער לאָנקע פון הונדערט מעטער די לענג און פופציק די ברייט. דער גאַנצער ישוב האָט זיך צעשפרייט אויף אַ פלאַכן פלאַץ, הויך אין די בערג. אַרום דער גרינער לאָנקע זענען געשטאַנען בנינים אין וועלכע עס האָט זיך געפונען דער יוגנט־צענטער און די לייטונג פון דאָרף. פון דאָזיקן מיטלפונקט האָבן זיך אין אַלע פיר זייטן געצויגן די איבע־

ריקע בנינים פון גן־דפנה. אומעטום זענען געווען בלומען־בייטן און קוסטעס, שיינע ביימער און לאַנקעס. ווען די קינדער זענען אויסגעשטיגן פון די אויטאָבוסן, זענען זיי אויפגענומען געוואָרן מיט אַ פריידיקן מאַרש, וואָס איז גע־שפּילט געוואָרן דורכן יוגנט־אָרקעסטער פון דאָרף.

אין צענטער פון דער גרינער לאַנקע איז געשטאַנען אַ סטאַטוע אין נאַטירלעכער גרויס פון דפנה, — דאָס מיידל, אויף וועמענס נאָמען מען האָט אָנגערופן דעם יוגנט־דאָרף. זי איר געשטאַלט איז געווען אויסגעשמידט פון בראָנדז. זי האָט געהאַלטן אַ ביקס אין דער האַנט און געקוקט אויפן חולה־טאָל, פּונקט אַזוי ווי זי האָט געקוקט אין יענעם טאָג אין קיבוץ „המשמר", ווען זי איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די אַראַבער.

דער גרינדער פון דאָרף, אַ נידעריקער מאַן, אַ ביסל אַן איינגעהויקערטער, מיטן נאָמען ד"ר ליבערמאַן, איז געשטאַ־נען נעבן דענקמאָל און געגרויכערט אַ לולקע. ער האָט באַ־גריסט די ניי־אָנגעקומענע קינדער און זיי דערציילט בקיצור, אַז ער האָט פאַרלאָזן דייטשלאַנד אין 1934 יאָר און אין 1940 האָט ער דאָ געגרינדעט גן־דפנה. דער באָדן איז געשאָנקען געוואָרן צו „עלית הנוער" דורך קאַמאַלן, דעם געוועזענעם מוכטאַר פון דאָרף נבי יושע. דערנאָך איז ד"ר ליבערמאַן צוגעגאַנגען צו יעדן קינד באַזונדער און אים פערזענלעך באַגריסט אין פאַרשיידענע לשונות. ווען קארען האָט זיך גוט צוגעקוקט צום דאָקטאָר האָט זי געהאַט דעם איינדרוק, אַז זי האָט אים שוין אַמאָל געזען. זיין גאַנצער אויסזען און די באַנעמונג, האָט איר דערמאָנט אַ פּראָפעסאָר פון קעלן... אָבער דאָס איז געווען אַזוי לאַנג צוריק, אַז זי האָט זיך נישט געקאָנט דערמאָנען קיין פּרטים.

מיט יעדן ביי־געקומענעם קינד האָט זיך פאַרנומען אַ יוגנטלעכער פון דאָרף.

— צי הייסטו קארען קלעמענט?

— יאָ.

— מיין נאָמען איז יונה — האָט צו איר געזאָגט אַ יונג מיידל פון מצרים, וועלכע איז געווען עטוואָס עלטער פון קארען. — מירביידע וועלן וווינען צוזאַמען. קום, איך וועל דיר ווייזן דאָס צימער. איך בין זיכער, אַז דיר וועט דאָ געפעלן.

קארען האָט צוגערופן דבן און אים געזאָגט, אַז זיי וועלן זיך טרעפן שפּעטער. זי איז געגאַנגען ביי דער זייט פון יונה און איז פאַרביי די בנינים פון דער לייטונג און פון דער שולע צו די קליינע הייזלעך, וואָס זענען געשטאַנען אין אַ זייט, אַרומגערינגלט דורך שיינע קוסטעס.

— מיר האָבן מזל — האָט יונה זיך אָפּגערופן — מיר האָבן באַקומען אַ צימער אין די דאָזיקע הייזלעך, ווייל מיר זענען שוין דערוואַקסענע.

קארען איז געבליבן שטיין אַ פאַרוווּנדערטע פאַרן הייזל. דאַן איז זי אַריין אינעווייניק מיט איר נייער חברטע. די איינריכטונג אינעווייניק איז געווען זייער אַ פּשוטע, אָבער פאַר קארען איז עס געווען דאָס שענסטע צימער, וואָס זי האָט ווען עס איז געזען אין לעבן. אַ בעט, אַ שאַפע, אַ טיש און אַ שטול — און דאָס אַלץ פאַר איר, אַלץ פאַר איר אַליין.

ערשט אין אָוונט האָט קאַרען געפונען אַ ביסל פרייע צייט. נאָכן אָוונט־ברויט האָט מען געדאַרפט אויפפירן אַ פאָרשטעלונג אונטערן פרייען הימל, לכבוד די ניי־געקומענע קינדער. קארען האָט געטראָפן דבן אויף דער גרינער לאָנקע,

וואָס האָט זיך געפונען נעבן דענקמאָל. צום ערשטן מאָל זינט לאַנגע וואָכן איז איר באַפאַלן אַ חשק צו טאַנצן. די לופט איז דאָ געווען אַזוי פריש און דאָס גאַנצע דאָרף — וואונדערבאַר. זי האָט אַזש געציטערט פאַר פרייד. זי איז געשטאַנען נעבן דבן און אים אָנגעוויזן אויף די ווייסע הייזער, וואָס זענען געשטאַנען צונויפגעדריקט איינס נעבן אַנדערן אין אַראַבישן דאָרף נבי יושע, אויפן שיפּוע פון באַרג. איבער זיי האָט מען געזען די „טאַגערט־פעסטונג״ ביי דער לבנו־נישער גרענעץ, און אונטן, אין טאָל, האָבן זיך אויסגעשפּרייט די פעלדער פון דאָרף, וואָס זענען געלעגן באָענט נעבן די פעלדער פון יד־אל. און נאָך ווייטער, אין חולה־טאָל, איז געלעגן אין די בערג תל־חי, נישט ווייט פון אָרט, וווּ עס איז געפאַלן טרומפּעלדאָר. הינטערן טאָל האָט זיך אויפגעהויבן דער באַרג חרמון, אויפן סירישן שטח.

קאַרען איז געווען אָנגעטאָן אין לאַנגע הויזן און אין אַ פאַרביקער בלוזע מיט אַ הויכן קאָלנער. אויף די פיס האָט זי געהאַט נייע סאַנדאַלן.

— דב! דאָס איז דער גליקלעכסטער טאָג אין מיין לעבן — האָט זי געזאָגט צו אים — יונה איז זייער אַ גוט מיידל און זי האָט מיר דערציילט, אַז ד״ר ליבערמאַן איז דער בעס־טער מענטש אויף דער וועלט.

זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן גראָז. דב איז געשטאַנען נעבן איר און געשוויגן. זי האָט זיך אַנידערגעזעצט און אים צוגעצויגן צו זיך.

— לאָז מיר צורו, — האָט ער געזאָגט.

זי האָט זיך איינגעקשנט און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן איר. ווען זי האָט אים גענומען פאַר אַ האַנט און אַרויפ־

געלייגט איר קאָפּ אויף זיינע אַקסלען, איז ער געוואָרן שטאַרק דענערווירט.

— איך בעט דיך, דבֿ, זיי גליקלעך... איך בעט דיך...

ער האָט אַ צוק־געטאָן מיט די אַקסלען און זיך אָפּגערוקט פון איר.

— איך בעט דיך, זיי גליקלעך...

— ווען גייט אָן מיין גליק? — האָט ער געפרעגט.

— מיר גייט אָן — האָט קאַרען געזאָגט. — איך זאָרג פאַר דיר.

— אויב אַזוי... זאָרג פאַר זיך אַליין... האָט ער שאַרף צוריקגעענטפערט.

— איך זאָרג אויך פאַר זיך — האָט זי שטיל זיך אָפּ־גערופן. זי האָט זיך אַנידערגעשטעלט פאַר אים אויף די קני און אַרויפגעלייגט אירע הענט אויף זיינע אַקסלען.

— פריי זיך, דבֿ, איך בעט דיך, פריי זיך. האָסט געזען דאָס צימער, וואָס מען האָט דיר געגעבן? ווי לאַנג ביסטו שוין נישט געווען אין אַזאַ צימער?

דבֿ איז רויט געוואָרן און האָט אַראָפּגעלאָזט זיין בליק.

— פאַרטראַכט זיך איבער דעם, דבֿ — האָט זי ווייטער גערעדט. — נישטאָ מער לאַ־סיאָטאַ, נישטאָ מער קאַראַאָלאָס, נישטאָ קיין מעפּילים־שיף. מיר זענען געקומען אהיים, דבֿ, און די היים איז אַ סך שענער, ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט.

דבֿ האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבן און זיך אויסגעדרייט צו איר מיט דער פּלייצע.

— פאַר דיר איז דאָ אפשר גוט, אָבער איך האָב אַנדערע פּלענער.

— איך בעט דיך, דבֿ, טראַכט נישט מער וועגן דעם, — האָט קאַרען אַרויסגעפּליסטערט.

דער אָרקעסטער האָט גענומען שפּילן. קאַרען האָט אים אָנגענומען פאַרן האַנט און זיך אָפּגערופן:

— לאָמיר גיין זען די פאָרשטעלונג.

ווען קיטי און ארי האָבן ווידער פאַרלאָזן תל־אביב און זענען פאַרבייגעפאָרן דעם ריזיקן בריטישן לאַגער ביי סאַראַ־פענד, האָט קיטי ווידער אָנגעהויבן אָפּצופילן די שפּאַנונג אין ארץ־ישראל. זיי זענען דורכגעפאָרן רמלה און זי האָט גוט געזען די פיינטלעכע בליקן פון די אַראַבער. ארי דאַקעגן האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט לגמרי נישט געטראַכט סיי וועגן די אַראַבער און סיי וועגן קיטי. אין משך פון גאַנצן טאָג האָט ער מיט איר אויסגערעדט קוים עטלעכע ווערטער.

אויף זייער וועג זענען זיי אָנגעקומען צו שער־הגיא און פון דאָרטן זענען זיי אַרויפגעפאָרן אויף אַ שאָסיי וואָס האָט זיך געדרייט צווישן די בערג פון יהודה. יונגע וועלדלעך, וואָס זענען פאַרזייט געוואָרן דורך יידן, האָבן באַצירט דיביידע זייטן פון וועג. אוראַלטע טעראָסן האָבן זיך אַרויסגע־רוקט פון רויען באָדן, ווי די ריפּן פון אַ הונגעריקן הונט. מיט יאָרן צוריק האָבן אין די דאָזיקע בערג געלעבט הונ־דערטער טויזנטער מענטשן, וועלכע האָבן אויף די טעראָסן געפונען זייער שפּייז. היינט איז דער באָדן געווען פולשטענדיק פאַרוויסט און פאַרלאָזן. אויף די שפּיצן פון די בערג זענען געלעגן, ענג צוזאַמענגעפּרעסט, ווייסע הייזלעך פון די אַראַ־בישע דערפער.

דאָ, אין שער־הגיא, איז קיטי פּרעמאַנט פאַרכאַפּט געוואָרן פון כישוף פון ירושלים. מען האָט שוין פון לאַנג געזאָגט, אַז קיין מענטש קאָן נישט אריבערפאָרן די בערג פון יהודה צום

ערשטן מאָל, אַז זיין האַרץ זאָל נישט געפּאַנגען ווערן דורך דער פּראַכט פון דודס שטאָט. פאַר קיטין איז דאָס געווען אומ־פאַרשטענדלעך, וואָס זי האָט זיך געלאָזט מיטרייסן דורך אַזעלכע געפילן. זי האָט זיך אויסגעהאָדעוועט אין די פּראָטעס־טאַנטישע שטאָטן פון מיטעלן מערב אין אַמעריקע, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער טרוקנקייט. זי איז געווען גרינטלעך אויפריכטיק, אָן אַן איבערפלוס פון געפילן. אָבער וואָס מער דער אויטאָ האָט זיך אויפגעהויבן אַלץ העכער אין די בערג, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן איר גערירטקייט. זי איז איצט געווען פולשטענדיק פאַרכאַפּט פון דער אַטמאָספער פון תנ״ך און צום ערשטן מאָל, צווישן די שטילע און געהיימ־נישפולע בערג, האָט זי זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג דערפון, וואָס דאָס באַדייט זיך געפינען אין „הייליקן לאַנד״.

ווייט אויפן האָריזאָנט האָט זי באַמערקט די אומדייטלעכע קאָנטורן פון די ירושלימער טורעמס און איר האַרץ איז פול געוואָרן מיט געפילן פון אַ התפעלות, וואָס איז געווען איינ־ציק־אַרטיק אין איר מין.

זיי זענען אריינגעקומען אין ניי־ירושלים, וואָס איז אויס־געבויט געוואָרן דורך די יידן און זענען דורכגעפאָרן רחוב יפו. די דאָזיקע גאַס איז דער חוט־השדרה פון גרויסן האנדלס־צענטער. אָנקומענדיק צום שער־יפו האָט ארי זיך פאַר־קערעוועט צום וועג, וואָס פירט פּאַראַלעל צו דער אַלטער שטאָטישער מויער און אין עטלעכע מינוט שפּעטער האָט ער זיך פאַרהאַלטן פאַר אַ גרויסן האָטעל. דאָס איז געווען דער האָטעל „קינג דוד״.

קיטי איז ארויסגעשטיגן פון אויטאָ און דערזעענדיק, אַז דער רעכטער פליגל פון האָטעל איז צעשטערט, האָט זי אַזש געעפנט די מויל פאַר איבעראַשונג.

— דאָ איז געווען די הויפּט־קוואַרטיר פון דער בריטישער מאַכט — האָט ארי געזאָגט. — די „מכבים" האָבן געענדערט דאָס אויסזען פון בנין.

דער האָטעל איז געבויט געוואָרן פון ירושלימער שטיינער, ווי אַ פּראַכטפולער פּאַלאַץ אין אייראָפּעאישן סטיל.

קיטי איז די ערשטע ארויס פון איר צימער צום מיטיק־עסן. זי האָט געוואַרט אויף אַרין זיצנדיק אויף דער טעראַסע און ארויסקוקנדיק דורכן קליינעם טאָל צו דער מויער פון דער ירושלימער אַלט־שטאָט. די טעראסע איז אויסגעבויט געוואָרן קעגן „מגדל דוד" און איז געווען ארומגערינגלט מיט אַ גאָרטן. אַ פיר־פּערזאָניקער אָרקעסטער האָט געשפּילט אין האָטעל צום מיטיק.

ארי איז געקומען אַ ביסל שפּעטער און ארויסקומענדיק אויף דער טעראַסע איז ער געבליבן שטיין ווי פאַרבליפט. קיטי האָט אויסגעזען וווּנדערבאַר. ער האָט זי נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזוי אויסגעפּוצט, ווי זי איז איצט געווען. זי האָט געטראָגן אַ זייער עלעגאַנט קאָקטייל־קלייד, אַ הוט מיט אַ ברייטן ראַנד און אויף די הענט האָט זי געהאַט ווייסע הענטשקעס. ער האָט זיך פּלוצים דערפילט זייער ווייט פון איר. זי האָט אויסגעזען פונקט אַזוי ווי די רייצנדע, גוט־געקליידעטע פרויען פון רוים, פּאַריז און בערלין, וועלכע האָבן געהערט צו אַ וועלט, וואָס איז געווען פאַר אים פרעמד און אויך אומפאַרשטענדלעך. עס איז געווען אַ הימל־ווייטער אונטערשייד צווישן איר און דפנה. אָבער קיטי איז געווען שיין, וווּנדערשיין.

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ שטול נעבן איר.

— איך האָב גערעדט מיט האריעט זאלצמאן — האָט ער געזאָגט. — מיר וועלן זי זען גלייך נאָכן מיטיק.

— איך דאַנק אייך — האָט קיטי געזאָגט. — איך בין באמת צופרידן, וואָס איך געפין זיך אין ירושלים.

— יאָ, די דאָזיקע שטאָט האָט אַ געהיימע צוציאונגס־קראַפט. יעדער איינער, וואָס קומט דאָ צום ערשטן מאָל ווערט פאַרכאַפּט. נעמט אַלס ביישפיל דוד בן־עמי... ער הערט נישט אויף צו באַוווּנדערן ירושלים די גאַנצע צייט. אגב האָט ער מיך געבעטן איך זאָל אייך זאָגן, אַז ער האָט בדעה צו באַזוכן מיט אייך די אַלט־שטאָט. מאָרגן איז שבת.

— זייער שיין פון זיין זייט, וואָס ער טראַכט וועגן מיר.

ארי האָט זי אבסערווירט פון דער נאָענט. איצט האָט זי אין זיינע אויגן אויסגעזען נאָך שענער, ווי פריער. ער האָט צוגערופן דעם קעלנער, באַשטעלט דאָס עסן און דאַן האָט ער אָנגעהויבן קוקן פאַר זיך, נישט קימערנדיק זיך וועגן קיטין. קיטי האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז ארי האָט גענומען אויף זיך אַן אויפגאַבע, פון וועלכער ער וואָלט געוואָלט וואָס פריער פטור־ווערן. צען מינוט לאַנג זענען זיי ביידע געזעסן און נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. ווען קיטי האָט אָנגעהויבן צו עסן דעם סאַלאַט, האָט זי זיך אָפּגערופן:

— צי פאַלט איך אייך צו לאַסט?

— ניין — האָט ער געענטפערט. — וואָס פאַלט אייך איין?

— זינט איר זענט געקומען נעכטן פון אייער באַגעגעניש אין רמת־גן, האָב איך אויפגעהערט פאַר אייך צו עקזיס־טירן — האָט זי געזאָגט.

— איך בעט אַנטשולדיקונג, קיטי — האָט ער זיך אָפּגע־

רופן, נישט אָנקוקנדיק זי. — איך גלויב, אַז איך בין היינט זייער אַ שלעכטער באַגלייטער.

— איז עפּעס נישט אין אָרדענונג?

— אַ סך זאַכן זענען נישט אין אָרדענונג, אָבער דאָס אינטערעסירט אייך נישט און דאָס האָט נישט צו טאָן מיט מיין שלעכטער אויפפירונג. און איצט וויל איך אייך עטוואָס דערציילן וועגן האַריעט זאָלצמאַן. זי איז אַן אַמעריקאַנערין. זי מוז שוין זיין איבער די אַכציקער. ווען מיר וואָלטן אין אונדזער ישוב געשאַפן אַן אָרדן פון הייליקע, וואָלט זי געווען דער ערשטער קאַנדידאַט צו דעם אָרדן. צי זעט איר דעם באַרג, דאָרטן, איבער דער אַלט־שטאָט?

— יאָ.

— דאָס איז דער הר־הצופים. די בנינים, וואָס געפינען זיך דאָרטן, געהערן צום מאָדערנסטן מעדיצינישן צענטער אין גאַנצן מיטעלן מזרח. דאָס געלט אויפצושטעלן די בנינים איז געגעבן געוואָרן דורך אַמעריקאַנער ציוניסטישע פרויען, וועלכע זענען אָרגאַניזירט געוואָרן דורך האַריעט זאַלצמאַן נאָכן ערשטן וועלט־קריג. דאָס רוב שפּיטאָלן אין ארץ־ישראל ווערט געשטיצט דורך „הדסה".

— עס שיינט, אַז זי איז אַ וואונדערבאַרע פרוי.

— אַזוי איז עס. ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, האָט האַריעט זאַלצמאַן אָרגאַניזירט די „עלית הנוער". אַדאַנק איר זענען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן טויזנטער יוגנט־לעכע. אין גאַנץ ארץ־ישראל געפינען זיך צענדליקער יוגנט־צענטערס. די געמיינזאַמע אַרבעט מיט איר, וועט אייך אָן ספק פאַרשאַפן אַ סך פאַרגעניגן.

— פאַרוואָס זאָגט איר עס? — האָט קיטי געפרעגט.

— דערפאַר, וואָס קיין איין ייד, וועלכער האָט געלעבט

אין ארץ־ישראל און האָט פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד, קאָן שוין קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן וועגן ארץ־ישראל. איך גלויב, אַז אויך ביי די אַמעריקאַנער איז אַזוי. האריעט זאַלצמאַן געפֿינט זיך שוין דאָ אַ סך יאָרן, אָבער איר האַרץ איז צום גרעסטן טייל נאָך אַלץ אין אַמעריקע.

דער אָרקעסטער האָט אויפֿגעהערט צו שפּילן.

אַ שטילקייט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער ירושלים. פֿון דער אַלט־שטאָט האָט זיך דערטראָגן צו זיי אַ שטילער קול פֿון אַ מוסולמענישן מועזין, וועלכער האָט גערופֿן די גלויביקע צו דער תפילה. דערנאָך איז ווידער שטיל געוואָרן, אַזאַ שטיל־קייט, וועלכע קיטי האָט נאָך ביז איצט נישט אָפּגעפֿילט.

דאַן האָבן זיך צעקלונגען די גלאָקן פֿון „ימק״א״־בנין אויף דער אַנדער זייט גאַס. זייער אָפּקלאַנג האָט זיך צעטראָגן איבער די בערג און טאָלן. און דאַן איז ווידער שטיל געוואָרן. די שטילקייט האָט אַלץ אַרומגעכאַפּט און עס האָט געשיינט, אַז אַפֿילו דאָס קלענסטע גערויש איז אַ חילול־הקודש. קיטי האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז דאָס לעבן אַליין און די צייט זענען שטיין געבליבן אין שטילקייט אויף איין אָרט.

— ווי וווּנדערבאַר דאָס איז — האָט קיטי ענדלעך זיך אָפּגערופֿן.

— אַזעלכע רגע׳ס זענען זייער זעלטן אין אונדזער ווירק־לעכקייט — האָט ארי געזאָגט. — די דאָזיקע שטילקייט איז ליידער אַן אויסנאַמעדיקע.

אין זעלבן אויגנבליק האָט ארי דערזען אַ נידעריקן מאַן, וואָס איז געשטאַנען נעבן טיר פֿון דער טעראַסע. ער האָט אים גלייך דערקענט. דאָס איז געווען בר־ישראל, דער פֿאַר־בינדונגס־מענטש פֿון די „מכבים״. בר־ישראל האָט געגעבן אַ צייכן צו ארין און איז פֿאַרשוווּנדן.

— אַנטשולדיקט מיך, קיטי, איך קום גלייך צוריק — האָט ארי געזאָגט.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט און איז ארויס אין האָל. ער האָט געקויפט אין קיאָסק סיגאַרעטן און אָנגעהויבן צו בלעטערן אַ זשורנאַל, ווי ער וואָלט כלומרשט געווען פאַראינטערעסירט מיט דעם, וואָס דאָרטן איז געווען געשריבן. בר־ישראל איז צוגעקומען צו אים און געזאָגט:

— אייער פעטער, עקיבא, איז אין ירושלים. ער וויל זיך זען מיט אייך.

— איך מוז צוערשט צופאָרן צו דער „חברה הכשרת הישוב". איך וועל אָבער שנעל צוריקקומען — האָט ארי געענטפערט.

— איך וואַרט אויף אייך ביים מגרש הרוסים — האָט געזאָגט דער פאַרבינדונגס־מאַן, וועלכער האָט שנעל פאַרלאָזן דעם האָטעל.

שדרות קינג דזשאָרדזש איז אַ ברייטע אַלייע אין ירושלים, אויף וועלכער עס געפינען זיך די געביידעס פון עפנטלעכן דינסט, שולן און קירכעס. דער בנין פון דער „חברה הכשרת הישוב" איז אַ גרויס הויז, וואָס שטייט אין ראָג גאַס. דער צופאָר צום הויפט־אריינגאַנג איז זייער אַ גרויסער.

— שלום, ארי — האָט האריעט זאַלצמאַן אויסגערופן, אויפשטעלנדיק זיך פון איר אָרט מיט אַ פלינקייט, וואָס האָט לגמרי נישט געפּאַסט פאַר איר עלטער. זי האָט זיך אָוועקגעשטעלט אויף די שפּיץ פינגער, כדי ארומצונעמען ארין ארום האַלדז און אים אַ קוש טאָן.

— דו האָסט זיי גוט געגעבן אויף ציפערן. ביסט אַ ווילער בחור — האָט זי געזאָגט.

קיטי האָט זיי אָנגעקוקט שטילערהייט פון דערווייטנס, שטייענדיק ביי דער טיר. די אַלטע פרוי האָט זיך אויסגע־דרייט צו איר און זי אָנגעקוקט.

— דאָס איז אַלזאָ קאַטערינאַ פּרעמאַנט. מיין קינד, ביסט באמת זייער שיין.

— איך דאַנק אייך, מיסיס זאַלצמאַן.

— איר זאָלט מיך נאָר נישט רופן מיסיס. בלויז די ענג־לענדער און די אַראַבער רופן מיך אַזוי. איך פיל זיך דאַן ווי אַן אַלטע פרוי. זעצט זיך, ביטע. איך וועל הייסן ברענ־גען טיי. אָדער אפשר ווילט איר בעסער קאַפע?

— איך וואָלט בעסער געוואָלט טיי — האָט קיטי געזאָגט.

— דאָ קענסטו זיך איבערצייגן, ארי. אזוי זעט אויס אַן אַמעריקאַנערין.

די אַלטע פרוי האָט אַ ווונק געטאָן שעלמיש מיט די אויגן.

— איך בין איבערצייגט — האָט ארי זיך אָפּגערופן — אַז נישט אַלע אַמעריקאַנער פרויען זענען אַזוי שיין ווי קיטי.

— הערט אויף צו רעדן וועגן דעם — האָט קיטי זיך אריינגעמישט. — איר ברענגט מיך אַריין אין אַ פאַרלעגנהייט.

— איר דאַרפט מיך זיכער נישט האָבן — האָט ארי גע־זאָגט. — איך האָב נאָך צו דערליידיקן אייניקע ענינים. קיטי, אויב איך וועל נישט קומען אייך אָפּנעמען, וועט איר ארויס־רופן אַ טעקסי און אָפּפאָרן אין האָטעל.

— דו קענסט שוין גיין — האָט פרוי זאַלצמאַן געזאָגט. — קיטי און איך וועלן עסן צוזאַמען אָונטברויט אין מיין וווינונג. ווער דאַרף דיך האָבן?

ארי האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט און איז אַרויס.

—ער איז זייער אַ ווילער מענטש — האָט געזאָגט

האריעט זאלצמאַן, ווען ארי האָט פאַרלאָזן דאָס צימער. — מיר האָבן אַ סך אַזעלכע, ווי ארי. זיי ארבעטן צו שווער און שטאַרבן צו יונג.

האריעט זאַלצמאַן האָט פארויכערט אַ סיגארעט און פאַר־געלייגט קיטין צו פארויכערן.

— פון וואַנען שטאַמט איר? — האָט זי געפרעגט.

— פון אינדיאנאַ.

— און איך פון סאַן־פראַנציסקאָ.

— אַ ווונדערשיינע שטאָט — האָט קיטי געזאָגט. — איך בין דאָרטן געווען מיט מיין מאַן. איך האָב שטענדיק גע־האָפט זיך דאָרטן צוריקצוקערן.

— אויך איך האָף זיך צוריקצוקערן — האָט די אַלטע געזאָגט. — מיט יעדן יאָר ווערט מיין בענקשאַפט אַלץ גרע־סער און גרעסער. זינט פופצן יאָר האַלט איך אין איין זאָגן, אַז איך פאָר צוריק, כאָטש אויף אַ ווײַלע, קיין סאַן־פראַנ־ציסקאָ, אָבער די אַרבעט דאָ נעמט נישט קיין סוף. עס קומען שטענדיק אָן אַלץ נייע אָרעמע קינדערלעך. איך ווער אָבער ביסלעכווייז קראַנק פון בענקשאַפט. משמעות אַ צייכן פון זקנה.

— זיכער נישט...

— עס איז גוט צו זיין אַ ייד, און צו אַרבעטן פאַרן ווידערגעבורט פון אַ יידישער נאַציע, אָבער עס איז אויך גוט צו זיין אַן אַמעריקאַנערין. פאַרגעסט נישט וועגן דעם, מיין טייערע. איבעריקנס בין איך שוין געווען זייער גע־שפּאַנט אייך צו זען, זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן די פרשה מיט „יציאת אייראָפּע״. איך האָב זיך געוואָלט מיט אייך באַקענען, קאַטערינא פרעמאַנט, און איך מוז זיך מודה־זיין,

אַז איך בין אויסערגעוויינלעך איבעראַשט, כאָטש מיר איז זייער שווער צו איבעראַשן.

— איך האָב מורא, אַז אין די צייטונגען האָט מען מיך זייער ראָמאַנטיש באַשריבן.

הינטער דער באַצויבערנדיקער פריינטלעכקייט פון האַ־ריעט זאַלצמאַן האָט זיך אויסבאַהאַלטן אַ שאַרפער מוח און כאָטש קיטי האָט זיך געפילט זייער גוט, האָט זיך דאָך באַמערקט, אַז די אַלטע פרוי פאָרשט זי זייער פעדאנטיש. זיי האָבן געטרונקען טיי און געפלאַפּלט איבער פאַרשיידענע זאַכן, דער עיקר איבער אַמעריקע.

— קומענדיקן יאָר פאָר איך אַוועק — האָט די אַלטע געזאָגט. — איך וועל שוין עפּעס אויסטראַכטן. אפשר וועל איך פאָרן קיין אַמעריקע, כדי צו זאַמלען געלט פאַר אונד־זערע צילן. מיר אָרדענען שטענדיק איין פאַרשיידענע געלט־זאַמלונגען. צי ווייסט איר, אַז די אַמעריקאַנער יידן גיבן אונדז מער, וויפל עס גיבן אַלע אַמעריקאַנער צוזאַמען פאַרן „רויטן קרייץ?". אָבער צו וואָס לאַנגווייליקן אייך מיט אַזעלכע מעשיות? איר ווילט, אַלזאָ, אַרבעטן פאַר אונדז, נישט אמת?

— ליידער האָב איך נישט מיט זיך מיינע רעקאָמענ־דאציעס.

— איר דאַרפט זיי אויך נישט האָבן. מיר ווייסן אַלץ וועגן אייך.

— באמת? — האָט קיטי א פארוווּנדערטע געפרעגט.

— יא, מיר האָבן אין אונדזערע אקטן א האלבן טוץ באריכטן וועגן אייך.

— איך ווייס נישט צי איך זאל מיך פרייען, אדער זיך פילן באַליידיקט.

— איר דארפט זיך נישט באליידיקן. אזוי פאדערט דער מצב. מיר מוזן גוט קענען אלע די יעניקע, וואָס קומען צו אונדז. איר וועט זיך איבערצייגן, אז מיר זענען דאָ זייער ווייניק אין צאָל און אלץ וואָס דאָ קומט פאָר דערגייט צו מיינע אויערן. פאקטיש האָב איך גראד היינט געלייענט די באריכטן איבער אייך און איך האָב זיך געשטעלט די פראגע, וואָס אייגנטלעך האָט אייך געפירט אהער צו אונדז.

— איך בין א קראנקן־שוועסטער און איר נויטיקט זיך אין קראנקן־שוועסטערס.

האריעט זאלצמאן האָט א שאקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— צוליב אזעלכע סיבות קומען נישט קיין פרעמדע צו אונדז. דאָ מוז שטעקן נאָך עפּעס. צי זענט איר אפשר געקומען קיין ארץ־ישראל צוליב ארי בן־כנען?

— ניין... פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב אים גערן.

— הונדערט פרויען האָבן אים גערן. צו דיין מזל ביסטו די פרוי, וואָס ער האָט גערן.

— איך גלויב נישט אים דעם, האריעט.

— באמת נישט? אויב אזוי פריי איך זיך, קאטערינא. עס איז זייער ווייט דער וועג פון יד־אל צו אינדיאנא. ער איז א סאברע און נאָר א סאברע, ווי ער, וועט אים קאָנען באמת פארשטיין.

— א סאברע? וואָס איז דאָס אזוינס.

— מיטן דאָזיקן וואָרט באנוצן מיר זיך, כדי צו באצייכענען די קינדער, וואָס זענען שוין געבוירן געוואָרן אין ארץ־ישראל, סאברע איז די פרוכט פון א קאקטוס, וואָס וואקסט ווילד אין אלע טיילן פון ארץ־ישראל. די

דאַזיקע פּרוכט האָט אַ שטעכעדיקע שאָל, אָבער אינעווייניק איז זי זייער צאַרט און זיס.

— דאָס איז אַ גוטע באַצייכענונג.

— אַרי, און די איבעריקע סאַבּרעס, האָבן נישט קיין אַנונג וועגן אַמעריקאַנער לעבנס־שטייגער. פּונקט אַזוי ווי איר האָט נישט קיין אַנונג וועגן לעבן, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט.

האַריעט זאַלצמאַן האָט געמאַכט אַ קורצע הפסקה און דאַן האָט זי ווידער געזאָגט:

— לאָמיר זיין פולשטענדיק אויפריכטיק. ווען צו אונדז קומט אַ נישט־ייד, דאַן קומט ער אַלס פריינט. איר זענט נישט איינע פון אונדז און איר זענט נישט געקומען אַלס פריינט. איר זענט אַ וווּנדערשיינע אַמעריקאַנער פרוי, וועלכע איז אָבער פולשטענדיק צעטומלט דורך די דאָזיקע מאָדנע מענטשן, וואָס ווערן אָנגערופן: יידן. צוליב וואָס אַלזאָ זענט איר געקומען אַהער?

— דאָס איז גאָרנישט אַזוי שווער אויפצוקלערן — האָט קיטי געזאָגט. — איך האָב זייער שטאַרק ליב באַקומען אַ קליין מיידל. זי איז אָנגעקומען אַהער מיט דער שיף „יציאת אייראָפּע”. צוערשט האָבן מיר זיך געטראָפן אין לאַגער פון קאַראַאָלאָס. איך האָב מורא, אַז אירע באַמיאונגען אָפּצוגעפינען דעם פאָטער וועלן נישט געבן קיין רעזולטאַטן. אויב זי וועט נישט אָפּגעפינען איר פאָטער ווייל איך זי אַדאָפּטירן און מיטנעמען מיט זיך קיין אַמעריקע.

— אַזוי איז די זאַך? איך פאַרשטיי, איר האָט מיר געגעבן אַן ערלעכע אויפקלערונג. און איצט לאָמיר ריידן צו דער זאַך. עס איז דאָ אַ פרייער פּאָסטן פון אַ הויפּט־קראַנקן־שוועסטער אין איינעם פון אונדזערע יוגנט־דערפער

אין גליל העליון. זייער א שיין ארט. דער לייטער פון דאָרף איז איינער פון מיינע אלטע און גוטע פריינט, ד"ר ערנסט ליבערמאַן. דער נאָמען פון דאָרף איז — גן־דפנה. מיר האָבן דאָרטן פיר הונדערט קינדער, דאָס רוב פון די קאנצענטראציע־לאגערן. זיי נויטיקן זיך זייער אין הילף. איך האָף, אז איר וועט מסכים זיין אנצונעמען דעמדאזיקן אמט. דער לוין און די באדינגונגען זענען זייער גוטע.

— איך וואָלט געוואָלט וויסן... וועגן...

— קארען האַנסען?

— פון וואַנען ווייסט איר?

— איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אז מיר זענען דאָ זייער א קליינע קהילה. קארען געפינט זיך אין גן־דפנה.

— איך האָב נישט קיין ווערטער אייך צו דאַנקען.

— איר דאַרפט דאַנקען ארין. ער האָט עס אַלץ דערליי־דיקט. ארי וועט אייך אַהין אָפּפירן. דאָס אָרט געפינט זיך נעבן זיין הויז.

די אלטע פרוי האָט אויסגעטרונקען איר טיי און זיך אנגעלענט אין רוקן פון שטול.

— צי דאַרף איך אייך געבן א גוטע עצה? — האָט זי געפרעגט.

— נאטירלעך — האָט קיטי געענטפערט.

— זינט דאָס יאר 1933 האָב איך געארבעט מיט יתומים. די צוגעבונדנקייט פון די דאָזיקע קינדער צו ארץ־ישראל וועט זיך אייך אויסווייזן אפטמאָל אומפארשטענדלעך. ווען די קינדער האָבן צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן צו אָטעמען מיט פרייהייט, ווען זייערע הערצער זענען פול מיט ליבע צום דאָזיקן לאנד, איז דאָס פאר זיי אויסערגעוויינלעך שווער ווידער צו פארלאָזן דאָס לאנד. עס איז זיי דאָן

שווער זיך איינצוגעוווינען צו א נײַ לעבן מחוץ ארץ־ישראל. זיי ליבן דאָס לאַנד הייס און ליידנשאַפטלעך. פאַר אײַך, אַמעריקאַנער, זענען פאַראַן אַ סך זאַכן אין אַמעריקע, וואָס זענען זעלבסטפארשטענדלעך. אין ארץ־ישראל איז דאָס נישטאָ. דאָ שטייען אויף די מענטשן יעדן אינדערפרי מיט צווייפל און געשפאנט — זיי ווייסן נישט, צי דאָס אַלץ, וואָס זיי האָבן אויפגעשטעלט מיט מי און שווייס וועט נישט ווידער צוגענומען ווערן פון זיי. דער געדאנק וועגן היימלאנד איז ביי זיי וואַך פיר און צוואנציק שעה אין מעת־לעת. ארץ־ישראל איז דער מיטלפונקט פון זייער לעבן, דער זין פון זייער גאנצער עקזיסטענץ.

— צי ווילט איר דערמיט זאגן, אז מיר וועט נישט געלינגען איבערצורײדן דעם מיידל צו פארלאזן ארץ־ישראל און פארן מיט מיר קיין אמעריקע?

— איך באמי זיך אייך אויפצוקלערן דעם פאקט, אז אייערע באַמיאונגען וועלן זײַן זייער שווערע.

אין טיר האָט זיך דערהערט א קלאפּ.

— אריין! — האָט האריעט זאלצמאַן אויסגערופן.

אין צימער איז אריינגעקומען דוד בן־עמי.

— שלום, האריעט, שלום, קיטי! ארי האָט מיר געזאָגט, אז איך וועל אייך דאָ קאָנען געפינען. צי שטער איך נישט?

— ניין — האָט האריעט זיך אפגערופן — מיר האָבן שוין פארענדיקט אונדזערע ענינים. איך שיק קאטערינא קיין גן־דפנה.

— אויסגעצייכנט. איך האָב געמיינט, אז עס וואָלט געווען א גוטער איינפאַל צו ווייזן קיטי פרעמאנט די שכונה מאה שערים, ערב דעם אנקום פון שבת.

— אַ װוּנדערבאַרער געדאַנק, דוד — האָט האַריעט געזאָגט.

— אויב אַזוי מוזן מיר גלייך גיין, איר וועט אונדז באַגלייטן, האַריעט?

— איר ווילט שלעפן דורך דער שטאָט מיינע אַלטע ביינער? בשום אופן נישט. דו דאַרפסט צוריקברענגען קאַטערינאַ צום אָוונט־ברויט אין צוויי שעה אַרום.

קיטי איז אויפגעשטאַנען פון אָרט, האָט געדריקט די האַנט פון דער אַלטער פרוי און האָט איר געדאַנקט. ווען זי האָט זיך אויסגעדרייט צו דודן האָט זי דערזען, ווי ער קוקט זי אָן מיט אַ פאַרבליפטן בליק.

— צי איז עטוואָס נישט אין אָרדענונג, דוד? — האָט זי געפרעגט.

— איך האָב אייך נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזוי אויסגעפוצט — האָט ער געענטפערט. — איר זעט אויס וואונדערבאַר. איך ווייס נישט, צי איך בין ווי געהעריק אָנגעטאָן, כדי צו גיין מיט אייך איבער די גאַסן.

— נאַרישקייטן. איך האָב זיך אויסגעפוצט בלויז צוליב דעם, כדי איך זאָל מאַכן אַ גוטן איינדרוק אויף מיין נייער שעפין...

— שלום, קינדער — האָט האַריעט געזאָגט. — גייט און פאַרשפעטיקט זיך נישט.

קיטי איז געווען זייער צופרידן, וואָס דוד איז געקומען זי נעמען אויף אַ שפּאַציר. אין זיין געזעלשאַפט האָט זי זיך געפילט בעסער, ווי אין דער געזעלשאַפט פון וועלכן עס איז אַנדערן ייד. זיי זענען אַרויס פון דער „חברה להכשרת הישוב” און זיך געלאָזט גיין צו רחוב הנביאים. קיטי האָט אים גענומען אונטערן אָרעם, אָבער עס האָט געשיינט, אַז

נישט קיטי, נאָר ער, דוד, איז דער טוריסט, וואָס באקוקט די שטאָט. ער האָט אנטדעקט אין ירושלים אלץ, וואָס איז געווען צום באוווּנדערן און ער האָט זיך געפרייט ווי א קינד.

— עס איז אזוי גוט ווידער צו זיין אין דער היים — האָט ער געזאָגט. — ווי געפעלט אייך ירושלים?

— צי זענען דען פאראַן ווערטער אויסצודריקן די שיינקייט פון דער שטאָט? — האָט קיטי געענטפערט. — זי מאַכט אַ מעכטיקן איינדרוק, אָבער גלייכצייטיק וואַרפט זי אַן אַן אימה.

— יאָ, דאָס זעלבע האָב איך געפילט לגבי ירושלים, זינט מיין קינדהייט. די שטאָט באצויבערט מיך און איר גייסט יאָגט מיך שטענדיק נאָך.

— עס איז זייער שיין פון אייער זייט, וואָס איר שענקט מיר אזוי פיל צייט, אנשטאָט צו גיין זען אייער משפחה, מיט וועלכער איר האָט זיך שוין אזוי לאַנג נישט געזען.

— די משפחה איז נאָך נישט פארזאַמלט — האָט דוד געזאָגט. — צי ווייסט איר, אז איך האָב זעקס ברידער. דאָס רוב פון זיי געפינען זיך אין פלמ״ח. איך בין דער יינגסטער אין דער פאַמיליע, מיר דאַרפן זיך אַלע טרעפן, חוץ איינעם... איך וועל אים מוזן זען באזונדער, שפעטער.

— צי איז ער קראַנק? — האָט קיטי געפרעגט.

— ער איז א טעראָריסט. ער געהערט צו די „מכבים״. מיין פאטער דערלויבט אים נישט אריבערצוטרעטן די שוועל פון דער וווינונג. ער געפינט זיך צוזאַמען מיט בן־משה, איינער פון די „מכבי״־פירער. פריער האָב איך געהערט לעקציעס פון זעלבן בן־משה אין העברעאישן אוניווערסיטעט.

דוד האָט זיך פאַרהאַלטן און געוויזן מיט דער האַנט אויפן הר־הצופים, וואָס האָט זיך אַרויפגעהויבן פון דער אַנדערער זייט קדרון־טאָל.

— דאָרטן געפינט זיך דער אוניווערסיטעט — האָט דוד געזאָגט.

— צי באַדויערט איר, וואָס איר לערנט זיך נישט? — האָט קיטי געפרעגט.

— זיכער. איך האָף אָבער, אַז אַ געוויסן טאָג וועל איך האָבן די געלעגנהייט זיך צוריקצוקערן צום שטודיום.

עס איז געוואָרן טונקל און איבער די גאַסן פון ירושלים האָט זיך צעטראָגן דער הייזעריקער אָפּהילך פון אַ שופר. קיטי האָט געהערט ווי אַ שטים רופט:

— שבת! שבת!

דער קול פון שופר האָט זיך געהערט אין דער גאַנצער שטאָט. דוד האָט אָנגעטאָן אַ יאַרמולקע אויפן קאָפּ און אַריינגעפירט קיטין אין מאה שערים, די שכונה פון די אָרטאָדאָקסישע יידן.

— דאָ, אין מאה שערים, וועט איר קאָנען אַריינגיין אין די בתי־כנסת און זען, ווי מענטשן זענען מתפלל אויף פאַרשיידענע אופנים. איר וועט זען תימנער, וואָס שאָקלען זיך ביים דאַווענען, ווי זיי וואָלטן געפאָרן אויף אַ קעמל. אויף אַזאַ אופן האָבן די יידן אַמאָל נקמה־גענומען פון די מוסולמענער, וועלכע האָבן נישט דערלויבט קיין יידן צו רייטן אויף קעמלען. די אַראַבער האָבן נישט געוואָלט דערלאָזן צו דעם, אַז אַ ייד זאָל זיין מיט אַ קאָפּ העכער פון זיי.

— דאָס איז זייער אינטערעסאַנט — האָט קיטי זיך אָפּגערופן.

— און דאָס זענען די אָפּשטאַמיקע פון די ספרדישע יידן... בעת דער אינקוויזיציע האָט מען זיי געצוווּנגען צו ווערן קאַטאָליקן, אונטער דער דראָונג פון טויט־שטראָף. זיי האָבן הויך געדאַוונט אויף לאַטיין, אָבער צום סוף פון יעדן זאַץ האָבן זיי געשעפּטשעט אין דער שטיל א תפילה אין העברעאיש. ביזן היינטיקן טאָג זענען זיי זיך נוהג צו דאַוונען אין דער שטיל יעדן סוף פון פסוק.

ווען קיטי איז אַריינגעקומען אין דער שכונה מאה שערים איז זי געבליבן ווי פאַרבליפט. פון ביידע זייטן גאַס האָבן זיך געצויגן צוויי־שטאָקיקע הייזער, וואָס זענען געווען באַצירט מיט באַלקאָנען פון געשמידטן אייזן.

די מענטשן פון מאה שערים האָבן געטראָגן לאַנגע בערד און פּיאות. זיי זענען געווען אָנגעטאָן אין שטריימ־לעך און אין קאַפּאָטעס. מען האָט געזען צווישן זיי תימנער, אין אַראַבישער קליידונג, ווי אויך קורדן, בוכאַרער און פּערסיער אין פּילפאַרביקע בגדים.

אין געציילטע מינוטן זענען די גאַסן אויסגעריי־ניקט געוואָרן און אַלע האָבן געשטראָמט צו די בתי־כנסת. דאָס רוב פון די דאָזיקע בתי־כנסת זענען געווען זייער קליינע און האָבן זיך געפונען געדיכט איינס נעבן אַנדערן. דאָרטן זענען געווען מנינים פון יידן, וואָס האָבן געשטאַמט פון איטאַליע און אַפגאַניסטאַן, פון פּוילן און מאַראָקאָ, פון אַלזשיר און אונגאַרן. די גאַנצע שכונה איז פול געוואָרן מיטן געזאַנג פון די תפילות. פאַר פרויען איז דער אַריינ־גאַנג אין די בתי־כנסת געווען פאַרבאָטן און קיטי האָט זיך געמוזט באַגנוגענען בלויז מיט א בליק דורך די פאַרקראַטעוועטע פענצטער.

וואָס פאַר א זעלטענע געבעט־הייזער און וואָס פאַר א זעלטענע מתפללים. קיטי האָט געזען מענטשן, וואָס האָבן זיך געשטופּט מיט א געשריי צו דער ספר־תורה. זי האָט געזען די מילדע, פּאַרטראַכטע געזיכטער פון די תימנער, וואָס זענען געזעסן אויף קישעלעך און שטיל געדאַוונט. זי האָט געזען אַלטע לייט, וועלכע האָבן זיך געשאָקלט הין און צוריק אין עקזאַלטאַציע, מורמלענדיק דערביי אַן אויפֿ־הער תפילות פון סידור. ווי ווייט זענען געווען די דאָזיקע מענטשן פון יענע מענער און שיינע פרויען, וואָס האָבן געוווינט אין תל־אביב.

— עס זענען פאַראַן ביי אונדז פאַרשיידענע מינים יידן — האָט דוד בן־עמי געזאָגט. — איך האָב אייך געוואָלט ברענגען אַהער, ווייל איך ווייס, אַז אַרי וואָלט אייך אַהער קיינמאָל נישט געפירט. ער, פּונקט ווי א סך אַנדערע סאַבּרעס, באַציען זיך מיט פאַראַכטונג צו די דאָזיקע יידן. זיי באַאַרבעטן נישט די ערד און מאָביליזירן זיך נישט אין מיליטער. זיי ווילן אונדז אַנוואַרפן אַן אָפּגעלעבטע אַלטע יידישע טראַדיציע. זיי זענען רעאַקציאָנער און שטעלן זיך קעגן אונדזערע פּלענער. אָבער טראָץ דעם, ווען עמיצער לעבט אַזוי לאַנג ווי איך אין ירושלים, מוז ער ווערן טאָלעראַנט צו די דאָזיקע יידן און אָנהויבן צו פאַרשטיין, וויפל די דאָזיקע מענטשן האָבן זיך אָנגעליטן אין דער פאַרגאַנגענהייט, כדי זיי זאָלן ווערן אַזוי פרום, ווי זיי זענען איצט.

אַרי בן־כנען האָט געוואַרט נעבן דער פּראַוואָסלאַוונער קירכע אויפן מגרש הרוסים. עס איז שוין געוואָרן גוט טונקל. בר־ישראל איז דערשינען פּלוצים, ווי פון אונטער

דער ערד. ארי איז אים נאָכגעגאנגען און איז אריין אין איינעם פון די געסלעך, ווו עס האָט געוואַרט אַ טעקסי. זיי זענען אריין אינעווייניק און בר־ישראל האָט ארויסגעשלעפט פון קעשענע אַ גרויס שווארץ טיכל.

— צי מוז איך זיך אונטערווארפן דער דאָזיקער נאריש־קייט? — האָט אַרי געפרעגט.

— איך האָב צו דיר צוטרוי, ארי — האָט בר־ישראל געענטפערט. — אבער אַ באפעל איז אַ באפעל.

בר־ישראל האָט אים פארבונדן די אויגן און ארי האָט זיך געמוזט אויסציען אויף דער פאדלאגע פון טעקסי. דאַן האָט מען ארויפגעלייגט אַ קאָלדרע אויף אים. אין משך פון צוואנציק מינוט איז די טעקסי געפאָרן הין און צוריק, אויף פארשיידענע געדרייטע וועגלעך, כדי ארין צו צעטומ־לען. צום סוף האָט זיך די טעקסי פאַרהאַלטן, אין דער ריכטונג פון קטמון, נעבן דער מושבה גרמנית. אַרי איז שנעל אריינגעפירט געווארן אין אַ הויז און דארטן האָט מען אים ווייטער געפירט איבער פאַרשיידענע צימערן. דאַן האָט מען אים געזאגט, אז ער קאָן אראפנעמען פון פנים דאָס טיכל.

אין צימער האָבן זיך בלויז געפונען אַ טיש און אַ שטול. אויפן טיש איז געשטאַנען אַ ברענענדיק ליכט, אַ פלאַש בראַנפן און צוויי גלעזער. עס האָט געדויערט עטלעכע רגעס ביז ארי האָט זיך צוגעוווינט צו דער טונקלקייט. אַ ווײַלע שפעטער איז אריינגעקומען זיין פעטער, עקיבא. זיינע האָר און די באָרד זענען שוין געווען שניי־ווייס. זיין פנים איז באדעקט געווארן מיט קנייטשן און ער איז געשטאַנען עטוואס איינגעבויגן. ארי האָט זיך צו אים

לאנגזאם דערנענטערט און זיך פארהאלטן נעבן אים.

— שלום, פעטער עקיבא — האָט ארי געזאגט.

— ארי, מיין קינד.

ביידע האָבן זיך געווארפן אין די ארעמס און דער אלטער מאן האָט מיט גרויסער מי געצוימט זיינע געפילן. עקיבא האָט אויפגעהויבן דאָס ליכט, האָט באלויכטן אריס פנים און זיך צעשמייכלט.

— דו זעסט גוט אויס, ארי. דו האָסט געטאָן אַ גוט שטיקל ארבעט אויף ציפערן.

— איך דאנק דיר — האָט ארי שטיל געזאגט.

— איך האָב געהערט, אז דו ביסט צוריקגעקומען מיט א מיידל.

— יאָ, מיט אַן אַמעריקאַנערין, וואָס האָט אונדז געהאָלפן. דעם אמת געזאָגט, געהערט זי נישט צו אונדזערע פריינט. ווי פילסטו זיך, פעטער?

עקיבא האָט א צוק געטאָן מיטן אקסל.

— אזוי ווי א מענטש קאָן זיך פילן אין אונטערגרונט. איך האָב דיך שוין לאנג נישט געזען, ארי... זייער לאנג. איבער צוויי יאר. איך האָב זיך זייער געפרייט, ווען ירדנה האָט זיך געלערנט אין אוניווערסיטעט. איך האָב זי געזען איין מאָל א וואך. זי מוז שוין זיין א יאר צוואנציק. וואָס מאכט זי? צי איז זי נאָך אלץ פארליבט אין זעלבן בחור?

— דוד בן־עמי. יאָ, זיי ליבן זיך זייער שטארק. דוד איז געווען מיט מיר אין ציפערן. ער איז איינער פון אונדזערע בעסטע בחורים.

— זיין ברודער, ווי דו ווייסט, געהערט צו די „מכבים".

בן־משה איז געווען זייער לערער אין אוניווערסיטעט. אפשר וועל איך אים זען אין א פאר טעג ארום.

— פארשטייט זיך.

— און ווי איך האָב געהערט, געפינט זיך ירדנה אין פלמ"ח.

— יא, זי איז די לייטערין פון קינדער־גארטן אין גן־דפנה און זי איז אויך די טפיקערין פון דער געהיימער ראדיא־סטאציע.

— זי געפינט זיך אלזא נישט ווייט פון מיין קיבוץ. זי באזוכט מסתמא אפט עין־עור.

— יא.

— צי דערציילט זי... צי דערציילט זי, ווי דארטן זעט איצט אויס?

— אין עין־אור איז שטענדיק שיין.

— אפשר וועל איך זי קאָנען זען — האָט עקיבא געזאגט. מיט ציטערנדיקע הענט האָט ער אנגעגאסן צוויי כוסות מיט בראנדי. זיי האָבן זיך אנגעשלאגן אין די גלעזלעך און אויסגעטרונקען מיט א הויכן „לחיים".

— איך בין נעכטן געווען ביי אבידן, פעטער. ער האָט מיר געוויזן דעם טאג־באפעל צום בריטישן מיליטער. צי דיינע מענטשן האָבן געזען דעם דאָזיקן באַפעל?

— מיר האָבן פריינט אין בריטישן געהיים־דינסט — האָט עקיבא געזאגט.

עקיבא איז אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט און אָנגעהויבן ארומצוגיין לאַנגזאם איבערן צימער.

— גענעראל הייוועז־הערסט גרייט זיך צו פארניכטן אונדזער ארגאניזאציע. די ענגלענדער האָבן שוין באשלאסן

צו ליקווידירן די „מכבים". זיי פייניקן אונדזערע ארעס־טירטע, הענגען זיי אויף דער תליה און זיי האָבן שוין פארטריבן פון לאנד אלע אונדזערע אנפירנדיקע חברים. נישט נאָר דאָס, וואָס מיר זענען געווען די ערשטע, וועלכע האָבן געהאט דעם מוט אנצוהויבן א קאמף מיט די ענג־לענדער, מוזן מיר נאָך איצט קעמפן מיט די אייגענע פארעטער. יא, ארי. מיר ווייסן זייער גוט, אז די „הגנה" האָט אונדז פאראטן און פארקויפט.

— דאָס איז נישט אמת! — האָט ארי אויסגעשריען אן אויפגערעגטער.

— דאָס איז אמת!

— ניין, דאָס איז נישט אמת. ערשט היינט האָט גענעראל הייוועו־הערסט געפאדערט פון „וועד הלאומי", אז דער ישוב זאל מאכן א סוף מיט די „מכבים". אבער ער האָט זיך ווידער אנגעטראפן אויף אן אפזאג.

עקיבא האָט אנגעהויבן שנעלער צו שפאנען איבערן צימער. זיין כעס איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער.

— פון וואַנען באַקומען די ענגלענדער זייערע אינפאָר־מאציעס, אויב נישט פון דער „הגנה"? די דאָזיקע פחדנים פון „וועד הלאומי" לאזן אונדזערע מענטשן אויסגיין פון בלוט. די דאָזיקע פחדנים זאָגן ליגן וועגן אונדז! זיי זאָגן ליגן! ליגן! ליגן!

— איך וויל דאָס לענגער נישט הערן, פעטער. דער גרעסטער טייל פון די חברים אין „הגנה" און פלמ"ח רייסן זיך צום קאַמף. זיי האַלטן אונדז אָפּ און מיר פלאַצן אַזש. אָבער מיר קאָנען דאָך נישט צעשטערן דאָס אַלץ, וואָס מיר האָבן מיט אַזוי פיל מי אויפגעשטעלט.

— זאג! מיר זענען עס די, וואָס צעשטערן?

אורי האָט פארקריצט מיט די ציינער, אבער ער האָט גארנישט געזאגט. דער אלטער מאן האָט נאָך גערעדט מיט כעס און דאן האָט ער זיך פארהאלטן, אראפלאזנדיק מיט רעזיגנאַציע די הענט.

— איך בין א מייסטער אין ארויסרופן א קריגעריי, ווען איך וויל דאָס לגמרי נישט — האָט ער געזאגט.

— ס׳איז שוין גוט, פעטער...

— עס טוט מיר לייד, אורי. טרינק נאָך א כוס. איך בעט דיך.

— ניין, איך דאנק דיר.

עקיבא האָט אָנגעקוקט זיין פלימעניק.

— וואָס מאכט מיין ברודער?

— ער פילט זיך גוט. ער דארף בקרוב ארויספארן קיין לאנדאן אויף א קאנפערענץ.

— יא, טייערער, ברק. ער וועט ריידן. ער וועט האלטן רעדעס אן א סוף. צי ווייסט ער, אז דו, ירדנה און שרה טרעפן זיך אפטמאָל מיט מיר?

— איך מיין, אז יא.

עקיבא האָט זיך אוועקגעשטעלט נעבן ארין. אויף זיין פנים האָט מען געקאָנט זען אן אויסדרוק פון טיפן צער.

— און צי ער... צי פרעגט ער אמאל וועגן מיין געזונט?

— ניין...

עקיבא האָט ארויסגעפלאצט מיט א הויכן געלעכטער, אבער ער האָט זיך גלייך אראפגעלאזט אויפן שטול און זיך אָנגעגאָסן אַ גלעזל בראנדי.

— ווי מאדנע דאָס אלץ איז — האָט ער געזאגט. — שטענדיק בין איך געווען דער בייזער און ער דער רודף־

שלומניק. הער, ארי, איך ווער שוין אלט און איך פיל זיך מיד. נאָך א יאָר און נאָך א יאָר... איך ווייס נישט ווי לאנג די זאך וועט זיך ציען. דאָס וואָס מיר האָבן געטאָן איינער דעם אנדערן, קאָן מען שוין מיט גארנישט גוט מאכן. אבער... ער מוז א סוף מאכן צום דאָזיקן פיינט־לעכן שטילשווייגן. ארי, ער מוז מיר מוחל־זיין, אין נאָמען פון אונדזער פאטער.

# קאַפּיטל 3

הונדערטער קירכן־גלאָקן פון דער ירושלימער אַלט־שטאָט, פון עמק קדרון, פון הר־הזיתים און פון הר ציון, האָבן זיך אָנגעשלאָסן צום קלאַנג פון די גלאָקן, וואָס האָט זיך צעטראָגן פון „אימקאַ״־בנין. עס איז געווען זונטיק און דער קריסטלעכער רו־טאָג האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער ירושלים.

דוד בן־עמי האָט געפירט קיטין צו דער אַלט־שטאָט, דורכן פּרעכטיקן דמשק־טויער. זיי זענען געגאַנגען דורך „וויאַ דאָלאָראָזאַ״ און זענען אָנגעקומען צום סטעפאַן־טויער, וואָס פירט צום עמק קדרון, צו קבר זכריה, יד אַב־שלום, ווי אויך צו ערטער, וואָס ווערן פאַרהייליקט דורך די קריסטן.

זיי האָבן געשפּרייזט דורך די שמאָלע געסלעך און זענען דורכגעגאַנגען דעם אַראַבישן מארק מיט זיינע קליינע קרעמלעך, וווּ זיי האָבן זיך צוגעקוקט צו דער העפטיקער דינגעניש צווישן די קונים און פאַרקויפער. ביים כותל־המערבי זענען געשטאַנען אַלטע יידן און האָבן מיט טרערן אין די אויגן תפילה־געטאָן נעבן די רעשטלעך פון בית־המקדש.

ווי אויסטערליש עס איז דאָס דאָזיקע אָרט — האָט קיטי געטראַכט אין איר האַרצן. דאָ, צווישן די ווייטע

וויסטע בערג, געפינט זיך דער טרעף־פונקט פון פאַרשיי־
דענע אוראַלטע קולטורן. פאַרוואָס איז פון אַלע ערטער
אויף דער וועלט אויסגעקליבן געוואָרן דווקא דאָס דאָזיקע
אָרט, די דאָזיקע גאָס, די דאָזיקע וואנט? רוימער און
קרייץ־טרעגער, גריכן און טערקן, אַראַבער און אשורים,
בבלער און ענגלענדער — אַלע האָבן זיך געפונען אין
דער שטאָט פון די פאַרהאַסטע יידן. אַ שטאָט, וואָס איז
הייליק און פאַרהייליקט, אָבער גלייכצייטיק אויך פאַר־
שאָלטן. אַלץ וואָס אין מענטשן איז גוט אָדער שלעכט,
שטאַרק אָדער שוואַך, ווערט פאַרקערפּערט אין דער דאָ־
זיקער שטאָט...

צומאָרגנס זענען קיטי און ארי אָפּגעפאָרן פון ירושלים
און האָבן פאָרגעזעצט זייער וועג קיין צפון, צום גליל. זיי
זענען פאַרבייגעפאָרן אַ ריי אלטע אַראַבישע דערפער און
זענען אַריינגעקומען אין עמק יזרעאל, וועמענס פרוכטבאַרע
פעלדער עס זענען געווען אויסגעשפּרייט ווי טעפּיכער. ווען
זיי האָבן זיך דערנענטערט צו נצרת האָט זיך זיי אויסגע־
דאַכט, אַז זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן פון דער קעגנוואַרט
אין דער פאַרגאַנגענהייט. פון איין זייט האָבן זיך געצויגן
די גרינע פעלדער פון עמק־יזרעאל, און אויף דער אַנדע־
רער זייט זענען געלעגן די הוילע, טרוקענע און אומפּרוכט־
באַרע פעלדער פון די אַראַבער. די שטאָט נצרת האָט
אויסגעזען פונקט אַזוי, ווי מיט טויזנטער יאָרן צוריק.

ארי האָט פאַרהאַלטן דעם אויטאָ אין צענטער פון
שטאָט. ער האָט אָפּגעטריבן פון זיך אַ גרופּע אָפּגעריסענע
אַראַבישע קינדער, אָבער איין יינגל האָט זיך צוגעטשע־
פּעט און זיך נישט געריירט פון אָרט.

— צי דאַרפט איר אַ וועג־ווייזער? — האָט דאָס יינגל געפרעגט.

—ניין.

— צי ווילט איר קויפן עפּעס אַן אָנדענקונג? איך האָב אַ שטיקל האָלץ פון הייליקן קרייץ...

— טראָג זיך אָפּ פון דאַנען! — האָט ארי אויסגעשריען.

— אפשר ווילט איר פּאָרנאָגראַפישע בילדער?

ארי האָט זיך באַמיט פּטור צו ווערן פון דאָזיקן יינגל, אָבער יענער איז צוגעשטאַנען און נישט געוואָלט אַוועקגיין.

— אפשר ווילט איר שלאָפן מיט מיין שוועסטער? זי איז נאָך אַ בתולה...

ארי האָט צוגעוואָרפן דעם יינגל אַ מטבע און זיך אָפּגערופן:

— היט אָפּ אונזער אויטאָ.

בצרת האָט געשטונקען. אויף אַלע גאַסן זענען געלעגן הויפנס מיסט. אויף יעדן טריט האָט מען זיך אָנגעטראָפן אויף אַלטע, בלינדע בעטלערס און אויף שמוציקע, אָפּגעריסענע קינדער. קיטי האָט מיט אַנגסט זיך פעסט געהאַלטן ביי אַריס אָרעם.

קיטי איז געווען פולשטענדיק צעטומלט, ווען זיי האָבן פאַרלאָזן די שטאָט.

— דאָ מינדעסטנס זענען די אַראַבער נישט אַזוי פיינטלעך געשטימט לגבי אונז — האָט ארי זיך אָפּגערופן. — זיי זענען קריסטן.

— מעגלעך, אָבער די דאָזיקע קריסטן נויטיקן זיך זייער שטאַרק אין אַ באָד...

קיטי האָט זיך באַמיט צו פאַרשטיין די אַלע זאַכן, וואָס

זי האָט לעצטנס געזען. ארץ־ישראל איז אַ קליינע מדינה, אָבער אַלץ וואָס געפינט זיך אויף איר ערד, איז אָדער דורכגעווייקט מיט בלוט אָדער אַרומגעהילט מיטן רוים פון דער פאַרגאַנגענהייט. אין געוויסע מאָמענטן ווערט מען פאַרכאַפּט דורך דער הייליקייט פון לאַנד, אָבער אין אַנ־דערע מאָמענטן ווערט די התפעלות פאַרוואַנדלט אין גע־פילן פון עמפּערונג. אייניקע אַלטערטימלעכע הייליקע ער־טער רופן אַרויס ערפורכט, דאַקעגן אַנדערע מאַכן דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטן אויפגעשטעלט געוואָרן פאַר עפּעס אַ קאַרנאַוואַל־פאַרווייַלונג. די יידן, וואָס טוען תפילה אין מאה־שערים און די ברענענדיקע נאַפּט־ראַפינעריעס אין חיפה. די זעלבסטזיכערע סאַברעס פון תל־אביב און די פויערישע באַפעלקערונג פון עמק יזרעאל. דאָס אַלטע און נייע האָבן זיך דאָ אויסגעמישט. פּאַראַדאָקסן און ווידער־שפּרוכן אויף יעדן טריט און שריט.

עס איז שוין כמעט געוועזן אָוונט, ווען זיי זענען אָנגע־קומען אין יד־אל. ארי האָט זיך פאַרהאַלטן פאַר אַ קליין הייזל, וואָס האָט זיך געטונקט אין בלומען.

— ארי, ווי שיין דאָ איז — האָט קיטי זיך אָפּגערופן.

די טיר פון שטוב האָט זיך געעפנט און שרה בן־כנען איז פון דאָרטן אייליק אַרויסגעלאָפן.

— ארי! ארי! — האָט זי אויסגעשריען און איז גע־פאַלן אין זיינע אָרעמס.

— שלום, אמא...

— ארי... ארי... ארי...

— ווייַן נישט, מאַמע... איך בעט דיך. וויין נישט...

און דאַן האָט קיטי דערזען ברק בן־כנען, אין זיין גאַנ־

צער ריזן־געשטאַלט, ווי ער איז צוגעפאַלן צו אריין און אים ארומגענומען אַרום האַלדז.

— שלום, אבא, שלום!

דער אַלטער ריז האָט אַ קלאַפּ געטאָן זיין זון איבער דער פּלייצע און געזאָגט:

— דו זעסט אויס גוט, מיין זון... זעסט גוט אויס...

שרה האָט נישט געקאָנט אָפּרייסן איר בליק פון זון.

— ער איז מיד, ברק. צי זעסטו נישט, ווי מיד ער איז?

— ניין, מאַמע. איך פיל זיך זייער גוט. איבעריקנס... איך האָב מיטגעבראַכט מיט זיך אַ גאַסט. באַקענט די פרוי קאַטערינאַ פרעמאַנט. זי וועט מאָרגן אָנהויבן צו ארבעטן אין גן־דפנה.

— איר זענט עס אַלזאָ קאַטערינא פרעמאנט — האָט ברק געזאָגט, אָננעמענדיק קיטין פאַר אַ האַנט. — זייט באַגריסט אין ידי־אל.

— וואָס ביסטו פאר אַ טפש, ארי — האָט שרה געזאָגט. — האָסט נישט געקאָנט טעלעפאָנירן פריער און מיטטיילן, אַז דו האָסט מיטגעבראַכט מיט זיך פרוי פרעמאנט? אָבער קומט אַריין אינעווייניק... וואַשט זיך אָפּ, טוט זיך איבער, און איך וועל דערווייל צוגרייטן עפּעס צום עסן... ביסט אַזאַ נאַר, ארי...

שרה האָט אָנגענומען קיטין אונטערן אָרעם און זי אַריינגעפירט אין הויז.

— ברק, טראָג אַריין די וואַליזעס פון פרוי פרעמאנט — האָט שרה געזאָגט, איידער זי איז אַריין מיט קיטין אינעווייניק.

ירדנה בן־כנען איז געשטאַנען פאַר דער מחנה פון די קינדער, וואָס זענען געבראַכט געוואָרן פון דער שיף „יצי־

את אייראָפּע״, ביים אַרייַנגאַנג פון טעאַטער, וועלכער איז אויפגעשטעלט געוואָרן אונטערן פרייען הימל. זי איז גע־ווען אַ הויכע און שלאַנקע מיידל און איז געשטאַנען פעסט אויף אירע שיין־געפורעמטע פיס. די רויטע האָר זענען איר אַראָפּגעפאַלן אויף די אַקסלען און זי האָט אויסגעזען ווי אַ קלאַסישע שיינהייט. זי איז דאַן אַלט געווען ניינצן יאָר און זינט זי האָט פאַרלאָזן דעם אוניווערסיטעט, האָט זי געהערט צום פלמ״ח. זי איז באַשטימט געוואָרן אַלס ליי־טערין פון דער גדנ״ע־גרופע אין גן־דפנה און זי האָט געהאַט פאַר אַן אויפגאַבע צוצוגרייטן מיליטעריש אַלע יוגנטלעכע פון דאָרף, פון פערצן יאָר און עלטער. גן־דפנה האָט אויך געדינט אַלס אָרט, ווו עס איז אויסבאַהאַלטן געוואָרן געווער. ירדנה איז גלייכצייטיק געווען די ספּי־קערין פון געהיימען ראַדיאָ, ווען ער איז געקומען אין חולה־געביט. זי האָט געוווינט אין גן־דפנה און איז גע־שלאָפן אין איר אַרבעטס־צימער.

— מיין נאָמען איז ירדנה בן־כנען — האָט זי זיך אַליין פאָרגעשטעלט פאַר די קינדער פון „יציאת אייראָפּע״.

— איך בין דאָ אייער גדנ״ע־קאָמאַנדיר. איר וועט בקרוב זיך לערנען ווי אַזוי מען זאַמלט ידיעות, ווי אַזוי מען ריי־ניקט געווער און ווי מען שיסט צום ציל. מיר וועלן אויך איינאָרדענען אויספלוגן איבערן לאַנד. היינט צו טאָג זענט איר אין ארץ־ישראל און איר דאַרפט מער נישט איינבויגן אייערע קעפּ, און אויך נישט מורא האָבן, וואָס איר זענט יידן. מיר וועלן שווער אַרבעטן, ווייל דאָס לאַנד נויטיקט זיך אין אייך. מאָרגן גייען מיר אַרויס צום ערשטן שפּאַציר. מיר וועלן אַרויפגיין אויף די בערג, וואָס געפינען זיך פון צפון־זייט, קיין תל־חי. מיין פאָטער האָט עולה־געווען קיין

ארץ־ישראל דורך תל־חי מיט אַן ערך זעכציק יאָר צוריק. דאָרטן איז געפאַלן אונזער גרויסער העלד יוסף טרומפּעל־דאָר. ער איז דאָרטן געבראַכט געוואָרן צו קבורה און די מצבה אויף זיין קבר איז געמאַכט אין פאָרם פון אַ גרויסן שטיינערנעם לייב, וואָס קוקט אויפן חולה־געביט, פּונקט אַזוי ווי דפנה׳ס מצבה קוקט אויפן חולה־טאָל. אויף זיין מצבה זענען אויסגעקריצט די ווערטער: „עס איז גוט צו שטאַרבן פאַר אונזער לאַנד״. איך וואָלט צוגעגעבן: „עס איז גוט, ווען אַ מענטש האָט אַ פאָטערלאַנד, פאַר וועלכן ער איז גרייט צו שטאַרבן״.

ווען ירדנה איז שפּעטער אַריין אין בנין פון דער פאַר־וואַלטונג איז זי גערופן געוואָרן צום טעלעפאָן. זי האָט אויפגעהויבן דאָס טרייבל און זיך אָפּגערופן:

— שלום, דאָ רעדט ירדנה!

— שלום! דאָ רעדט די מאַמע! אַרי איז אין שטוב!

— אַרי!

ירדנה איז אַרויסגעלאָפן פון צימער און איז שנעל אַריין אין פערד־שטאַל. אין גרעסטער איילעניש האָט זי זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן ווייסן אַראַבישן פערד פון איר פאָטער און אַרויסגאַלאָפּירט אַן אַ זאָטל דורכן טויער פון דאָרף. אירע רויטע האָר האָבן זיך פאַנאַנדערגעשאָטן אין ווינט.

אין פולן גאַלאָפּ איז זי דורכגעפלויגן דעם אַראַבישן דאָרף נבי יושע. די מענער, וואָס זענען געזעסן אין קאַפע־הויז, האָבן זי נאָכגעקוקט מיט גיפטיקע בליקן. וואָס פאַר אַ חוצפּהדיק מיידל דאָס איז. ווי וואַגט זי דורכצורייטן דורכן דאָרף אין קורצע הויזן! זי האָט מזל, וואָס זי איז ברקס טאָכטער און אריס שוועסטער!

ארי האָט אָנגענומען קיטין פאַר אַ האַנט און זי גענומען פירן צו דער טיר.

— קומט — האָט ער געזאָגט צו איר — איך וויל אייך ווייזן דעם משק איידער עס ווערט פינצטער.

— צי זענט איר זאַט, פרוי פרעמאַנט? — האָט שרה געפרעגט.

— איך ווער אַזש צעפּלאַצט — האָט קיטי געענטפערט.

— און צי זענט איר צופרידן מיטן צימער?

— אַלץ איז אין אָרדענונג, פרוי בן־כנען.

— איר זאָלט אלזאָ, נישט בלייבן לאַנג אין דרויסן. דער אָוונטברויט וועט זיין פאַרטיק, ווען ירדנה וועט קומען פון גן־דפנה.

ווען אַרי און קיטי זענען אַרויסגעגאַנגען האָבן שרה און ברק זיך אָנגעקוקט.

— זי איז זייער אַ שיינע, אָבער צי פּאַסט זי פאַר אונזער ארין? — האָט שרה זיך אָנגערופן.

— אפשר וואָלסטו בעסער אויפגעהערט צו זיין אַ יידי־שע מאַמע? נאָר דו טראַכסט וועגן אַ שידוך פאַר אַרין. — האָט ברק געענטפערט.

— וואָס רעדסטו, ברק? האָסט דען נישט געזען ווי ער קוקט אויף איר? צי דען קענסטו נאָך נישט דיין אייגע־נעם זון?

ארי און קיטי זענען דורכגעגאַנגען דורך שרהס גאָרטן און זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ נידעריקן פּלויט. ארי האָט אָנגעשפּאַרט א פוס אויפן ברעט פון פּלויט און געווענדעט זיין בליק צו די פעלדער פון יד־אל. די וואַסער־שפּריצער האָבן זיך געדרייט, פאַרשפּרייטנדיק אַ פייכטע קילקייט

און די פּרדסים־בוימער האָבן זיך לייכט געשאָקלט פון דעם אָוונטיקן ווינטל. די לופט איז פול געווען מיטן ריח פון די ווינטער־רויזן, וואָס האָבן געבליט אין שרהס גאָרטן. קיטי האָט אָנגעקוקט אריִן ווי ער שטייט אַזוי און באַטראַכט זיינע פעלדער. צום ערשטן מאָל זינט זי האָט זיך באַקענט מיט ארי בן־כנען, האָט איר געשיינט, אַז ער איז אינער־לעך רואיק און אָנטשפּאַנט.

— דאָס זענען, ווייזט אויס, זייער זעלטענע מאָמענטן אין זיין לעבן — האָט קיטי געטראַכט.

— איך מיין, אַז דאָס דאָזיקע אָרט איז לגמרי נישט ענ־לעך צו אינדיאַנאַ — האָט ארי געזאָגט.

— דאָ איז אויך געגוג שיין — האָט קיטי געענטפערט.

— אייגנטלעך האָט איר נישט געדאַרפט אויסטריקענען קיין זומפּ, כדי דאָרטן אויפצושטעלן די שטאָט אינדיאַנאַ.

ארי האָט געוואָלט זאָגן אַ סך זאכן. ער וואָלט איר געגערן דערציילט, ווי ער האָט געבענקט צוריקצוקומען אהיים און צו באַאַרבעטן זיין באָדן. ער וואָלט געוואָלט, אַז זי זאָל פאַרשטיין וואָס דאָס באַדייט פאַר די יידן צו באַזיצן אייגענע ערד.

קיטי איז געשטאַנען אָנגעלענט אין פּלויט און האָט באַוואונדערט די דערגרייכונגען, וואָס זי האָט געזען אין יד־אל. זי האָט אויסגעזען זייער שיין. ארי האָט געהאַט חשק זי צו נעמען אין די אָרעמס, אָבער ער האָט עס נישט געטאָן און געשוויגן. ביידע זענען דערנאָך אַוועק לענגאויס דעם פּלויט ביז צו די הינער־שטייגן. ער האָט אויפגעעפנט דעם טויער. די אויבערשטע זאַווייעסע איז געווען צעבראָכן.

— מען דאַרף עס פאַריכטן — האָט ער געזאָגט. — אַ סך זאכן דאַרף מען רעמאָנטירן. איך געפין זיך שטענדיק

ווייט פון דער היים און ירדנה איז אויך קיינמאָל נישטאָ. מיין פאָטער מוז אָפּט אַרויספאָרן, כדי אָנטיילצונעמען אין קאָנפערענצן. איך האָב מורא, אַז דער גאַנצער מושב מוז זיך קימערן וועגן דער ווירטשאַפט פון דער משפחה בן־כנען. אָבער אַ געוויסן טאָג וועלן מיר אַלע ווידער זיך צונויפקומען אהיים, און דאַן וועט איר זען אַ זאַך, וואָס איז באמת ווערט צו זען.

פון לול זענען זיי אַוועק צום צריף, ווו עס זענען געשטאַנען די מאַשינען. ארי האָט מיט דער האַנט געוויזן אויף די בערג, וואָס האָבן זיך געפונען נעבן דער לבנונישער גרענעץ.

— פון דאַנען קאָנט איר זען גן־דפנה — האָט ער געזאָגט.

— דאָס זענען די ווייסע הייזער?

— ניין, דאָס איז אַן אַראַבישער דאָרף מיטן נאָמען נבי יושע. גן־דפנה ליגט רעכטס פון דאָרף. העכער אין די בערג.

— יאָ, איצט זע איך עס. דאָס אָרט ליגט באמת אין די וואָלקנס. און וואָס איז עס פאַר אַ געביידע וואָס געפינט זיך הינטערן דאָרף, אויפן שפּיץ באַרג?

— דאָס איז אַ בריטישע פּאָליציי־סטאַציע אויף דער גרענעץ. אָבער קומט ווייטער, איך וויל אייך נאָך עפּעס ווייזן.

זיי זענען געגאַנגען דורך די פעלדער און נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. די שטראַלן פון דער אונטערגייענדיקער זון האָבן מיט כישוף־פאַרבן באַדעקט די בערג־שפּיצן. צום סוף פון די פעלדער זענען זיי אָנגעקומען צו אַ קליין וועלדל און צו אַ טייכל, וועמענס וואַסערן עס האָבן געשטראָמט צו דער חולה־אָזיערע.

— וועגן דאָזיקן טייך זינגען די נעגערס אין אַמעריקע זייערע שיינע רעליגיעזע לידער.

— צי איז דאָס דער ירדן?

— יאָ.

ארי האָט זיך דערנעענטערט צו קיטין און ביידע האָבן זיך אָנגעקוקט מיט אַן ערנסטן בליק.

— צי געפעלט אייך דאָ? — האָט ער געפרעגט, — צי געפעלן אייך מיינע עלטערן?

קיטי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ. זי האָט געוואַרט אויף דעם, אַז ארי זאָל זי נעמען אין זיינע אָרעמס. ער האָט אַרויפגעלייגט זיינע הענט אויף אירע אַקסלען. פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ געשריי:

— ארי! ארי! ארי!

ער האָט זיך אויסגעדרייט און דערזען ווי אַ רייטער דערנעענטערט זיך אין גאַלאָפּ צו זיי.

— ירדנה! — האָט ארי אויסגערופן.

זי האָט פּאַרהאַלטן דאָס פערד האַרט נעבן זיי, האָט אויפגעהויבן די הענט אין דער הויך און איז אַראָפּגעשפּרונגען מיט אַ געשריי פון פערד. דער שפּרונג איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז זי איז געפאַלן צוזאַמען מיט ארין אויפן באָדן. ירדנה האָט באַדעקט זיין געזיכט מיט קושן.

— הער אויף! — האָט ער זיך געוועהרט.

— ארי, איך וועל דיך דערשטיקן צום טויט.

ירדנה האָט אים אָנגעהויבן צו קיצלען און ביידע האָבן זיך אָנגעהויבן צו קייקלען איבער דער ערד. צום סוף האָט ארי געמוזט צודריקן די שוועסטער צום באָדן, כדי זיך פון איר צו באַפרייען. קיטי איז די גאַנצע צייט געשטאַנען און אָבסערווירט די פריילעכע שפּיל פון ברודער און שוועס־

טער. דאַן האָט אָבער ירדנה פּלוצים באַמערקט, אַז עמע־
צער שטייט אין א זייט און זי איז געוואָרן ערנסט. ארי,
וועלכער האָט כמעט ווי פאַרגעסן וועגן קיטיס אַנוועזנהייט,
האָט געשמייכלט אין פאַרלעגנהייט און געבנדיק ירדנהן
די האַנט, האָט ער איר געהאָלפן אויפשטיין פון דער ערד.

— דאָס איז מיין שוועסטער. זי איז זייער אַ פילבאַרע.
איך האָב דעם איינדרוק, אַז זי האָט אַ טעות־געהאַט און
געמיינט, אַז איך בין דוד בן־עמי.

— האַלאָ, ירדנה, — האָט קיטי זיך אָפּגערופן. — מיר
שיינט, אַז איך קען אייך שוין זייער גוט. דוד האָט מיר
פיל דערציילט וועגן אייך.

— און איר זענט קאַטערינא פרעמאַנט. איך האָב שוין
געהערט וועגן אייך.

ביידע האָבן זיך געגעבן די הענט, אָבער די באַגריסונג
איז געווען זייער אַ קילע. קיטי האָט נישט געוווסט, וואָס
זי זאָל טראַכטן וועגן דעם. ירדנה האָט זיך שנעל אויסגע־
דרייט, האָט גענומען דאָס פערד ביים צוים און עס אָפּגע־
פירט צום שטאַל. ארי און קיטי זענען געגאַנגען הינטער
איר.

— צי האָסטו געזען דודן?

— ער איז איצט אין ירושלים. ער וועט דאָרטן זיין
עטלעכע טעג. ער האָט מיך געבעטן דיר איבערצוגעבן, אַז
ער וועט היינט אין אָוונט טעלעפאָנירן צו דיר. ער וועט
קומען אַהער סוף וואָך, אויב דו וועסט נישט קומען צו
אים קיין ירושלים.

— איך קאָן נישט איצט אַוועקפאָרן, ווייל מיר האָבן
באַקומען נייע קינדער אין גן־דפנה.

ארי האָט אַ ווונק־געטאָן צו קיטין.

— יאָ, דרך אגב, איך האָב געזען אבידן אין תל־אביב. ער האָט מיר עפּעס געזאָגט וועגן... איך געדענק נישט גענוי... יאָ, אַז דוד וועט אַריבערגעפירט ווערן קיין עין־אור.

הערנדיק דאָס האָט ירדנה זיך אויסגעדרייט אינגאַנצן צו אים. זי האָט אויפגעריסן אירע בלויע אויגן פון איבער־ראַשונג. עטלעכע רגעס האָט זי נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין וואָרט פון איר מויל.

— ארי, צי איז דאָס אמת? צי וויצלסטו זיך נישט?

ער האָט אַ צוק־געטאָן מיט די אַקסלען און זיך אָפּגע־רופן:

— טפּשה.

— איך האָב דיך פיינט! פאַרוואָס האָסטו עס מיר נישט פריער געזאָגט?

— איך האָב נישט געוווּסט, אַז דאָס איז אזוי וויכטיק פאַר דיר.

ירדנה האָט געהאַט בדעה זיך ווידער אַ וואָרף־צו־טאָן אויף ארין און אויפסניי זיך אָנהויבן ראַנגלען מיט אים, אָבער קיטיס אָנוועזנהייט האָט זי פאַרשיינלעך צוריקגע־האַלטן. זי האָט בלויז אַרויסגעמורמלט עטלעכע ווערטער:

— איך בין זייער גליקלעך.

קיטי איז ווידער אַמאָל געצוווּנגען געוואָרן צו עסן. זי האָט עס געמוזט טאָן, ווייל זי איז געווען איבערצייגט, אַז אין קעגנפאַל קאָן פּאַסירן אַן אינטערנאַציאָנאַלער אינ־צידענט. ווען זיי האָבן אָפּגעגעסן דעם אָוונטברויט, האָט שרה אַרויסגעצויגן לאַנגע טישן מיט שפּייז אויפן הויף פאַר די געסט, וואָס האָבן געדאַרפט קומען.

אין יענעם אָוונט זענען געקומען צו בן־כנען כמעט אלע

אײנװױנער פֿון ידאַל, כּדי צו באַגריסן אַרין. זײ האָבן אָבער אױך געװאָלט שטילן זײער נײַגער אין שײכות מיט קיטיס אַנקום. מען האָט געהערט אַ שטילן געפּליסטער אין העבּרעיִש. די אָרטיקע מענטשן, זײער פֿרײַנטלעכע, האָבן זיך באַמיט צו װײַזן קיטין, אַז זי איז אַן אָנגעלײגטער גאַסט. אַרי האָט דעם גאַנצן אָװנט זיך געפֿונען נעבן איר, כּדי זי צו פֿאַרטײדיקן פֿונעם האָגל פֿראַגן, װאָס האָט זיך אױף איר געשאָטן. גלײַכצײַטיק איז ער געװען אַנטציקט פֿון דער לײַכטקײט, מיט װעלכער זי האָט געענטפֿערט די מענטשן, װאָס האָבן זיך געדריקט צו איר פֿון אַלע זײַטן.

אין משך פֿון דאָזיקן אָװנט איז פֿאַר קיטין אױך קלאָר געװאָרן, אַז ירדנהס גלײַכגילטיקײט לגבּי איר איז געװאָרן נאָך דײַטלעכער. קיטי האָט אָפּגעפֿילט די פֿײַנטלעכקײט מצד ירדנהן, פֿון װעמענס פּנים מען האָט געקאָנט אַראָפּלײענען די מחשבה: „װאָס ביסטו פֿאַר אַ פֿרױ, דו, װאָס װילסט האָבן מײַן ברודער?"

דאָס איז טאַקע געװען דער געדאַנק, װאָס האָט נישט געלאָזט צורו ירדנה בן־כּנען. ירדנה איז געװען בײַ דער מײנונג, אַז קיטי זעט אױס פּונקט אַזױ װי אַלע לאַלקעפֿרױען, די װײַבער פֿון די ענגלישע אָפֿיצירן, װעלכע האָבן קײן אַנדער אַרבעט נישט, װי נאָר זיצן אין האָטעל „קינג דוד" בײַם טײ און טרײַבן רכילות.

עס איז שױן געװען גוט שפּעט, װען דער לעצטער גאַסט האָט פֿאַרלאָזן די װױנונג און אַרי און ברק האָבן ענדלעך געקאָנט בלײַבן אַלײן, כּדי אַרומצורײדן אַ רײ ענינים. דער עיקר האָבן זײ גערעדט װעגן זײער װירטשאַפֿט. טראָץ דער אָפּװעזנהײט פֿון אַרין, ירדנה און ברק זענען די ענינים געפֿירט געװאָרן װי עס געהער צו זײַן, װײַל די מיטגלידער

פון מושב האָבן געזאָרגט דערפאַר, אַז אַלע אַרבעטן זאָלן דורכגעפירט ווערן בעת דער אָפּוועזנהייט פון די בן־כנענס.

ברק האָט צווישן דעם הויפן גלעזער, שיסלען און טעלער געפונען אַ פלאַש מיט אַ ביסל קאָניאַק, וואָס איז איבער־געבליבן פון דער סעודה און אויסגעטרונקען מיט זיין זון צו גלעזלעך.

— אלזאָ, ווי זעט עס אויס מיט דער פרוי פרעמאנט? — האָט ברק געפרעגט. — מיר זענען אלע שטאַרק נייגעריק.

— עס טוט מיר לייד, אָבער איך מוז דיר אַנטוישן. זי איז געקומען קיין ארץ־ישראל צוליב א מיידעלע, וואס איז געבראַכט געוואָרן מיט „יציאת אייראָפּע". מיר איז באַקאַנט, אז זי וויל אדאפטירן דאָס מיידל. מירביידע זענען בלויז גוטע פריינד.

— און נישט מער?

— נישט מער.

— זי געפעלט מיר, ארי — האָט ברק געזאָגט. — זי גע־פעלט מיר זייער גוט, אָבער זי איז נישט קיין אונזעריקע. צי ביסטו געווען ביי אבידן אין תל־אביב?

— יאָ. איך וועל וואַרשיינלעך בלייבן ביי דער פלמ"ח־אנפירערשאפט אין עין־אור. ער וויל זיך באקענען מיטן זיכערהייטס־מצב אין יעדן ישוב.

— דאַס פרייט מיך. דו ביסט שוין אזוי לאַנג נישט געווען אין דערהיים, און די מאַמע וועט זיך שוין פרייען, וואָס זי קאָן זיך מיט דיר פאַרנעמען.

— און וואָס הערט זיך ביי דיר, פאטער?

ברק האָט זיך א גלעט געטאן איבער זיין רויטער באָרד און ווידער א זופּ־געטאן פון גלעזל קאָניאַק.

— אבידן האָט מיך געבעטן איך זאָל ארויספאָרן קיין לאָנדאָן אויף א קאָנפערענץ.

— איך האָב מיר פארגעשטעלט, אַז ער וועט עס בעטן ביי דיר — האָט ארי זיך אפגערופן.

— אונז בלייבט גאָרנישט איבער, ווי נאָר זיך אונטערצו־גאַרטלען מיט געדולד כדי צו דערגרייכן אַ פאָליטישן זיג. מיר זענען נישט בכוח זיך אַריינצולאָזן אין אַ מיליטערישער אַקציע מיט די ענגלענדער, און דעריבער וועל איך פאָרן קיין לאָנדאָן, כדי בייצושטייערן מיין באַשיידענעם בייטראַג. איך באדויער וואָס איך דאַרף דאָס דיר זאָגן. אָבער איך בין קעגן מיין ווילן געקומען צו דער איבערצייגונג, אז סוף־כל־סוף וועלן די ענגלענדער אונז פאַראַטן און פארקויפן.

ארי איז אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט און אָנגעהויבן נערוועז צו שפּאַנען איבערן צימער. עס האָט אים כמעט וויי געטאָן דער פאַקט, וואָס אבידן האָט נישט אַרויפגעלייגט אויף אים קיין אנדער אויפגאבע. ער האָט טאָג און נאכט געאַרבעט, כדי אויסצופירן אַ באַשטימטע שליחות און ער האָט זייער ווייניק צייט געהאַט, כדי נאכצוטראכטן איבער דער דראָענדיקער סיטואַציע, וואָס האָט זיך געשאפן אין ארץ־ישראל.

— הער, ארי, איך האַלט, אַז דו דאַרפסט אַריבערגיין קיין נבי יושע און זיך זען מיט טאהא, — האָט ברק געזאָגט.

— איך האָב זיך שוין געוווּנדערט, וואָס ער איז נישט געקומען צו אונז. צי איז עפּעס נישט אין אָרדענונג ?

— אויף אַזוי פיל, אויף וויפל אלץ אין לאַנד איז נישט אין אָרדענונג — האָט ברק געזאָגט. — צוואַנציק יאָר האָבן מיר געלעבט בשלום מיט די מענטשן פון נבי יושע. קאמאל איז לאנגע יאָרן געווען מיין פריינט. און איצט... האָבן זיך די

באַציאונגען אָפּגעקילט. מיר קענען אַלע דאָרטיקע מענטשן מיט זייערע נעמען, מיר האָבן באזוכט זייערע הייזער, און זיי האָבן זיך געלערנט אין אונזערע שולן. מיר האָבן דורכגעפירט געמיינזאמע חתונות. ארי, זיי זענען אונזערע פריינד. איך ווייס נישט, וואָס עס האָט פּאַסירט, אָבער יעדנפאַלס מוז מען די זאַך אויפקלערן.

— איך וועל מאָרגן ריידן מיט אים, ווען איך וועל אָפּפירן מיסיס פרעמאָנט קיין גן־דפנה.

ארי האָט זיך אָנגעלענט אין ביכער־שראַנק, אין וועלכן עס זענען געשטאַנען די ווערק פון די העברעישע, ענגלישע, פראַנצויזישע, דייטשע און רוסישע קלאַסיקער. ער האָט מיט א פינגער א פיר־געטאָן איבער די רוקנס פון די ביכער, האָט זיך א רגע געקווענקלט און דאן האָט ער זיך פּלוצים אויסגעדרייט צום פאָטער.

— איך האָב זיך געזען אין ירושלים מיט עקיבאן.

ברק איז געבליבן ווי פאַרשטיינט. ער האָט אָנגעהויבן עפּעס צו מורמלען, אָבער ער האָט גלייך אונטערדריקט די פראַגע וועגן געזונט פון זיין ברודער.

— לאָמיר נישט ריידן וועג אים אין מיין הויז — האָט ער שטיל זיך אָפּגערופן.

— ער איז אַלט געוואָרן, פאָטער. ער וועט שוין לאַנג נישט לעבן. ער האָט מיך געבעטן, אז דו זאָלסט אין נאָמען פון אייער פאָטער, שלום־מאַכן מיט אים.

— איך וויל נישט הערן וועגן דעם! — האָט ברק אויסגערופן מיט א ציטערנדיקער שטימע.

— צי איז פּופּצן יאָר שווייגן נישט גענוג? — האָט ארי געפרעגט.

ברק איז אויפגעשטאַנען אין זיין גאַנצער הויך און אַרייג־געקוקט זיין זון אין די אויגן.

— ער האָט געזייט מחלוקת צווישן יידן און יידן — האָט ער געזאָגט. — איצט דערפירן די „מכבים" צו א מחלוקה צווישן די אַראַבער פון נבי יושע און אונז. זאָל אים גאָט מוחל־זיין. אָבער איך קאָן אים נישט מוחל־זיין. קיינמאָל נישט...

— איך בעט דיך, פאָטער, הער אויס!...

— א גוטע נאַכט, ארי! — האָט ברק געזאגט און איז ארויס פון צימער.

צומאָרגנס האָט קיטי זיך געזעגנט מיט דער משפחה בן־כנען און ארי האָט זי אַוועקגעפירט פון יד־אל דורך די בערג קיין גן־דפנה. אין נבי יושע האָט ארי זיך פאַרהאַלטן א ווײַלע, כדי זיך צו טרעפן מיט טאהא און אים זאָגן, אז אין אַ שעה אַרום וועט ער זיך צוריקקערן, כדי מיט אים זיך דורכצושמועסן.

ווען זיי האָבן פאַרלאָזן נבי יושע איז ביי קיטין אַלץ שטארקער געשטיגן דער פארלאנג זיך צו זען מיט קארען. גלייכצייטיק אָבער האָט זי מורא־באקומען פאַר דעם, וואָס איר דערוואַרט אין גן־דפנה. צו איז ירדנה בן־כנען געווען נאר אן אייפערזיכטיקע שוועסטער, אדער זי געהערט צו יענע מענטשן, וואָס זענען פיינטלעך געשטימט לגבי פרעמדע? האריעט זאלצמאן האט איר געווארנט און געזאגט, אַז זי איז אין ארץ־ישראל אַ פרעמדע און זי האָט דאָ נישט וואָס צו זוכן. אַלץ האָט געשיינט אונטערצושטרייכן די דאָזיקע פרעמדקייט. דער געדאנק וועגן ירדנה האָט באאומרואיקט קיטין. זי האָט זיך באַמיט צו זיין פריינטלעך לגבי אַלע מענטשן, אָבער אפשר איז דאָך אין איר געווען עפּעס אַזאַ

שייד־ליניע וואָס האָט נישט דערלויבט צו א דערנענטערונג.

— איך בין דאָס, וואָס איך בין — האָט קיטי געטראַכט. — און איך שטאַם פון אַן אָרט, וווּ מענטשן ווערן אָפּגעשאַצט לויט זייער ווערט.

זיי זענען געפאָרן דורך דער איינזאַמקייט פון דער באַר־גיקער לאַנדשאַפט. קיטי האָט זיך געפילט איינזאַם און פאַרלאָזן.

— איך וועל גלייך מוזן צוריקפאָרן — האָט ארי זיך אָפּגערופן.

— צי וועלן מיר זיך טרעפן ביי א געלעגנהייט?

— פון צייט צו צייט. צי ווילט איר זיך זען מיט מיר, קיטי?

— יא.

— דאַן וועל איך זיך באַמיען מיר זאָלן זיך טרעפן.

דער אויטאָ האָט זיך אַריינגעדרייט אין אַ באַרג־דורכ־גאַנג און פאַר זייערע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט דאָס פלאַ־כע שטיק באָדן, אויף וועלכן עס האָט זיך געפונען גן־דפנה. ד״ר ליבערמאַן, דער יוגנט־אָרקעסטער, די אָנגע־שטעלטע און די פופציק קינדער פון „יציאת אייראָפּע״ זע־נען געשטאַנען נעבן דענקמאָל אויף דער גרינער לאָנקע.

קיטי פּרעמאַנט איז באַגריסט געוואָרן מיט אַ האַרציקער און ספּאָנטאַנער פרייד. קארען איז צוגעלאָפן צו איר, האָט זי אַרומגענומען און איבערגעגעבן אַ בוקעט רויזן. דאַן איז קיטי אַרומגערינגלט געוואָרן דורך אלע אירע „קינדער״ פון דער שיף. זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און א קוק

געטאָן הינטער זיך, אָבער זי האָט בלויז באַוויזן צו זען, ווי ארי פאַרשווינדט מיטן אויטאָ הינטער די בערג.

ווען דער קבלת־פּנים האָט זיך פאַרענדיקט האָבן ד״ר ליבערמאַן און קאַרען אַוועקגעפירט קיטין דורך אַ קליינער סטעזשקע צום פּלאַץ, ווו עס זענען געשטאַנען די קליינע הייזלעך, אין וועלכע עס האָט געוווינט דער פּערסאָנאַל. זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן אומגעפער אין מיטן וועג בעבן אַ ווייס הייזל, וואָס האָט זיך געטונקט אין אַ ים פון בלומען.

קאַרען איז פאַרויסגעלאָפן, האָט אויפגעמאַכט די טיר און געוואַרט ביז קיטי וועט אַריינקומען אינעווייניק. די קליינע צימערן זענען געווען פּשוט מעבלירט, אָבער זייער געשמאַקפול. די פאָרהאַנגען זענען געווען געמאַכט פון דיקן גגב־לייוונט. מיטן זעלבן שטאָף זענען אויך געווען אויס־געבעט די שטולן און די קאַנאַפּע. אומעטום זענען געשטאַ־נען וואַזאַנען מיט פריש־אָנגעשניטענע בלומען. לענג־אויס דער וואַנט האָט זיך געצויגן אַ טראַנספּאַרענט מיטן אויפ־שריפט „שלום קיטי״. דאָס האָבן אויפגעהאָנגען די קינדער פון דער שיף „יציאת אייראָפּע״.

קאַרען איז צוגעלאָפן צום פענצטער און פאַנאַנדערגע־צויגן די פאָרהאַנגען. פון דאַנען האָט מען געקאָנט זען די וווּנדערשיינע לאַנדשאַפט, וואָס איז געלעגן נידעריק אין טאָל, אויף אַ מרחק פון זעקס הונדערט מעטער. אין הויז האָבן זיך געפונען אַ האָל, אַ קליין צימערל, א קיך און א באָד־צימער. אַלץ איז געווען וווּנדערשיין און איינגעאָרדנט מיט אַ סך ליבע און פּיעטעט. קיטי איז געווען גערירט.

— איצט גיי — האָט ד״ר ליבערמאַן זיך אָפּגערופן צו קאַרען. — וועסט נאָך האָבן גענוג צייט צו זען שפּעטער די פרוי פּרעמאַנט.

— שלום, קיטי! — האָט קאַרען אויסגעשריען.

— שלום, טייערע!

— ווי געפעלט אייך דאָס אָרט? — האָט ד״ר ליבערמאַן געפרעגט קיטין, ווען זיי זענען געבליבן אַליין.

— איך גלויב, אַז איך וועל זיך דאָ פילן זייער גוט, — האָט קיטי געענטפערט.

ד״ר ליבערמאַן האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן עק פון דער קאַנאַפּע.

— ווען די קינדער פון „יציאת איראָפּע״ האָבן גע־הערט, אַז איר דאַרפט קומען, האָבן זיי טאָג און נאַכט געאַרבעט. זיי האָבן דאָס הויז אויסגעמאָלט אויף פריש, זיי האָבן געניייט די פאָרהאַנגען, געפלאַנצט בלומען. אַלע בלו־מען פון גן־דפנה געפינען זיך איצט נעבן אייער וווינונג. זיי האָבן זיך גוט אָנגעאַרבעט, ווייל זיי האָבן אייך ליב.

— איך ווייס באמת נישט, מיט וואָס איך האָב זיך עס פאַרדינט. — האָט קיטי טיף גערירט זיך אָפּגערופן.

— קינדער פילן אינסטינקטיוו ווער עס האָט זיי ליב. צי האָט איר חשק אָנצוקוקן איצט גן־דפנה?

— יאָ, זייער גערן.

צוזאַמען מיט ד״ר ליבערמאַן, פון וועמען זי איז געווען העכער מיט אַ קאָפּ, איז קיטי אַוועק אין דער אַדמיניסטראַציע פון קינדער־דאָרף. ער איז געגאַנגען מיט פאַרלייגטע הענט אויפן רוקן. פון צייט צו צייט האָט ער זיך געטאַפּט איבער די קעשענעס, זוכנדיק א שוועבעלע, כדי אָנצוצינדן די לולקע.

— איך בין געקומען אַהער פון דייטשלאַנד אין יאָר 1933 — האָט ער געזאָגט. — פאַר מיר איז געווען זייער קלאָר, וואָס עס דערוואַרט אונז. מיין פרוי איז געשטאָרבן קורץ נאָכדעם, ווי מיר זענען געקומען אַהער. איך בין געווען פּראָפעסאָר פאַר קלאַסישער פילאָלאָגיע אויפן ירו־שלימער אוניווערסיטעט, ביז אַ געוויסן טאָג, אין יאָר 1940, האָט האַריעט זאַלצמאַן מיך געפרעגט, צי איך האָב נישט אַמאָל קיין חשק צו גרינדן אַ יוגנט־דאָרף. דאָס איז געווען אייגנטלעך געווען דאָס זעלבע, וואָס איך האָב געוואָלט טאָן זינט יאָרן. דער גאַנצער באָדן איז אונז געשאָנקען געוואָרן דורכן פאַרשטאָרבענעם מוכטאַר פון נבי יושע. זייער אַן אָרנטלעכער מענטש געווען... איבעריקנס, צי האָט איר נישט אַמאָל ביי זיך אַ שוועבעלע?

— ליידער, ניין.

— שאדט נישט. איך רויכער אַזוי אויך צופיל.

זיי זענען אָנגעקומען צו דער גרינער לאָנקע, וואָס האָט זיך געפונען אין מיטן דאָרף. פון דאַנען האָט מען צום בעסטן געקאָנט זען דעם גאַנצן חולה־טאָל.

— אונזערע פעלדער ליגן אונטן אין טאָל. דער באָדן איז אונז צוגעטיילט געוואָרן דורכן מושב יד־אל.

זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן נעבן דענקמאָל.

— דאָס איז דפנה. זי שטאַמט פון יד־אל און איז געפאַלן אין שלאַכט אַלס מיטגליד פון „הגנה". ארי בן־כנען האָט זי זייער ליב געהאַט. דאָס דאָרף איז אָנגערופן געוואָרן אויף איר נאָמען.

קיטי האָט געפילט, ווי איר האַרץ ווערט פול מיט איי־פערזוכט. אפילו אַלס סטאַטוע איז דפנה געווען איר קאָנ־קורענטין. איר בראָנזענע פיגור איז געווען פון דער זעלבער

האַרטקייט, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר ירדנה בן־כנען און פאַר די איבעריקע דאָרפישע מיידלעך, וואָס זענען פאַריקע נאַכט געווען צוגאַסט ביי די בן־כנענס.

ד״ר ליבערמאַן האָט אָנגענומען קיטין פאַרן אָרעם און זי אַוועקגעפירט ווייטער.

— מיר זענען פון אַלע זייטן דאָ אַרומגערינגלט מיט שטיקער געשיכטע — האָט ער געזאָגט. — פון יענער זייט טאָל געפינט זיך דער באַרג חרמון... מען וואָלט געקאָנט דערציילן וועגן דעם שעהן־לאַנג... די ערטער דאָ זענען אָנגעזאַפּט מיט רומפולער פאַרגאַנגענהייט... די יידן האָבן אין ארץ־ישראל געשאפן אַ מאָדנע קולטור. אויף דער גאַנצער וועלט איז די קולטור פון די פעלקער געבוירן געוואָרן אין די גרויסע שטעט. דאַקעגן דאָ האָט פאַסירט דאָס פאַרקערטע. די צוגעבונדנקייט פון יידישן פאָלק צום באָדן איז אַן אויסערגעוויינלעך־שטאַרקע און דאָ שטעקט דער מקור פון אונזערע מעשים ווידעראויפצולעבן דאָס היימלאַנד. דער גייסט פון אונזערע לידער און פון אונזער מוזיק, דער גייסט פון אונזער קונסט און פון אונזערע געלערנטע, דער מוט פון אונזערע זעלנער — דאָס אַלץ שטאַמט פון קיבוץ און מושב. צי זעט איר די קליינע הייזלעך, אין וועלכע עס וווינען די קינדער?

— יאָ.

— אַלע פענצטער פון די צימערן זענען געווענדעט צו די פעלדער פון עמק, כדי זיי זאָלן שטענדיק זען די פעלדער, וועלכע זיי באַאַרבעטן. אַ העלפט פון די לימודים איז געווידמעט דער לאַנדווירטשאַפט. פון אונזער דאָרף זענען שוין אַרויס יונגטלעכע, וועלכע האָבן אַליין געשאפן פיר קיבוצים. אלץ, וואָס מיר דאַרפן האָבן צום עסן, סיי

פֿאַר זיך און סיי פֿאַר די בהמות, פּראָדוצירן מיר אַליין. מיר האָבן אַ מילכיקעריי, עופֿות און שאָף. מיר וועבן אפֿילו אַ טייל פֿון די שטאָפֿן פֿאַר אונזערע בגדים. מיר אַרבעטן אַליין אויס אונזערע מעבל און רעמאָנטירן די לאַנדווירט־שאַפֿטלעכע מאַשינען אין אונזערע אייגענע וואַרשטאַטן. די דאָזיקע אַלע אַרבעטן ווערן אויסגעפֿירט דורך די קינ־דער. זיי האָבן אַן אייגענע זעלבסטפֿאַרוואַלטונג און זיי פֿירן די ענינים זייער גוט.

זיי זענען אָנגעקומען צו דער צווייטער זייט פֿון לאָנקע. דירעקט הינטער די געביידעס האָט זיך דער שיינער גראָז־טעפּיך איבערגעריסן. אַ לאַנגער שוץ־גראָבן האָט זיך געצויגן לענגאויס דעם גאַנצן יוגנט־דאָרף. ווען קיטי האָט זיך אַרומגעקוקט האָט זי געזען נאָך אַזעלכע שוץ־גראָבנס און בונקערס.

— דאָס אַלץ זעט נישט אויס אַזוי שיין — האָט ד"ר ליבערמאַן זיך אָנגערופֿן — איך האָב מורא, אַז דאָס וועט מוזן בלייבן ביז מיר וועלן דערגרייכן אונדזער אומאָפּ־הענגיקייט און מיר וועלן קאָנען שטיצן אונדזער עקזיסטענץ אויף זאַכן, וואָס זענען אַ סך מענטשלעכער, ווי וואָפֿן.

אַרי איז געשטאַנען אין הויכן וווין־צימער פֿון יונגן טאַהאַ, דער מוכטאַר פֿון דאָרף נבי יושע. דער אַראַבער, וועלכער איז לאַנגע יאָרן געווען אַריס פֿריינט, איז געזעסן און געגעסן פּרוכטן, נאָכפֿאָלגנדיק ווי אַרי שפּאַנט נערוועז הין און צוריק איבערן צימער.

— אויף די לאָנדאָנער קאָנפֿערענצן ווערט גערעדט אַ סך צביעות — האָט אַרי געזאָגט. — איך האַלט אָבער, אַז מיר קאָנען ריידן איינער מיטן אַנדערן אויפֿריכטיק.

טאַהאַ האָט אַ וואָרף־געטאָן די פּרוכט, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט.

— ווי אַזוי קאָן איך דיר דאָס אויפקלערן, אַרי? מען איבט אויס אַ דרוק אויף מיר, אָבער איך האָב זיך נישט געלאָזט באַאיינפלוסן.

— דו דאַרפסט זיך נישט לאָזן באַאיינפלוסן? — האָט אַרי געפרעגט. — טאַהאַ, דו רעדסט דאָך מיט מיר!

— די צייטן האָבן זיך געענדערט.

— וואָרט אַ ווײַלע. אונזערע מענטשן האָבן געלעבט בשלום די גאַנצע צייט. דו ביסט געגאַנגען אין דער שולע פון יד־אל. האָסט געוווינט ביי אונז אין שטוב און האָסט זיך געפונען אונטערן שוץ פון מיין פאָטער.

— יאָ, דאָס איז אמת. איך פאַרדאַנק אייך, וואָס איך בין געבליבן לעבן. אָבער איר באַוואָפנט זיך. צי איז נישט דערלויבט אויך אונז זיך צו באַוואָפענען? אָדער האָט איר אפשר נישט קיין צוטרוי צו אונז, ווען מיר פאַרמאָגן ביקסן? מיר האָבן געהאַט צו אייך צוטרוי.

— וואָס איז אייגנטלעך מיט דיר געשען? — האָט אַרי אויסגערופן מיט כעס.

— איך האָף, אַז עס וועט קיינמאָל נישט קומען דער טאָג, ווען מיר וועלן זיין געצוווּנגען צו קעמפן איינער קעגן אַנדערן. אָבער דו ווייסט דאָך, אַז דער מצב פון „זיץ און וואַרט” איז אונז איבערגעבליבן פון דער פאַרגאַנגענהייט.

— אַלזאָ, גוט — האָט אַרי געזאָגט. — איך וועל דיר נאָך אַמאָל דערמאָנען וועגן דער פאַרגאַנגענהייט. די נייע הייזער אין דיין דאָרף זענען דורך אונז פּלאַנירט און אויסגעבויט געוואָרן. אייערע קינדער לייענען און שרייבן אַדאַנק אונז. אַדאַנק אונז האָט איר קאַנאַליזאַציע און אייערע

קינדער שטאַרבן שוין נישט מער פון עפּידעמיעס. מיר האָבן אייך אויסגעלערנט צו באַאַרבעטן דעם באָדן ווי עס געהער צו זיין, און ווי מען פירט אַ מענטשלעך לעבן. מיר האָבן אייך געבראַכט אַזעלכע זאַכן, וועלכע דיינע פאָלקס־ברידער וואָלטן דיר נישט געגעבן אין משך פון טויזנט יאָר. דיין פאָטער האָט געוווּסט וועגן דעם און ער האָט געהאַט גענוג מוט צו דערקלערן, אַז דער ערגסטער שונא און אויסנוצער פון די אַראַבער, איז דער אַראַבער גופא. ער איז געשטאָרבן, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז דאָס איז לטובת זיין פאָלק צו לעבן פריינטלעך מיט די יידן.

טאַהאַ איז אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט.

— צי קאָנסטו מיר גאַראַנטירן, אַז די „מכבים" וועלן נישט קומען היינטיקע נאַכט קיין נבי יושע און אונז אויסמאָרדן ?

— דו ווייסט אַזוי גוט ווי איך, — האָט ארי זיך אָפּגערופן — אַז איך קאָן דאָס דיר נישט גאַראַנטירן. אָבער דו ווייסט גענוי ווי איך, אַז די „מכבים" רעפּרעזענטירן נישט דעם גאַנצן יידישן ישוב, פּונקט ווי דער מופטי רעפּרעזענטירט נישט אַלע אַראַבער.

— איך וועל קיינמאָל נישט אויפהויבן מיין האַנט קעגן יד־אל, ארי. — האָט טאַהאַ געזאָגט. — איך פאַרזיכער דיר דאָס.

אַרי האָט פאַרלאָזן זיין אַראַבישן פריינט מיט דער איבערצייגונג, אַז טאַהאַ מיינט ערנסט מיט זיינע רייד, אָבער דער דאָזיקער טאַהאַ איז נישט געווען אַזוי מוטיק ווי זיין פאָטער קאמאל. טראָץ דעם, וואָס זיי האָבן איינע די אַנדערע פאַרזיכערט וועגן שלום, האָט זיך דאָך געשאַפן אַ תהום צווישן יד־אל און נבי יושע, פּונקט אַזוי ווי עס

האָט זיך געשאַפֿן אַ מחיצה צווישן אַלע אַנדערע אַראַבישע און יידישע ישובים אין ארץ־ישראל, וועלכע האָבן ביז איצט געלעבט צווישן זיך בשלום.

טאַהאַ האָט נאָכגעקוקט זיין פריינט, וועלכער איז פאַרשווונדן הינטערן מעטשעט פון דאָרף. ער איז לאַנג געשטאַנען און נאָכגעטראַכט. פון טאָג צו טאָג איז אַלץ שטאַרקער געוואָרן דער דרוק אויף אים און אפילו אין זיין אייגענעם דאָרף האָבן זיך גענומען הערן אומצופרידענע שטימען. מען האָט אים קלאָר געזאָגט, אַז ער איז אַן אַראַבער און מוסולמענער, און ער מוז קלאָר און איינדייטיק זיך אַרויסזאָגן אויף וועמענס צד ער שטייט. אָבער וואָס זאָל ער טאָן? ווי אַזוי קאָן ער אַרויסטרעטן קעגן ארי און ברק בן־כנען? און אויב אַזוי, ווי וועט ער קאָנען איינ־שטילן די פאָדערונגען פון די אַרומיקע אַראַבער? צי איז עס בלויז אַן אילוזיע, אַז ער איז אַריס ברודער? די דאָזיקע פראַגע האָט אים אָן אויפהער געמאַטערט. פון זיין פריסטער יוגנט האָט דער פאָטער אים געלערנט און צוגעגרייט אָנצופירן מיטן דאָרף. ער האָט געוווסט, אַז די יידן האָבן געבויט די גרויסע שטעט, האָבן פאַרלייגט שאָסייען, האָבן געגרינדעט שולן, האָבן באַאַרבעט דעם באָדן און האָבן געשאַפֿן אַ סך קולטורעלע ווערטן. אָבער, צי האָט ער, אַלס אַראַבער, גלייכע רעכט צו די דאָזיקע אַלע ווערטן? אָדער אפשר איז ער בלויז אַ בירגער פון צווייטער מדרגה אין זיין אייגענעם לאַנד און לעבט בלויז אין שאָטן פון יידישן אויפבוי־ווערק?

וואָס אַן אמת האָט ער געהאַט נוצן פון די יידן. די איינוווינער פון זיין דאָרף האָבן אַ סך געגאָסן דורך דעם, וואָס זיין פאָטער האָט פאַרשטאַנען, אַז מיט דער הילף

פון די יידן וועלן זיי קאָנען פאַרבעסערן זייער מצב אַ סך שנעלער, ווי זיי וואָלטן דאָס געטאָן אַליין. אָבער צי איז ער אַ שותּף צו דעם? איז די גלייכבאַרעכטיקונג, וואָס איז אים דערטיילט געוואָרן איז אַ ממשותדיקע זאַך אָדער בלויז אַ פּוסטע פראַזע?

צי איז ער געהאַלטן געוואָרן אַלס אמתער ברודער פון אַרי בן־כנען, אָדער מען האָט אים בלויז טאָלערירט? די דאָזיקע פראַגע האָט זיך טאַהאַ געשטעלט יעדן טאָג און יעדעס מאָל איז דער ענטפער געווען פאַר אים אַלץ אומקלאָרער. און וואָס איז מיט דער גלייכהייט, וועגן וועלכער די יידן פריידיקן? צי קאָן ער, אַלס אַראַבער, אָפן דערקלערן, אַז אין טיפן האַרצן ליבט ער ירדנה בן־כנען? ער האָט זיך אין איר פאַרליבט, ווען זי איז נאָך געווען אַ דרייצן־יאָריק מיידל און ער האָט געלעבט אין הויז פון ברק בן־כנען. ווי ווייט גרייכט די דאָזיקע גלייכבאַ־רעכטיקונג? צי וועט מען אים און ירדנה אויפנעמען ווען עס איז אַלס מאַן און פרוי? צי וועלן אַלע איינוווינער פון מושב, וואָס ריידן וועגן דעמאָקראַטיע, קומען צו זייער חתונה? און וואָס וועט געשען, אויב טאַהאַ וועט זאָגן אָפן ירדנה, אַז ער האָט זי ליב? פאַרשטייט זיך, אַז זי וועט אים אַנשפייען אין פּנים.

אינערלעך האָט טאַהאַ געליטן פון אַ מינדערווערטי־קייטס־קאָמפּלעקס. דער דאָזיקער קאָמפּלעקס האָט אים צעפרעסן נישט געקוקט אויף דעם, וואָס דער אונטערשייד צווישן אים און אַ ייד איז געווען אַ סך קלענער, ווי דער אונטערשייד צווישן אַן עפענדי און אַן אונטערדריקטן פעלאַך.

ער וואָלט קיינמאָל נישט געפועלט ביי זיך אויפצו־

הויבן א האַנט אויף אַרײַן און קיינמאָל וועט ער נישט געפינען אַזוי פיל מוט צו אַנטפּלעקן זיין ליבע פאַר ירדנה. ער וואָלט עס קיינמאָל נישט געטאָן, אָבער גלייכצייטיק האָט ער נישט געקאָנט באַהערשן דעם כוח, וואָס האָט אים געפּליסטערט אָן אויפהער אין די אויערן, אַז ער איז אַן אַראָבער און דאַרף פיינט האָבן די יידן, אַז ער דאַרף קעמפן קעגן זיי, סיי ווען ער איז גערעכט און סיי ווען ער איז אומגערעכט.

## קאַפּיטל 4

ד״ר ערנסט ליבערמאַן, דער דאָזיקער קליינער מאַן מיט דער איינגעהויקערטער פּלייצע, האָט זיין טיפע מענטשן־ליבע פאַרוואַנדלט איןווירקלעכקייט דורכן אויפשטעלן דאָס יוגנט־דאָרף גן־דפנה. די אַטמאָספער אין דאָזיקן ישוב איז שטענדיק געווען ווי אויף אַן אורלויב־לאַגער. די קינדער האָבן אין זייערע מעשים גענאָסן פון פולער פרייהייט. די לימודים זענען פאָרגעקומען אונטערן פרייען הימל. די יינגלעך און מיידלעך, אַלע אָנגעטאָן אין קורצע הויזן, זענען געלעגן אויפן גראָז און האָבן זיך געלערנט אויפן שויס פון דער נאַטור.

די קינדער פון ד״ר ליבערמאַנס דאָרף האָבן געשטאַמט פון די אָפּגעשטאַנענסטע ערטער, פון די געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן. פונדעסטוועגן איז די דיסציפּלין געווען אַ מוסטערהאַפטע. עס איז נישט געווען אַזאַ פאַל ווי אומגעהאָרכזאַמקייט, גניבה אָדער סעקסועלע שוועריקייטן. גן־דפנה איז פאַר די דאָזיקע קינדער געווען אַלץ אין דער וועלט און אַלס ענטפער אויף דער ליבע, פון וועלכער זיי האָבן דאָ גענאָסן, האָבן זיי זיך פאַרהאַלטן מיט שטאָלצער ווירדע.

די קינדער האָבן זיך דאָרטן געלערנט זייער אַ סך זאַכן און עס איז זיך געווען שווער פאָרצושטעלן, אַז די מיטגלידער פון דער דאָזיקער „אַקאַדעמיע״ זענען קינדער אין עלטער ביז פערצן יאָר. אין דער ביבליאָטעק האָבן

זיך געפונען ביכער פון אַלע פילאָזאָפן. קיין איין בוך איז נישט פאַרבאָטן געוואָרן. די קינדער, לגמרי נישט לויט זייער עלטער, זענען געווען געבנוג רייף פּאָליטיש.

דער עיקר־פּרינציפּ, וואָס איז פאַרפלאַנצט געוואָרן אין די הערצער פון די קינדער איז געווען, אַז זייער לעבן האָט אַ זין און אַ ציל. דער לערער־פּערסאָנאַל פון גן־דפנה האָט געשטאַמט פון צוויי און צוואַנציק פאַרשיידענע לענדער. קיטי איז געווען די איינציקע נישט־יידישע פרוי און די איינציקע אַמעריקאַנערין. מען איז געווען צו איר אַ ביסל צוריקגעהאַלטן, אָבער מען האָט זיך באַצויגן צו איר מיט ליבע.

אירע פאָרבאַהאַלטן, אַז זי וועט זיך דאָ אָנשטויסן אויף שנאה, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר אומבאַרעכטיקט. די קולטורעלע אַטמאָספער, וואָס האָט דאָ געהערשט, האָט געגעבן גן־דפנה דעם כאַראַקטער פון עפּעס אַן אוניווערסיטעט, און נישט פון קיין יתומים־דאָרף. קיטי איז אויפגענומען געוואָרן מיט פריינטשאַפט, ווי אַ מיטגליד פון דערציער־פּערסאָנאַל, וועמענס איינציקע זאָרג עס איז געווען דאָס וווּל פון די קינדער. זי האָט זיך באַפריינדעט מיט אַ סך פון די לערער און האָט זיך אַקלימאַטיזירט. אויך דאָס פּראָבלעם, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ יידישן דאָרף, האָט זיך אַרויסגעשטעלט פאַר נישט אַזוי שווער, ווי זי האָט פריער געמיינט. דאָס יידישקייט אין גן־דפנה האָט זיך געשטיצט מער אויף אַן עקסטרעמען נאַציאָנאַליזם, ווי אויף אַ רעליגיעזער באַזע. די קינדער האָבן דאָ נישט באַקומען קיין אָפיציעלע רעליגיעזע דערציאונג און אין גן־דפנה איז אפילו נישט געווען קיין בית־הכנסת.

טראָץ די ידיעות וועגן די געוואַלט־טאַטן און בלוטיקע

צוזאַמענשטויסן, וואָס זענען אַלץ אָפטער פאָרגעקומען אין ארץ־ישראל, איז די מענטשן פון גן־דפנה געלונגען צו פאַרמיידן פון די קינדער געפילן פון שפּאַנונג און שרעק. לויט זיין געאָגראַפישן מצב איז דאָס דאָרף געווען אָפּגע־זונדערט און האָט געקאָנט דינען ווי אַן אויסנאַם אין דער דעמאָלטיקער ארץ־ישראלדיקער ווירקלעכקייט. טראָץ דעם, איז גן־דפנה דאָך נישט פריי געווען פון סכנות. די גרענעץ האָט זיך געפונען נישט ווייט פון דאָרף און פאַר די אויגן פון די דאָרטיקע איינוווינער האָט זיך שטענדיק געפונען די טאָגערט־באַפעסטיקונג. און פונקט ווי אין אַנדערע ישובים, איז אויך דאָ געשטאַנען אַלץ אונטערן צייכן פון שוץ־גראָבנס, בונקערס, געווער און מיליטערישער אויס־איבונג.

די אַמבולאַטאָריע איז אויפגעשטעלט געוואָרן צווישן די בנינים אין וועלכע עס האָט זיך געפונען די לייטונג, ביים ראַנד פון דער גרינער לאָנקע. אין בנין האָט זיך אויך געפונען אַ קליניק און שפּיטאָל, וואָס איז געווען אויסגעשטאַט מיט אַלע נויטיקע איינריכטונגען און מיט אַן אָפּעראַציע־זאַל. דער דאָקטאָר איז געווען בשותפותדיק פאַר יד־אל און גן־דפנה און ער האָט יעדן טאָג באַזוכט דאָס יוגנט־דאָרף. חוץ דעם האָט זיך דאָרטן אויך געפונען אַ דענטיסט און פיר שוועסטער, וואָס האָבן געהאָלפן קיטין, ווי אויך אַ פסיכיאַטאָר.

קיטי האָט געפירט די קליניק און דעם שפּיטאָל מיט אַן אויסערגעוויינלעכער עפעקטיווקייט. זי האָט דורכגעפירט אַ פולשטענדיקע רעאָרגאַניזאַציע פון דער אַרבעט און פעסטגעשטעלט באַשטימטע אויפנאַם־שעהן. זי האָט זיך פאַרשאַפט דורך איר אַרבעט אַזאַ אָנזען, אַז אין גן־דפנה

האָט מען מיט פאַרוווּנדערונג געשאָקלט מיט די קעפּ. זי האָט געזאָרגט פאַר דער געהעריקער דיסטאַנץ צווישן איר און די קראַנקן־שוועסטער. זי האָט אָפּגעוואָרפן די נישט אָפיציעלקייט, וועלכע האָט געהערשט אין די באַציאונגען צווישן די לערער. דאָס אַלץ איז געווען פרעמד דעם גייסט פון גן־דפנה, אָבער מען האָט געמוזט אויסדריקן באַוווּנדערונג פאַר איר אַרבעט, ווייל זי האָט וווּנדערבאַר אָרגאַניזירט די אַרבעט פון דער מעדיצינישער סעקציע. אין זייער שטרעבונג צו דערציען פרייע מענטשן, האָבן די לערער פון גן־דפנה צו אָפט פאַרגעסן וועגן דער דיסציפּלין, צו וועלכער קיטי פרעמאַנט איז געווינט. מען האָט געקוקט אַ ביסל קרום אויפן ענערגישן אופן, מיט וועלכן זי האָט געפירט איר אַרבעט, אָבער ווען זי האָט אויסגעטאָן איר אַרבעטס־קיטל, איז זי געווען די איינציקע אין גן־דפנה, וועמענס געזעלשאַפט אַלע האָבן שטאַרק געוואָלט.

ווי שטרענג קיטי איז געווען אַלס לייטערין פון מעדיצינישן פונקט, אַזוי מילד איז זי געווען ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן „אירע" קינדער. די פופציק קינדער פון „יציאת אייראָפּע" זענען אין גן־דפנה ווייטער געבליבן די קינדער פון „עקסאָדוס" און קיטי פרעמאַנט האָט געהערט צו זיי. זי איז געווען די "עקסאָדוס־מאַמע". עס איז דעריבער געווען באַטירלעך, וואָס זי האָט זיך פּערזענלעך פאַראינטערעסירט מיט די יעניקע יוגנטלעכע, וואָס זענען געווען צוריקגעשטאַנען. זי האָט אויסגעדריקט איר ווילן פרייוויליק מיטצואַרבעטן מיטן פסיכיאַטאָר. זי האָט די דאָזיקע קינדער געשאָנקען ליבע און וואַרעמקייט. דער פאַקט, וואָס די דאָזיקע קינדער האָבן זיך געפונען אין ארץ־ישראל און אין גן־דפנה, האָט געהאַט אויף זיי אַ גרויסע היילנדע ווירקונג.

אָבער די שרעקן פון דער פאַרגאַנגענהייט האָבן נאָך אַרויסגערופן ביי זיי אַנגסט־חלומות און אומזיכערקייט. דאָס באַהאַנדלען די דאָזיקע קינדער האָט געפאָדערט געדולד, דערפאַרונג און ליבע.

איין מאָל אין וואָך פלעגט קיטי, אין באַגלייטונג פון דאָקטאָר, אַראָפּפאָרן קיין גבי יושע, כדי אויפצוזוכן אַראַבישע קראַנקע. זי פלעגט שטענדיק אויפגעטרייסלט ווערן צוליבן אויסזען פון די שמוציקע אַראַבישע קינדער, ווען זי האָט זיי פאַרגליכן מיטן אויסזען פון די קינדער אין גן־דפנה. עס האָט געשיינט, אַז צווישן די אַראַבישע קינדער הערט מען נישט קיין געלעכטער און קיין געזאַנג, זיי שפּילן זיך נישט און זיי האָבן נישט קיין תכלית אין לעבן. טראָץ דעם האָט קיטי נישט געקאָנט פיינט האָבן די דאָזיקע מענטשן, וועלכע זענען געווען האַרציק און גאַסט־פריינטלעך, איבער זייערע מעגלעכקייטן. אויך זיי האָבן געשטרעבט צו אַ בעסער לעבן. זי האָט זיך באַפריינדעט מיט טאַהאַ, דעם יונגן מוכטאַר, וועלכער האָט שטענדיק באַזוכט די קליניק, בעת זי איז געווען אָפן. אייניקע מאָל האָט קיטי געהאַט דאָס געפיל, אַז טאַהאַ וויל מיט איר ריידן וועגן פאַרשיידענע ענינים. זי האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז עפּעס דריקט אים. אָבער טאַהאַ איז געווען אַן אַראַבער און לויט דע רטראַדיציע האָט ער נישט געקאָנט האָבן צו איר קיין צוטרוי. צוליב דעם האָט ער קיינמאָל נישט אַנטפּלעקט פאַר איר זיינע געדאַנקען און געפילן.

אַזוי איז פאַרביי די צייט ביז ווינטער 1947.

קאַרען און קיטי זענען אין גן־דפנה געוואָרן אומצע־שיידבאַר. קאַרען, וועלכע איז געווען שטענדיק צופרידן אַפילו אין די שווערסטע צייטן, האָט אין גן־דפנה אויפגע־

בליט. זי איז געוואָרן דער ליבלינג פון גאַנצן דאָרף. קיטיס נאַטעקייט איז געווען איצט פאַר איר זייער וויכטיק, ווייל זי האָט דורכגעמאַכט דעם רייפקייט־פּעריאָד. דערביי האָט קיטי פאַרשטאַנען זייער קלאָר, אַז יעדער טאָג, וואָס קארען געפינט זיך אין גן־דפנה, דערווייטערט איר אַלץ מער און מער פון אַמעריקע. קיטי האָט זיך באַמיט איינצוהאַלטן אין האַרצן פון מיידל אַ בענקשאַפט צו אַמעריקע, כל־זמן עס זענען פאָרגעזעצט געוואָרן די זוכונגען נאָך קארענס פאָטער.

דב לאנדאו האָט דאַקעגן פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ שווער פּראָבלעם. עטלעכע מאָל האָט קיטי געוואָלט מאַכן אַ פּרווו אָפּצושיידן קאַרען פון דבן, ווייל עס האָט איר געשיינט, אַז זייערע באַציאונגען ווערן אַלץ טיפער און טיפער. זי האָט עס אָבער נישט געטאָן. פאַר איר איז געווען קלאָר, אַז זי קאָן דורך דעם נאָך מער דערנענטערן די צוויי יוגנטלעכע. עס איז געווען פאַר איר אומפאַר־שטענדלעך, וואָס קארען האָט זיך אַזוי צוגעבונדן צו דב לאנדאו, הגם דער בחור פון זיין זייט האָט איר נישט געשאָנקען קיין שום אויפמערקזאַמקייט. ער איז געווען שטענדיק פאַרברוגזט און אָפּגעשלאָסן אין זיך. וואָס אָן אמת האָט ער איצט מער גערעדט ווי פריער, אָבער ווען עמעצער האָט עפּעס געוואָלט פון אים, איז דאָס נאָך אַלץ געווען קאַרען, וועלכע האָט געקאָנט ביי אים עפּעס אויספּוילן.

דב לאנדאו איז באַהערשט געוואָרן פון אַ שטאַרקן ווילן צו לערנען. ער האָט כמעט נישט געהאַט קיין פאָלקס־שול־אויסבילדונג און איצט האָט ער געוואָלט דעריאָגן די צייט. ער האָט געשלונגען די ביכער מיט דער ליידנשאַפט פון אַ הונגעריקן. מען האָט אים אפילו באַפרייט פון

מיליטערישער און לאַנדווירשאַפטלעכער אויסבילדונג. טאָג און נאַכט האָט ער געלייענט און געלערנט. אין איינקלאַנג מיט זיינע נאַטירלעכע פעאיקייטן האָט ער זיך קאָנצענטרירט אויף אַנאַטאָמישע, אַרכיטעקטאָנישע און טעכנישע צייכענונגען. אָפטמאָל האָט ער אויך געצייכנט פון דער נאַטור. עס האָט געטראָפן, אַז ער האָט שוין געוואָלט זיך אַרויסברעכן פון דער איינזאַמקייט און זיך איינשליסן אין דער געזעלשאַפט פון גן־דפנה, אָבער יעדעס מאָל האָט ער זיך ווידער צוריקגעצויגן. ער האָט געוווינט באַזונדער און האָט מיט קיינעם נישט גערעדט, חוץ מיט קארען.

קיטי האָט אַרומגערעדט דעם ענין מיטן ד״ר ליבערמאַן. דער דאָזיקער דערציער האָט שוין געזען אַ סך יינגלעך און מיידלעך, וואָס זענען געוועזן ענלעך צו דב לאנדאו. ד״ר ליבערמאַן איז געוועזן ביי דער מיינונג, אַז דב איז אַן אינטעליגענטער בחור, וועלכער ווייזט אַרויס סימנים פון באדייטנדיקער באַגאַבונג. ער איז אָבער געוועזן ביי דער מיינונג, אַז יעדער פרווו אַרויסצורייסן דבן מיט געוואַלד פון זיין איינזאַמקייט, וועט האָבן פונקט אַ פאַרקערטע ווירקונג. כל־זמן דאָס יינגל איז געוועזן שטיל און זיין צושטאַנד האָט זיך נישט פאַרערגערט, האָט מען אים געדאַרפט לאָזן צורו.

וואָכן זענען פאַרביי און קיטי איז געוועזן אַנטוישט, וואָס אַרי האָט נישט געלאָזט פון זיך הערן און וויסן. אָפטמאָל, ווען זי האָט געהאַט די געלעגנהייט דערצו, פלעגט זי קומען קיין יד־אל און באַזוכן שרה בן־כנען. ביידע פרויען האָבן זיך באַפריינדעט. דאַקעגן ירדנה האָט זיך אפילו נישט באַמיט אויסצובאַהאַלטן איר שנאה צו קיטין. ביי יעדער

געלעגנהייט האָט דאָס יונגע, רויט־האָריקע מיידל געמאַכט שטעכוועטלעך אויפן אַדרעס פון קיטי.

אַ געוויסן אָוונט, ווען קיטי איז געקומען נאָך דער אַרבעט צו זיך אין דער וווינונג, האָט זי דאָרטן געפונען ירדנה, וועלכע איז געשטאַנען פאַרן שפּיגל און צוגעמאָסטן קיטיס קליידער צו איר פיגור. ירדנה איז אינגאַנצן נישט צעטומלט געוואָרן דורך קיטיס אַריינקום.

— דאָס איז זייער אַ שיין קלייד — האָט ירדנה געזאָגט, אויפהענגענדיק צוריק דאָס קלייד אין שאַנק.

קיטי איז אריין אין קיכל און אַרויפגעשטעלט דעם טיי־טשייניק אויפן פייער.

— מיט וואָס האָב איך דאָס פאַרדינט, אַז איר זאָלט מיך באַזוכן? — האָט קיטי געפרעגט.

ירדנה האָט זיך אַרומגעקוקט איבער דער וווינונג און באַטראַכט אַלע קלייניקייטן, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען.

— אין קיבוץ עין־אור געפינען זיך איינהייטן פון פלמ״ח. זיי ווערן דאָרטן אויסגעשולט מיליטעריש.

— איך האָב שוין געהערט דערפון — האָט קיטי געענטפערט.

— עס פעלן אונז אינסטרוקטאָרן. בכלל פעלט אונז יעדע זאַך. מען האָט מיך געבעטן איך זאָל אייך פרעגן, צי איר זענט גרייט צו קומען איין מאָל אין וואָך קיין עין־אור, כדי צו פירן אַ קורס וועגן ערשטער מעדיצינישער הילף.

קיטי האָט פאַנאַנדערגעצויגן די פאָרהאַנגען, האָט אויס־געטאָן די שיך און זיך אויסגעצויגן אויפן בעט.

— איך וויל קיין זאַך נישט טאָן, וואָס קאָן מיך ברענגען אין אַ קאָנטאַקט מיט זעלנער.

— פאַרוואָס נישט? — האָט ירדנה געפרעגט.

— איך גלויב, אַז עס וועט מיר נישט געלינגען אייך דאָס אויפצוקלערן, אָבער איך וואָלט געוואָלט, אַז אין פלמ״ח זאָל מען פאַרשטיין מיין מיינונג וועגן דאָזיקן ענין.

— וואָס איז דען דאָ צו פאַרשטיין? — האָט ירדנה געפרעגט.

— מיינע פערזענלעכע געפילן. איך וויל זיך נישט פאַרפלאָנטערן אין דאָזיקן ענין.

ירדנה האָט אויסגעבראָכן אין אַ שפּאָטישן געלעכטער.

— איך האָב זיי געזאָגט אין עין־אור, אַז איך וועל פּטרן בלויז מיין צייט, ווען איך וועל מיט אייך ריידן וועגן דעם.

— צי איז דען אַזוי שווער צו פאַרשטיין מיין שטעלונג? — האָט קיטי געפרעגט.

— מיסיס פרעמאנט, איר זענט מסוגל צו אַרבעטן אויף יעדן אָרט אויף דער וועלט און בלייבן נייטראַל. אָבער דאָ איז אַ ספּעציעל אַרבעטס־אָרט. אויב איר האָט בדעה זיך אַרויסצודרייען פון אַלע צרות, טאָ פאַרוואָס זענט איר אייגנטלעך געקומען אַהער?

קיטי איז אַ ווילדע פאַר כעס אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט.

— דאָס דאַרף אייך אינגאַנצן נישט אינטערעסירן.

דער טשייניק האָט גענומען קאָכן און קיטי האָט אים אַראָפּגענומען פון פייער.

— איך ווייס פאַרוואָס איר געפינט זיך דאָ — האָט

ירדנה ווייטער געזאָגט — איר זענט פאַראינטערעסירט אין אַרין.

— איר זענט זייער אַ חוצפהדיק יונג מיידל, און איך האָב נישט בדעה מער צו ריידן מיט אייך.

ירדנה האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

— איך האָב געזען, מיט וואָס פאַראַ בליקן איר האָט געקוקט אויף אים.

— ווען איך וואָלט געוואָלט זיך פאַרבינדן מיט אַרין, וואָלט איר מיר קיינמאָל נישט געקאָנט שטערן אין דעם.

— דאָס קענט איר זיך אַליין דערציילן, אַז איר ווילט אים נישט, אָבער מיר קאָנט איר עס נישט זאָגן. חוץ דעם, געהערט איר נישט צו דעם טיפּ פרויען, וואָס ארי האָט ליב. איר אינטערעסירט זיך נישט מיט אונזערע ענינים.

קיטי האָט זיך אויסגעדרייט, איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, פאַרויכערנדיק אַ סיגאַרעט. ירדנה האָט זיך געשטעלט הינטער איר.

— דפנה איז געווען אַ פרוי פאַר אַרין. זי האָט אים פאַרשטאַנען. אַן אַמעריקאַנער פרוי וועט אים קיינמאָל נישט פאַרשטיין.

קיטי האָט זיך אויסגעדרייט צו ירדנה און געזאָגט:

— הגם איך לויף נישט אַרום אין קורצע הויזן און קלעטער נישט אויף די בערג, איך שיס נישט פון קיין האַרמאַטן און שלאָף נישט אין קיין שוץ־גראָבנס, באַדייט דאָס נישט, אַז איך בין ווייניקער פרוי ווי איר, אָדער ווי די סטאַטוע. איך פאַרשטיי, פאַרוואָס איר זענט קעגן מיר. איר האָט פשוט מורא פאַר מיר.

— דאָס איז קאָמיש! — האָט ירדנה אויסגערופן.

— און דערציילט מיר נישט, וואָס מען דאַרף האָבן, כדי

צו זיין אַ פרוי. איר ווייסט עס נישט, ווייל איר זענט נישט קיין פרוי. איר פירט זיך אויף, ווי איר וואָלט געווען טאַרזאַנס כלה, דירעקט אין דזשונגל. נעמט בעסער אין האַנט אַ קאַם און אַ האָר־בערשטל, דאָס וואָלט געווען נישט קיין שלעכטער אָנהויב איר זאָלט באַקומען דעם אויסזען פון אַ פרוי.

קיטי האָט אָפּגערוקט ירדנה אין אַ זייט, איז צוגעגאַנגען צום קליידער־שאַנק און אויפגעריסן די טיר.

— קוקט זיך גוט צו, דאָס זענען זאַכן, וואָס פרויען דאַרפן טראָגן — האָט זי געזאָגט.

ירדנה איז געווען אַזוי אין כעס, אַז אירע אויגן זענען אַזש פול געוואָרן מיט טרערן.

— ווען איר וועט מיר וועלן נאָך אַמאָל עפּעס זאָגן — האָט קיטי זיך אָפּגערופן — דאַן קומט ביטע צו מיר אין ביוראָ. איך בין נישט קיין קיבוצניצע און איך לייג אַ סך אַכט אויף מיין פּריוואַטן לעבן.

ירדנה איז אַרויסגעלאָפן פון צימער און האָט פאַרהאַקט הינטער זיך די טיר מיט אַזאַ קראַפט, אַז דאָס גאַנצע הויז האָט אויפגעציטערט.

קאַרען איז אריינגעלאָפן נאָך די אויפנאַם־שעהן אין קיטיס ביוראָ און זיך אַנידערגעוואָרפן אויף שטול.

—שלום! — האָט קיטי אויסגערופן. — ווי איז דיר היינט געגאַנגען די אַרבעט?

קאַרען האָט געמאַכט אַן אומבאַשטימטע באַוועגונג מיט די הענט.

— די הענט דרייען מיר. איך בין זייער אַ שלעכטע

געלקערין. קיטי, איך בין זייער דענערווירט. איך מוז מיט דיר ריידן.

— נו, רייד, לאָמיר הערן.

— נישט איצט — האָט קארען געזאָגט — איך מוז איצט אַוועקגיין. מיר דאַרפן אויסרייניקן נייע אונגאַרישע ביקסן.

— די אונגאַרישע ביקסן קאָנען צוואַרטן אַ פּאָר מינוט. זאָג מיר בעסער, וואָס פאַר אַ דאגות דו האָסט.

— יונה, דאָס מיידל מיט וועמען איך וווין צוזאַמען אין איין צימער. גראָד איצט, ווען מיר האָבן זיך גוט באַפריינדעט, מוז זי אַוועקגיין אין פלמ״ח.

קיטי האָט געפילט אַ שטאָך אין האַרצן. עס וועט לאַנג נישט דויערן — האָט זי געטראַכט — און קאַרען וועט קומען איר דערציילן, אַז אויך זי גייט אין פלמ״ח. זי האָט אַוועקגעשאַרט די פּאַפּירן אין אַ זייט און איז אויפגעשטאַנען פון אָרט.

— הער, קאַרען, איך האָב זיך איבערלייגט. עס פעלן באמת אויס גוטע פלעגערינס און קראַנקן־שוועסטער, סיי אין פלמ״ח און סיי אין די ישובים. דו האָסט דערוואָרבן אַ סך דערפאַרונגען ביי דיין אַרבעט מיט די קינדער אין די לאַגערן און איך האָב איבערגענומען די שווערע פאַלן. איך האָב בדעה צו זאָגן דעם ד״ר ליבערמאַן, אַז עס איז כדאי דו זאָלסט אַרבעטן מיט מיר צוזאַמען, כדי דו זאָלסט זיך אויסבילדן אַלס מיין אַסיסטענטין.

— אוודאי איז כדאי! — האָט קאַרען אויסגעשריען שטראַלנדיק פאַר פרייד.

— אַלזאָ, גוט. — האָט קיטי געזאָגט. — איך וועל זיך באַמיען צו דערליידיקן דעם ענין. מען וועט דיך באַפרייען

פון לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט און גלייך נאָך די לעק־ציעס וועסטו קומען צו מיר.

— איך ווייס נישט צי דאָס וועט זיין גוט — האָט קאַרען געזאָגט אַ ביסל צוריקגעהאַלטן. — עס דוכט זיך מיר, אַז דאָס איז נישט שיין לגבי מיינע חברים.

— מיר אין אַמעריקע זאָגן אַנדערש: איינער געניסט און דער צווייטער פאַרלירט נישט. זיי וועלן נישט פאַר־לירן אין דיר קיין שלעכטע לאַנדווירטין, אָבער דערפאַר וועלן זיי געווינען אַ גוטע פלעגערין.

— קיטי, איך מוז זיך פאַר דיר מתוודה זיין. זאָלסט עס נאָר נישט דערציילן אין „עלית הנוער", און נישט אין דער „חברה להכשרת היישוב", און אויך נישט אין „מרכז הקיבוצים". עס איז אַן אמת, אַז איך בין די ערגסטע לאַנדווירטין אין גן־דפנה און איך וואָלט געוועזן גליקלעך צו זיין אַ קראַנקן־שוועסטער.

קיטי איז אויפגעשטאַנען פון איר אָרט, איז צוגעגאַנגען צו קאַרען און אַרויפגעלייגט אירע הענט אויף די אַקסלען פון מיידל.

— ווי מיינסטו? אויב יונה פאַרט איצט אַוועק, צי וואָלט נישט בעסער געווען דו זאָלסט וווינען מיט מיר צוזאַמען?

קאַרען האָט אויפגעשטראַלט פאַר גליק און קיטי האָט נישט געדאַרפט אפילו פרעגן קיין ענטפער אויף איר פראַגע.

ד"ר ליבערמאַן, מיט וועמען קיטי האָט גערעדט וועגן גאַנצן ענין, איז נישט געווען דאַקעגן. ער איז געווען ביי דער מיינונג, אַז עס איז בעסער צו זיין עלאַסטיש,

ווי זיך צו האַלטן ביי פעסטגעשטעלטע כללים. ער איז געקומען צום אויספיר, אַז דעם יידישן אויפבוי־ווערק אין ארץ־ישראל וועט נישט געשען קיין שאָדן, ווען עס וועט זיין ווייניקער מיט איין ערד־אַרבעטער און עס וועט זיין מער מיט איין פלעגערין.

קיטי האָט זיך געאיילט איבערצוגעבן קאַרען די גוטע בשורה, און זי איז צוריקגעגאַנגען אין איר ביורא. אין מיטן וועג האָט זי זיך פאַרהאַלטן ביי דער גרינער לאַנקע און אָנגעקוקט דפנהס דענקמאָל. עס האָט זיך איר אויס־געדוכט, אַז זי האָט אָפּגעהאַלטן אַ זיג איבער דער דאָזיקער דפנה. אויב קאַרען וועט בלייבן ביי איר, וועט זי עס קאָנען פאַרהינדערן, אַז די קליינע זאָל זיך נישט פאַר־וואַנדלען אין קיין פאַנאַטיש סאַברע־מיידל. עס איז זייער אַ גוטע זאַך, ווען מען האָט אַ פעסטן ציל, אָבער ווען מען לעבט אויסשליסלעך פאַר איין ציל, ווערט פאַרלאָרן די פרוילעכקייט און דער ווייבלעכער חן. קיטי האָט זיך אָפּגעגעבן אַ קלאָרע רעכענונג דערפון, אַז זי האָט געטראָפן ירדנהן אין אַ פּילבאַר אָרט. ירדנה איז אויפגעוואַקסן כדי אויסצופירן באַדינגונגסלאָז יעדע אויפגאַבע. זי האָט מקריב געווען איר גליק, אָבער ירדנה האָט נישט געקאָנט קאָנ־קורירן מיט די עלעגאַנטע פרויען, וואָס זענען געקומען פון אייראָפּע און אַמעריקע קיין ארץ־ישראל. זי האָט פיינט געהאַט קיטין, ווייל אין געהיים האָט זי זיך געוווּנטשן צו זיין ענלעך צו איר אין געוויסע זאַכן.

— קיטי? — האָט זי דערהערט אַ שטימע פון דער טונקלקייט.

— יאָ?

— איך האָף, אַז איך האָב אייך נישט איבערגעשראָקן.

דאָס איז געווען ארי. ווען ער האָט זיך צו איר דער־נענטערט, האָט זי זיך ווידער דערפילט הילפלאָז, ווי שטענדיק, ווען ער איז געווען נעבן איר.

— איך האָב ליידער נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט ביז איצט צו קומען אַהער און זען ווי איר אַרבעט. צי האָט ירדנה אייך איבערגעגעבן מיינע גרוסן?

— ירדנה? — האָט קיטי געפרעגט. — יאָ, נאַטירלעך...

— ווי פילט איר זיך דאָ?

— אויסגעצייכנט.

— איך בין געקומען פרעגן צי איר האָט מאָרגן צייט. אַ פלמ"ח־גרופּע גייט מאָרגן אַרויף אויפן הר תבור. מען טאָר נישט דורכלאָזן אַזאַ געלעגנהייט. צי האָט איר חשק מיטצוגיין?

— יאָ, איך האָב גרויס חשק.

## קאַפּיטל 5

אַרי און קיטי זענען אָנגעקומען פֿאַרטאָג צום קיבוץ בית־אַלונים, וואָס האָט זיך געפֿונען צופֿוסנס פֿון הר תבור. דאָס איז געווען אַ קיבוץ, וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן דורכן פּלמ״ח און ווו אַרי האָט אויסגעשולט זעלנער.

דער באַרג תבור האָט געמאַכט אויף קיטין אַ מאָדנעם איינדרוק: ער איז נישט געווען גענוג הויך, כּדי אים צו פֿאַררעכענען אַלס אמתן באַרג, אָבער גלייכצייטיק איז ער געווען צו הויך פֿאַר אַ קליין בערגל. ער האָט זיך אַרויס־געהויבן דירעקט פֿון פֿלאַכלאַנד פּונקט ווי אַ גראָבער פֿינגער פֿון אַ ריזיקער האַנט וואָלט געשטעקט אין דער ערד.

נאָך דעם ווי זיי האָבן אָפּגעגעסן אין קיבוץ פֿרישטיק האָט אַרי פֿאַרפּאַקט צוויי רוק־זעק מיט שפּייז, וואַסער־פֿלעשער און קאָלדרעס. פֿון געווער־מאַגאַזין האָט ער מיט־גענומען אַן אויטאָמאַט. ער האָט געוואָלט צוזאַמען מיט קיטין אַרויפֿשטייגן אויפֿן באַרג אין דער קילער מאָרגן־שעה, איידער די איבעריקע פֿון דער גרופּע וועלן אָנקומען. די לופֿט איז געווען פֿריש און קיל. פֿאַר קיטין איז דאָס אַלץ געווען אַ שפּאַנענדיקע אַוואַנטורע. זיי זענען דורכגעגאַנגען דעם אַראַבישן דאָרף דבוריה, וואָס האָט זיך געפֿונען קעגנ־איבער בית־אַלונים, אויף דער אַנדער זייט באַרג. פֿון דאָרטן

האָבן זיי זיך פאַרקערעוועט אויף אַ שמאָלן זאַמד־וועגל. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זיך פאַר זייערע אויגן אַנטפּלעקט נצרת, וואָס האָט זיך צעלייגט אויף אייניקע קילאָמעטער ווייט צווישן די בערגלעך.

זיי זענען שנעל געגאַנגען און קיטי האָט זיך איבער־צייגט, אַז איר ערשטער איינדרוק איז געווען אַ פאַלשער, דער באַרג תבור איז געווען איבער 600 מעטער די הויך. דאָס אַראַבישע דערפל איז געוואָרן אַלץ קלענער און קלע־נער און זי האָט שוין געוווסט, אַז דער שפּאַציר וועט ביי זיי דויערן אַ גאַנצן טאָג.

אין מיטן גאַנג איז אַרי פּלוצים געבליבן שטיין און זיך אָנגעהויבן אַרומצוקוקן.

— וואָס איז געשען? — האָט קיטי געפרעגט.

— ציגן. צי שפּירט איר נישט זייער ריח?

קיטי האָט אַ טיפן אָטעם געטאָן און געזאָגט:

— איך שפּיר גאָרנישט.

אַרי האָט אָנגעהויבן אויפמערקזאַם צו אָבסערווירן דעם אַרום.

— ווייזט אויס, אַז בעדואינער געפינען זיך אין דער סביבה — האָט ער געזאָגט. — אין קיבוץ האָבן מיר באַקומען אַ ידיעה וועגן דעם. זיי האָבן געמוזט ערשט נעכטן אָנקומען אַהער. קומט ווייטער.

זיי זענען אַרומגעגאַנגען דעם באַרג־שיפּוע און דאָן האָבן זיי דערזען אַ טוץ געצעלטן פון ציגן־פעל, ביי וועלכע עס האָט זיך געפּאַשעט אַ קליינע סטאַדע פון שוואַרצע

ציגן. צוויי בעדואינער זענען צו זיי צוגעקומען. אַרי האָט גערעדט מיט זיי אַראַביש און דאַן זענען זיי אַלע אַוועק צום גרעסטן געצעלט, אין וועלכן עס האָט זיך וואַרשיינלעך געפונען דער שייך. קיטי האָט זיך אַרומגעקוקט און געזען מענטשן אין אָרעמער קליידונג, אויסגעדאַרטע און אויסגעהונגערטע. די פרויען האָבן געטראָגן לאַנגע שוואַרצע כאַלאַטן. קיטי האָט וואָס אַן אמת נישט געקאָנט הערן דעם ריח פון די ציגן, אָבער זי האָט געפילט דעם אומאנגענעמען ריח, וואָס האָט זיך געטראָגן פון די דאָזיקע פרויען. שווערע קייטן פון טערקישע מטבעות זענען געהאָנגען איבער זייערע פנימער. די קינדער זענען געווען אָנגעטאָן אין שמוציקע שמאַטעס.

פון געצעלט איז אַרויסגעקומען אַ גרוי־האָריקער, אַלטער מאַן און זיך באַגריסט מיט אַרין. אַרי האָט זייער קורץ גערעדט מיט אים און דאַן האָט ער אַרויסגעפליסטערט צו קיטין:

— מיר מוזן אַריינגיין אין זיין געצעלט, אַנישט וועט ער זיך באַליידיקן. איר זאָלט זיין אַ גוט מיידל און עסן אַלץ וואָס ער וועט אייך פאָרלייגן. שפּעטער קאָנט איר דאָס אַלץ צוריק אַרויסשפּייען.

דער געשטאַנק אינעווייניק אין געצעלט איז געווען נאָך ערגער ווי אין דרויסן. זיי האָבן זיך אַנידערגעזעצט אויף טעפּיכער פון ציגן־פעל און שאָף־וואָל. דער שייך איז געווען שטאַרק באַאיינדרוקט פון דעם, וואָס קיטי איז געווען אַן אַמעריקאַנערין. מיט שטאָלץ האָט ער איר געזאָגט, אַז ער האָט אַמאָל געהאַט אַ פאָטאָגראַפיע פון פרוי רוזוועלט מיט איר אייגנהענטיקער דעדיקאַציע.

דאַן האָט מען אָנגעהויבן אַריינטראָגן דאָס עסן. אַ שטיק פלייש איז אַריינגערוקט געוורן קיטין אין די הענט און מען האָט איר געגעבן צו עסן ביינער־מאַרך אויסגעמישט מיט רייז. קיטי האָט זיך געצוווּנגען אָפּצובייסן פונעם פלייש אַ קליין ביסן. דער שייך האָט די גאַנצע צייט נישט אַראָפּגענומען פון איר זיין בליק און זי האָט צו אים געשמייכלט, כדי ער זאָל מיינען, אַז דאָס עסן שמעקט איר. דאַן האָט מען דערלאַנגט נישט קיין געוואַשענע פּירות און צום סוף פון מיטיק האָט מען צוגעטראָגן אַ געדיכטן, שטאַרק זיסן קאַפע. דער שמוץ אויף די טעפּלעך איז געווען אַזוי דיק, אַז מען האָט אים געקאָנט אָפּקראַצן מיט די פינגער. דער אַלטער האָט זיך אָפּגעווישט די הענט אין די הויזן און דאָס פעטס פון מויל האָט ער אַראָפּגעשאַרט מיט די אַרבל. גלייך נאָכן עסן האָט אַרי געבעטן אַ דערלויבעניש זיך צו געזעגענען.

ווען זיי זענען שוין געווען ווייט פון בעדואינער־לאַגער, האָט קיטי טיף אָפּגעזיפצט.

— איך באַדויער די דאַזיקע מענטשן — האָט זי געזאָגט.

— איר האָט נישט וואָס צו באַדויערן — האָט אַרי געענטפערט — די בעדואינער זענען איבערצייגט, אַז קיינער אויף דער וועלט פירט נישט אַזאַ פריי לעבן, ווי זיי. צי האָט איר קיינמאָל נישט געהערט אין אייער יוגנט דאָס „ליד פון מדבר״?

— יאָ, איך האָב געהערט — האָט קיטי געענטפערט — אָבער איצט ווייס איך, אַז דער אויטאָר פון ליד איז קיינמאָל נישט געווען אין קיין בעדואינער־לאַגער. וועגן וואָס האָט איר אייגנטלעך גערעדט מיטן אלטן?

— איך האָב אים געזאגט, אז ער דארף היינטיקע

נאכט זיין פארנונפטיק און זיך נישט באמיען צו גנבענען ביי די פלמ״חניקעס רינגעלעך אדער זייגערלעך.

— און וועגן וואָס נאָך ?

— ער האָט אייך געוואָלט קויפן. ער האָט מיר פאַר־געלייגט פאר אייך זעקס קעמלען.

— אזא אלטער שארלאטאן ! און וואָס האָט איר אים געזאָגט ?

— איך האָב אים געזאָגט, אז יעטוועדער מענטש וואָלט אָן שום רייד געגעבן פאר אייך צען קעמלען...

ארי האָט געווארפן א בליק אויף דער אויפגייענדיקער זון.

— עס וועט באַלד ווערן הייס. עס איז בעסער מיר זאלן אראפצי־ען פון זיך די שווערע קליידער און זיי צו־זאַמענפּאַקן.

קיטי האָט געטראָגן קורצע, בלויע הויזן, וועלכע זי האָט באקומען פון די מאגאזינען אין גן־דפנה.

— איר זעט אויס ווי אן אמתע סאברע — האָט ארי געזאָגט מיט א שמייכל.

זיי זענען געגאנגען אויף א שמאל שטעגל, וואָס האָט זיך געצויגן לענג־אויס דער דרום־זייט פון תבור. א גע־דיכטער שווייס האָט געריננען פון זייערע פנימער. ווען דאָס שטעגל האָט זיך פארענדיקט האָבן זיי געמוזט קלעטערן און ארי האָט מיט זיינע שטארקע ארעמס געהאלפן קיטין זיך אַרויפדראַפּען אויף די שיפּועים. מיטיק־צייט זענען זיי אנגעקומען צום שפיץ בארג.

דער באַרג־שפּיץ האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ גרויסן, קיילעכדיקן פּלאַץ. פון דרום־זייט איז געלעגן פאַר זיי דער גאַנצער עמק־יזרעאל. דאָס איז געווען אַ פאַרכאַפּנדיקער אָנבליק. קיטי האָט געקאָנט זען דעם גאַנצן טאָל מיט די גרינע פעלדער ארום די יידישע ישובים, ווי אויך די אַראַבישע דער־פער מיט די געדיכט־צונויפגעפּרעסטע הייזלעך. אויף דער אַנדער זייט איז געלעגן דער ים־כנרת. ארץ־ישראל האָט זיך פאַר זיי אויסגעשפּרייט אין איר גאַנצער פּראַכט. קיטי האָט געקוקט דורך אַ פעלד־לאָרנעטקע אויף די פּונקטן, וועלכע ארי האָט איר אָנגעוויזן און זי האָט געזען עין־דור, ווו דער קעניג שאול האָט זיך געטראָפן מיט דער מכשפה, ווי אויך דעם נאַקעטן שפּיץ פון הר גלבוע, ווו גדעון איז געקומען צו קבורה, און ווו שאול און יהונתן זענען געפאַלן אין קאַמף מיט די פּלישתים.

„הרי בגלבוע, אל טל ואל מטר עליכם ושדי תרומות, כי שם נגעל מגן גבורים, מגן שאול...״

— איר ווערט פּאָעטיש געשטימט — האָט קיטי זיך אָפּגע־רופן, אַראָפּלאָזנדיק די לאָרנעטקע.

— דאָס איז צוליב דעם, וואָס מיר געפינען זיך אויף אַ באַרג־שפּיץ — האָט ארי געזאָגט. — פון דער הויך קומט אַלץ אויס אַ סך וווייטער. גיט אַ קוק דאָרטן — דאָס איז דער עמק בית־שאן. אין די זאַמדן פון בית־שאן ליגט באַגראָבן די עלטסטע קולטור־שטאָט אויף דער וועלט. דוד ווייס וועגן די דאָזיקע זאַכן אַ סך מער ווי איך. אין ארץ־ישראל זענען פאַראַן הונדערטער אַזעלכע בערגלעך. דוד מיינט, אַז ווען מיר וואָלטן אָנגעהויבן איצט אויסצוגראָבן די באַגראָבענע שטעט, וואָלטן אונדזערע איצטיקע שטעט שוין לאַנג חרוב געוואָרן, ביז מיר וואָלטן געענדיקט די אַרבעט. ארץ־ישראל איז אַזוי צו זאָגן

אַ בריק איבער דער מענטשלעכער געשיכטע, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן אין די דאָזיקע ערטער. און איר שטייט איצט אין מיטן פון דער בריק. זינט יענער צייט, ווען מענטשן האָבן זיך אויסגעלערנט צו מאַכן העק פון שטיינער, איז דער באַרג תבור געווען אַ שלאַכט־פעלד. די יידן זענען דאָ געשטאַנען אין קאַמף קעגן די רוימער און אין די מלחמות צווישן די אַראַבער און קרייץ־טרעגער, איז דער באַרג פּופּציק מאָל איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט. דאָ האָט זיך אויסבאַהאַלטן דבורה הנביאה מיט איר מיליטער אײדער זי האָט אָנגעגריפן די כנענים. אַן אייביקער קאַמפּס־פּלאַץ... צי ווייסט איר, וואָס מען זאָגט ביי אונדז? משה רבינו האָט געדאַרפט פירן די יידן דורכן מדבר נאָך פערציק יאָר, כדי זיי צו ברענגען אין אַן אַנדער אָרט.

אַרי און קיטי זענען דאַן אַוועק ווייטער דורך אַ דעמבענעם וועלדל, ווו אין פאַרשיידענע ערטער האָבן זיך געפונען חורבות פון דער רוימישער און ביזאַנטישער תקופה.

פון דער אַנדערער זייט וועלדל זענען זיי דערגאַנגען צום העכסטן אָרט פון באַרג, ווו עס האָבן זיך געפונען די חורבות פון אַ פעסטונג, וואָס איז נאָך אויפגעבויט געוואָרן דורך די קרייץ־טרעגער. זיי האָבן געשפּאַנט איבער די רואינען און רעשטלעך פון מויערן, ביז זיי האָבן דערגרייכט די מזרחדיקע פעסטונג־וואַנט, וואָס האָט זיך אַרויסגעהויבן פון באַרג־ראַנד. פון דאָזיקן אָרט האָט זיך פאַר זיי אַנטפּלעקט דער ים כנרת אין זיין פולער פּראַכט.

דער ווינט האָט צעשויבערט קיטיס האָר, ווען זי איז געשטאַנען אויף דער וואַנט פון פעסטונג. די לופט איז ביסלעכווייז געוואָרן אַלץ קילער. איבער אַ שעה זענען זיי דאָרטן געזעסן און די גאַנצע צייט האָט אַרי דערציילט קיטין אַן אַ

סוף געשיכטעס וועגן די דאַזיקע ערטער, פון וועלכע אַ סך זוערן דערמאָנט אין תנ"ך. צום סוף האָבן זיי זיך צוריקגע־קערט צום וועלדל און דאָרטן האָבן זיי צוריק אָנגעטאָן די וואַרעמע קליידער. ארי האָט אויסגעשפּרייט די וואָלענע קאָצן און קיטי האָט זיך אויסגעצויגן אַ מידע און אַ גליקלעכע. —

— דאָס איז געווען אַ וואונדערשיינער טאָג, ארי — האָט זי געזאָגט — אָבער איך וועל זיכער אין משך פון אַ וואָך דאָס גוט אָפּפילן אין די ביינער.

ארי האָט אָנגעקוקט קיטין און ער האָט געפילט אַ באַנייטן דראַנג צו איר, אָבער אויך איצט האָט ער עס נישט אַרויסגעוויזן.

ווען עס האָט אָנגעהויבן טונקל צו ווערן, זענען דערשינען די איבעריקע גרופּן אויפן שפּיץ באַרג. דאָס זענען געווען יוגנטלעכע פון פאַרשיידענע מדינות: טונקל־האַריקע, ברוינ־לעכע מזרח־מענטשן, אַפריקאַנער, בלאָנדע און אַנדערע, וואָס זענען געקומען קיין ארץ־ישראל אַלס עולים. צווישן זיי זענען געווען אַ סך מיידלעך. דאָס רוב פון די יוגנטלעכע איז געווען גרויס, קרעפטיק און האָבן זיך געהאַלטן מיט זעלבסט־באַ־וווסטער ווירדע. דער צוזאַמענטרעף אויפן דאַזיקן באַרג־שפּיץ איז ספּעציעל אָרגאַניזירט געוואָרן. די מיטגלידער פון פלמ"ח האָבן געמוזט, צוליב זיכערהייטס־טעמים, אויסגעשולט ווערן אין קליינע גרופּן און אין פאַרשיידענע קיבוצים. אָבער אין דאָזיקן אָוונט האָבן זיי זיך געקאָנט אַלע טרעפן צוזאַמען אויף איין אָרט. די אָנטיילנעמער אין אויספלוג, לעבעדיקע יוגנטלעכע, האָבן זיך האַרציק באַגריסט.

אויך יואב ירקוני און זאב גלבוע זענען געווען צווישן די יוגנטלעכע, און קיטי האָט זיך זייער געפרייט זיי ווידער צו זען. צווישן די אָנגעקומענע זענען אויך געווען דוד און ירדנה.

דאָס מיידל איז געווען שטאַרק איבערזיכטיק, ווען זי האָט געזען ווי דוד שענקט אזוי פיל אויפמערקזאַמקייט קיטין, אָבער זי האָט זיך באַהערשט, כדי נישט אַרויסצוּווייזן איר כעס.

ווען עס איז צוגעפאַלן די נאַכט האָבן זיך אויפן באַרג פאַרזאַמלט אַן ערך צוויי הונדערט פּלמ״ח־קעמפער. נעבן מויער פון דער אַלטער פעסטונג איז אויסגעגראָבן געוואָרן אַ גרוב אין וועלכן עס זענען אריינגעלייגט געוואָרן שטיקער האָלץ. דאַן איז אָנגעצונדן געוואָרן דער שייטער־הויפן, וואָס האָט געברענט אַ גאַנצע נאַכט. דריי שעפּסן זענען אויף שפּיזן אָפּגעבראָטן געוואָרן אויפן פייער. נאָכן עסן האָבן זיך אַלע פאַרלעך פאַרזאַמלט אַרום פייער אין אַ גרויסן קרייז. קיטי האָט געמוזט פאַרנעמען אַן ערן־פּלאַץ נעבן יואב, זאב און ארי.

פון באַרג תבור האָבן זיך צעטראָגן געזאַנגען. דאָס זענען געווען די זעלבע לידער, וועלכע קיטי האָט געהערט אין גן־דפנה. עס איז אין זיי גערעדט געוואָרן וועגן די וואונדער פון וואַסער, וואָס האָט דאָס לאַנד ווידער פרוכטבאַר געמאַכט, ווי אויך פון דער שיינקייט פון גליל און יהודה. זיי האָבן געזונגען וועגן נגב און וועגן דער העלדישקייט פון דער „הגנה״ און פּלמ״ח־חברים. און פאַרשטייט זיך, אַז אויך דאָס ליד „מלך ישראל חי וקים״.

יואב איז געזעסן מיט די פיס אונטער זיך. ער האָט גע־האַלטן אַ פייקל און אויסגעקלאַפּט אויף אים מיט די פינ־גער־שפּיצן דעם טאַקט צו אַן אַלטער העבּרעאישער מעלאָ־דיע, וועלכע אַ צווייטער פּלמ״ח־חבר האָט אויסגעשפּילט אויף אַ פייפל. אַ סך פאַרלעך האָבן צוגעטאַנצט מיט לאַנג־זאַמע, איינדרוקספולע באַוועגונגען. די טענצערינס אין שלמהס

פּאַלאַץ האָבן געמוזט טאַנצן פּונקט אַזוי ווי די דאָזיקע מיידלעך פון פּלמ״ח.

מיט יעדן נייעם ליד און יעדן נייעם טאַנץ איז די שטי־מונג געוואָרן אַלץ פרייליכער.

— ירדנה! — האָט איינער אויסגעשריען — ירדנה זאָל טאַנצן!

זי איז אריינגעטראָטן אין קרייז און איז אויפגענומען געוואָרן מיט אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן. אַן אַקאָרדעאָן האָט אויפגעשפּילט אַן אונגאַרישע טאַנץ־מעלאָדיע און אַלע אַרומיקע האָבן גענומען פּאַטשן מיט די הענט צום טאַקט. ירדנה האָט אַרומגעשוועבט אין קרייז און צום סוף האָט זי אויסגעוויילט אַ פּאַרטנער צו אַ ווילדן טשאַרדאַש. זי האָט געטאַנצט ווילד און אירע רויטע האָר, באַלויכטן פון פלאַ־קערנדיקן פייער האָט פּאַרדעקט איר געזיכט. די מוזיק איז געוואָרן אַלץ שנעלער און די ארומיקע האָבן געפּאַטשט אַלץ גיכער און גיכער, ביז ירדנה האָט אַ דערשעפּטע זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד.

גלייך זענען אין קרייז אריין עטלעכע צענדליק יוגנט־לעכע און אָנגעהויבן צו טאַנצן אַ האָרא. דער קרייז איז געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער, ביז אַלע אָנוועזנדיקע זענען געווען אויף די פיס. אַרום ערשטן קרייז האָט זיך געשאַפן אַ צווייטער. יואב און ארי האָבן אַריינגעשלעפּט קיטין אין דאָזיקן קרייז, אין וועלכן די טענצער האָבן זיך באַוועגט אין איין ריכטונג, כדי פּלוצים צו בלייבן שטיין און אָנהויבן צו טאַנצן אין אַ צווייטער ריכטונג.

דאָס געזאַנג און דער טאַנץ האָט שוין געדויערט איבער פיר שעה און מען האָט נאָך אַלץ נישט געזען קיין מידקייט ביי די יונגע פּלמ״ח־חברים. אומבאַמערקט פאַר אַלעמען

האָבן דוד און ירדנה זיך דערווייטערט פון דער געזעלשאַפט און זענען אַוועק צווישן די חורבות פון אַלטערטימלעכן שלאָס. זיי זענען אַריינגעקראָכן אין אַ קליינער צעלע, וואָס האָט זיך געפונען אין מויער. דאָ, אין דער דאָזיקער באַהעל־טעניש, איז צו זיי נישט דערגאַנגען קיין שום גערויש פון דרויסן. דוד האָט אויסגעשפּרייט זיין קאַץ אויף דער ערד. זיי האָבן זיך צערטלעך אַרומגענומען.

— דוד! — האָט ירדנה אויסגערופן מיט אַ שטילער און ציטערנדיקער שטימע. — דוד, איך האָב דיך אַזוי ליב.

דער ווינט האָט זיך עטוואָס איינגעשטילט און צו זייערע אויערן האָט זיך דערטראָגן דער אָפּקלאַנג פון אַ ווילדער מוזיק.

— דוד... דוד... דוד... — האָט ירדנה געפּליסטערט קושנדיק אים אין האַלדז.

אויך דוד האָט אָן אויפהער געפּליסטערט איר נאָמען. ער האָט זי געגלעט איבערן סאַמעט פון איר לייב.

ירדנה האָט אַראָפּגעצויגן פון זיך אירע קליידער און דאַן האָבן זיי זיך פעסט צוגעדריקט איינער צום אַנדערן. ביידע קערפּערס זענען פאַרשמאָלצן געוואָרן אין איינעם.

שפּעטער איז ירדנה געלעגן אַ גליקלעכע אין זיינע אָרעמס. דוד האָט געגלעט איר פּנים, אירע האָר און געפּליס־טערט:

— ירדנה, איך ליב דיך...

— צי געדענקסטו, דוד, אונזער ערשטע באַקאַנטשאַפט?

— יאָ.

ירדנה האָט שטיל, ווי פאַר זיך, אָנגעהויבן צו מורמלען:

— אני חבצלת השרון, שושנת העמקים... כי הנה הסתו

עבר, הגשם חלף הלך לו; הניצנים נראו בארץ, [illegible]
הגיעה וקול התור נשמע בארצנו...

עס איז פולשטענדיק שטיל געוואָרן און ביידע האָבן געהערט דעם ריטם פון זייערע הערצער.

דוד האָט איר צוריקגעענטפערט אין דער שטיל:

— הנך יפה רעיתי, הנך יפה, עיניך יונים מבעד לצמתך...
כחוט השני שפתותיך...

זי האָט אָנגענומען זיין האַנט און אַרויפגעלייגט אויף איר ברוסט...

שני שדיך כשני עפרים, תאומי צביעה, הרועים בשושנים...

דוד האָט איר אָן אויפהער געקושט אין די ליפּן.

וחכך כיין הטוב, הולך לדודי למישרים, דובב שפתי ישנים...

דוד און ירדנה זענען גליקלעכע איינגעשלאָפן האַלטנדיק זיך אַרומגענומען.

פיר פאַרטאָג איז דערלאַנגט געוואָרן צום עסן דאָס שעפּסן־פלייש, וואָס איז אָפּגעבראָטן געוואָרן פאָריקע נאַכט צוזאַמען מיט הייסן קאַפע, וואָס איז אויפגעבריט געוואָרן אויף אַן אַראַבישן אופן. קיטין האָט מען אַלס ערן־גאַסט מכבד געווען מיטן ערשטן שטיקל פלייש. דער טעמפּ פון די שטורמישע געזאַנגען און טענץ האָט עטוואָס נאָכגעלאָזן. אַ סך פּאָרלעך זענען געלעגן צוגעדריקט איינע צו די אַנדערע. דער טעם פון שעפּסן־פלייש איז געווען אויסערגעוויינלעך.

קיטי פרעמאַנט האָט אין ליכט פון דעם אויסלעשנדיקן זיך פייער באַטראַכט די פּנימער פון די אַרומיקע. — וואָס איז דאָס פאַר אַן אַרמיי, צו וועלכער די דאָזיקע יונגע לייט געהערן? — האָט זי געטראַכט. וואָס זענען דאָס פאַר אַ סאָלדאַטן אָן מונדירן און אָן אַ ראַנג? וואָס איז דאָס פאַר

אַן אַרמיי, אין וועלכער די פּרויען קעמפן ביי דער זייט פון זייערע מענער? ווער זענען זיי עס, די יונגע לייבן פון יהודה?

זי האָט אַ קוק־געטאָן אויפן פּנים פון אריִ בן־כנען און אַ ציטער איז דורך איבער איר לייב. ווי אַ בליץ איז צו איר געקומען די דערקענטעניש: דאָס איז נישט געווען קיין אַרמיי פון געוויינלעכע מענטשן. די דאָזיקע יונגע בחו־רים און מיידלעך זענען געווען די אַלטע העברעער! די דאָזיקע פּנימער זענען די פּנימער פון דן און ראובן, יהודה און אפרים. די דאָזיקע מענטשן, וואָס האָבן זיך געפונען נעבן איר זענען געווען די שמשונס און דבורה׳ס, די יואב׳ס און שאול׳ס, די מרימ׳ס און דוד׳ס.

דאָס איז געווען די אַרמיי פון ישראל, און קיין כוח אין דער וועלט האָט זי נישט געקאָנט באַזיגן, ווייל אין די דאָזי־קע מענער און פרויען האָט געשטעקט גאָטס כוח.

# קאפיטל זעקס

אינסטיטוט פאַר אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען
טשעטעם־האַוז, לאָנדאָן.

גאַנצע טעג האָט סעסיל ברעדשאו, דער עקספערט פאַר די פראַגן פון דער מיטל־מזרחדיקער פּאָליטיק, געלייענט אין זיין ביוראָ, וואָס האָט זיך געפונען אין טשעטעם־האַוז, די באַריכטן וועלכע ער האָט באַקומען איבערן מצב אין ארץ־ישראל. ער האָט זיך געמאַכט באַמערקונגען פון די דאָזיקע באַריכטן, כדי זיך צו שאַפן אַ קלאָרע מיינונג וועגן דעם, וואָס דאָרטן קומט פאָר. דאָס קאָלאָניע־מיניסטעריום, דאָס אויסערן־מיניסטעריום און אפילו דער פּרעמיער האָבן דערוואַרט פון אים אַ פאָרשלאַג, וואָס צו טאָן ווייטער. דער פּאַלעסטינע־מאַנדאַט האָט זיך געפונען אין אַ צושטאַנד פון אַ פּאָליטישן קריזיס. די ביז־איצטיקע ענגלישע פּאָליטיק אין ארץ־ישראל האָט זיך ארויסגעוויזן פאַר פאַרעלטערט און מען האָט גע־מוזט אויסאַרבעטן פולשטענדיק נייע קאָנצעפּציעס. סער ברעד־שאו האָט געהאַט הינטער זיך זיבן און דרייסיק יאָר דערפאַ־רונג אויפן דאָזיקן געביט. אין משך פון דער דאָזיקער צייט האָט ער אָפּגעהאַלטן הונדערטער קאָנפערענצן מיט די ציו־ניסטן און די אַראַבער. ווי דאָס רוב פּאָליטיקער פון דער ענג־לישער אַדמיניסטראַציע איז אויך ברעדשאו געווען איבער־

צייגט, אַז די אינטערעסן פון ענגלאנד זענען אידענטיש מיט די אינטערעסן פון די אַראַבער. עס איז אים שטענדיק געלונ־גען צו באַרואיקן די אַראַבער, וועלכע זענען געקומען מיט דראָונגען און שאַנטאַזש. אָבער דאָס מאָל האָבן זיי ערנסט רעוואָלטירט, און די קאָנפערענצן, וואָס זענען צו יענער צייט פאָרגעקומען אין לאָנדאָן, האָבן זיך פאַרענדיקט מיט אַ דורכ־פאַל.

עס איז פולשטענדיק קלאָר, אַז חאַדזש אַמין אַל־כוסייני, דער מופטי, פירט אָן מיט די ענינים פון „העכסטן אַראַבישן קאָמיטעט״, זיצנדיק אין קאַיר. דער פאַקט, וואָס מיר האָבן מורא־געהאַט אָנצוקלאָגן דעם מופטי אַלס מלחמה־פאַרברעכער, נעמט איצט פון אונז נקמה. די האַלטונג פון די אַראַבער איז פולשטענדיק זינלאָז. זיי וואַרפן אָפּ יעדן פאָרשלאָג זיך צו זעצן מיט די יידן ביי איין טיש, כל־מן עס וועלן נישט פון פאָרויס אָנגענומען ווערן זייערע פאָדערונגען.

סעסיל ברעדשאו האָט זיך באַטייליקט אין דער קאָנפערענץ אין סאַן רעמאָ, ווען ענגלאנד און פראַנקרייך האָבן צעטיילט צווישן זיך דעם מיטעלן מזרח. ער איז אויך אָנוועזנד געווען ביים אויסאַרבעטן דעם טעקסט פון דער באַלפור־דעקלאַראַ־ציע. ברעדשאו האָט געהערט צו דער גרופּע פון טשערטשילס מענטשן, וועלכע האָבן גענומען אַ העלפט פון מאַנדאַט־געביט און עס פאַרוואַנדלט אין קעניגרייך עבר־הירדן. אין די דאָזיקע אַלע יאָרן און ביי אַלע אומרועןן, וועלכע דער מופטי האָט אַרויסגערופן, האָבן די ענגלענדער נאָך נישט געהאַט צו טאָן מיט אַזאַ קעגנער, ווי עס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט די יידישע קעמפער.

מיר האָבן געהאַלטן אין איין פאָדערן פון „ועד הלאומי" און פון יידישן ישוב אין ארץ־ישראל, זיי זאָלן אונטערשטיצן די בריטישע מאַכט־אָרגאַנען, כדי צו ליקווידירן די באַנדעס, וואָס באַצייכענען זיך מיטן נאָמען „מכבים". דער „ועד הלאומי" באַשטעטיקט וואָס אַן אמת, אַז ער האָט נישט קיין שליטה איבער די דאָזיקע מענטשן, און אָפיציעל פאַראורטיילט ער זייערע אַקציעס, איז דאָך אָבער באַוווּסט, אַז אַ גרויסער טייל פון די יידן אַקצעפּטירן די מעטאָדן פון די „מכבים". אין דאָזיקן ענין האָבן מיר נישט קיין שום אונטערשטיצונג און צוזאַמענאַרבעט מצד די יידן. די טעטיקייט פון די „מכבים" האָט אָנגענומען אַזאַ פאַרנעם, אַז מיר האַלטן עס פאַר נויטיק צו עוואַקואירן אַלע ענגלענדער, וועמענס אָנוועזנהייט אין ארץ־ישראל איז נישט דרינגענד, ווי אויך אַלע ענגלישע פאַמיליעס.

**ברעדשאו האָט געלייענט די באַריכטן וועגן אַלץ־וואַקסנדיקן טעראָר, וואָס האָט אויפגערודערט ארץ־ישראל פון איין עק ביז צווייטן.**

חוץ דעם איבערפאַל אויף די נאַפט־ראַפינעריעס אין חיפה, אין רעזולטאַט פון וועלכן די פּראָדוקציע איז אָפּגעשטעלט געוואָרן אויף צוויי וואָכן, ווי אויך דעם איבערפאַל אין לוד, ווו עס איז פאַרניכטעט געוואָרן אַן עסקאַדרע ענגלישע עראָפּלאַנען, האָבן געהאַט אַן אָרט צען איבערפאַלן אויף אויטאָקאָלאָנעס און פופצן איבערפאַלן אויף מיליטערישע לאַגערן. עס זענען פאַראַן אַ סך צייכנס, וואָס ווייזן, אַז דער שטורעם־כוח פון „הגנה", דער פלמ"ח ווערט אומרואיקער און האָט אפילו אָנטיילגענומען אין איינצקע אַקציעס.

**די קליינע, אַלטע שיפלעך, וואָס האָבן שוין פון לאַנג נישט געטויגט צו ים־רייזעס, האָבן אין די ראַמען פון „עליה ב״ געהאַלטן אין איין ברענגען נייע עולים קיין ארץ־ישראל.**

טראָץ דעם, וואָס די צאָל שיפן, וועלכע פּאַטרולירן דעם ברעג פון פּאַלעסטינע, איז פאַרגרעסערט געוואָרן, האָט זיך פאַרשטאַרקט די אַקטיוויטעט פון „עליה ב״ זינט דעם אינצי־דענט מיט „עקסאָדוס״. די שיפן „אמעריקע״, „סאַן מיגועל״, „אולאַא״, „אַבריל״, „שושנה״ און „סאַן פיליפּאָ״ האָבן גע־בראַכט אין לאַנד אַכט טויזנט אומגעזעצלעכע עולים פון די פּליטים־לאַגערן אין אייראָפּע. עס איז פאַראַן אַ גרונט אָנצו־נעמען, אַז נאָך צוויי אַנדערע שיפן איז געלונגען דורכצו־ברעכן די בלאָקאַדע. פון די באַריכטן, וואָס עס האָבן צוגע־שטעלט אונדזערע אַמבאַסאַדעס און קאָנסולאַטן אין די לענ־דער פון מיטעלן מזרח, ווערט קלאָר, אַז „עליה ב״ האָט דער־וואָרבן נייע פינף שיפן, כדי בקרוב צו ברענגען נייע אומלע־גאַלע עולים קיין ארץ־ישראל.

**די ענגלענדער האָבן אראָפּגעבראַכט קיין ארץ־ישראל שטאַרקע מיליטערישע כוחות. צוויי און פופציק טייגערט־פעסטונגען האָבן באדעקט דאָס קליינע לאַנד ווי מיט א געדיכטער נעץ. דערצו זענען נאָך צוגעקומען די פּאָליציי־סטאַציעס אויף דער גרענעץ. אין יעדער שטאָט האָט זיך געפונען אן אקטיווע פּאָליצייאישע גרופּע און אין עבר־הירדן האָט זיך געפונען דער אראבישער לעגיאָן. חוץ דעם האָבן די ענגלענדער נאָך פאַרמאָגט שטארקע מיליטערישע באַזעס אין עטלית, ביי חיפה, די שנעלער־קאַזאַרמעס אין**

ירושלים און דעם ריזיקן לאַגער סאראפענד, הינטער תל־אביב.

אין משך פון די לעצטע חדשים האָבן מיר דורכגעפירט די אקציעס „נח", „נח'ס תיבה", „ים־ראָק", „מאַקערעל־פיש", „פאָרזיכטיקער", „איינזאמער", „אָקטאָפוס", „קאַראַנטין" און „האַרפע", כדי צו האַלטן דעם ישוב אונטער א שטענדיקן דרוק. ביי די דאָזיקע אקציעס האָט זיך דער עיקר געהאנדלט אין דורכפירן אבלאַוועס, כדי צו געפינען אומלעגאלע עולים, צו אנטדעקן געהיימע געווער־מאגאזינען, ווי אויך כדי דורכצופירן קעגן־אַקציעס אין די ערטער, וווּ עס זענען דורכגעפירט געוואָרן אָנגריפן קעגן אונדז. אונדזער דער־פאָלג איז אָבער געווען זייער א קליינער צוליב דעם, וואָס די יידן זענען גוט אָרגאַניזירט און זיי קאָאָפערירן איינער מיטן אנדערן. דאָס געווער איז אויסבאהאלטן אין בלומען־קאַסטנס, אין אַקטן־שאַפעס, אין אויוונס, פרידזשידערן, אין אויסגעהוילטע פיס פון טישן און בענק און אין טויזנטער אנדערע באהעלטענישן, אזוי אז עס איז כמעט אוממעגלעך צו פאַלן אויפן שפור פון געווער, וואָס געפינט זיך אין די הענט פון די יידן. דאָס געווער ווערט איבערגעפירט פון אָרט צו אָרט דורך פרויען און קליינע קינדער, וואָס אַרבעטן מיט פרייוויליק אין דער „הגנה". אונזערע באַמיאונ־גען צו ווערבירן אינפארמאטארן פון צווישן די יידן האָבן זיך נישט איינגעגעבן. פון דער אנדערער זייט האָבן די יידן א מעגלעכקייט נישט נאָר צו קויפן פאר געלט אראבישע שפיאָנען, נאָר זיי באקומען אויך אינפאָרמאַציעס פון סימ־פאַטיקער, וואָס ארבעטן אין ענגלישן שטאָב. די יידן פראָ־דוצירן אויך גוט געווער. בעת אַ פּרווו אויפצודעקן אַ געהיים

פלאַץ פון געווער־פּראָדוקציע אין א קיבוץ, זענען אונדזערע זעלנער באַגאַסן געוואָרן דורך די דאָרטיקע פרויען מיט קאַכיקן וואַסער...

**די צרות, וועלכע ברעדשאו האָט געהאַט אויסצושטיין, זענען נישט געווען בלויז צוליבן מצב אין ארץ־ישראל. דאָס פּראָבלעם איז פארשארפט געוואָרן דורך אויסערלעכע פאַקטאָרן, וואָס האָבן לחלוטין נישט געהאַט צו טאָן מיטן ארץ־ישראל־מאנדאַט. צו יענער צייט האָט ענגלאנד אָנגע־הויבן שטאַרק אפצופילן אירע ווירטשאפטלעכע שוועריקייטן. דער גאנצער ענין מיט דער בלוט־פארגיסונג איז זיי אויך נמאס־געוואָרן. און וואָס שייך די אינטערנאציאנאלע ארענע, איז די אמעריקאנער ציוניסטן געלונגען צו געווינען די סימפאטיע פון טרומאַנען, וועלכער איז געוואָרן זייערער א שטארקער פארבינדעטער.**

זינט מיר האָבן אָפּגעוואָרפן די רעקאמענדאציעס פון דער אנגלא־אמעריקאנישער קאָמיסיע וועגן דערלויבן הונ־דערט טויזנט יידן אריינצוקומען קיין פאלעסטינע, האָט אונדזער פרעסטיזש באדייטנד געליטן צווישן אונדזערע פארבינדעטע. אונדזער פרעסטיזש איז אויך געפאַלן גלייכ־צייטיק צוליב דעם, וואָס מיר זענען מאכטלאז לגבי די אקציעס פון די „מכבים". נאָך קיינמאָל זענען מיר נישט געוואָרן אזוי אויסגעשטעלט צו שפּאָט, ווי נאָכן לעצטן אינצידענט, ווען אן ענגלישער ריכטער, וואָס האָט פאר־משפט א טעראָריסט, איז פארכאפט געוואָרן דורך א גרופּע טעראָריסטן.

סעסיל ברעדשאו האָט אַראָפּגענומען זיינע גרויסע ברילן פון נאָז, האָט זיך אויסגעווישט די רויטע אויגן און א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. — וואָס פאַר אַ צעמישעניש! — האָט ער געטראַכט. דזשאמאל כוסייני, דער פּלימעניק פון ירושלימער מופטי, האָט ווידער אָנגעהויבן צו ליקווידירן די אפּאזיציע אין ארץ־ישראל דורך אויסמאָרדן אלע קעגנער. די „הגנה" האָט פאַרגעזעצט די „עליה ב" און די „מכבים", אונטער דער אָנפירונג פון עקיבא, האָבן געשאַפן אַן אומ־דערטרעגלעכן מצב. ענגלישע אָפיצירן זענען געשלאָגן גע־וואָרן אָפן אויף די גאַסן מיט בייטשן און ענגלישע סערזשאַנטן זענען אויפגעהאָנגען געוואָרן אַלס רעוואַנזש קעגן די אורטיילן איבער יידישע טעראָריסטן... די יידן, וועלכע האָבן בעת די בלוטיקע געשעענישן פאַר דער מלחמה זיך געהאלטן ביי דער טאַקטיק פון אפּווארטן, האָבן איצט אָפן אנגע־הויבן אָפּצושלאָגן די אַראַבישע אָנגריפן.

אין די אָפיציעלע קרייזן האָט מען דערציילט, אַז דער ווילן פון סער סעסיל ברעדשאו צו קעמפן קעגן די יידן, האָט זיך איינגעבראָכן נאָך דער פּרשה מיט „יציאת אייראָפּע". עס האָט געשיינט, אַז די פראַגע פון ארץ־ישראל־מאנדאַט דערנענטערט זיך צו אַ שווערן קריזיס. דאָס קליינע לענדל האָט געהאַט אַ וויכטיקע ווירטשאפטלעכע און סטראַ־טעגישע פּאָזיציע. ארץ־ישראל האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך די אַקס פון דער בריטישער אימפּעריע. די ים־באַזע און די נאַפט־ראַפינעריעס אין חיפה, ווי אויך די נאָענטקייט צום סועץ־קאַנאַל, האָבן גורם־געווען צו דעם, אַז די ענג־לענדער האָבן מיט אַן אַבסאָלוטער נויטווענדיקייט זיך געמוזט האַלטן אין דאָזיקן לאַנד.

סער ברעדשאו איז ארויסגעריסן געוואָרן פון זיינע

גערדאַנקען דורך אַ קלונג פון טעלעפאָן — גענעראַל טעוואר־בראון איז געקומען — האָט מען אים געמאָלדן.

ברעדשאו און גענעראל טעוואר־בראון האָבן זיך באַג־ריסט זייער קאַלט. טעוואר־בראון איז געווען איינער פון די ווייניקע באאמטע, וועלכע זענען געווען סימפאטיש גע־שטימט צו די יידן. ער איז דאָס געווען דער יעניקער, וועלכער האָט אין זעלבן צימער געוואָרנט דעם ספעציאליסט פאר די ענינים פון מיטעלן מזרח, אז עס דערנענטערט זיך דער סוף פון בריטישן מאַנדאט אין ישראל און ער האָט פארגעלייגט, אז מען זאָל דערלויבן די שיף „יציאת אייראפע" אָפּצושווימען, איידער עס איז אויסגעבראכן דער הונגער־שטרייק. גענעראל טעוואר־בראון איז שטענדיק געווען ביי דער מיינונג, אז מען דארף שטיצן די יידן און נישט די אראבער, ווייל די יידן, אין קעגנזאץ צו די אראבער, וועלן בלייבן טרייע ענגלישע פארבינדעטע אויף וועלכע מען וועט זיך קאָנען פארלאָזן. ער איז געווען דערפאר מען זאָל פארוואנדלען ארץ־ישראל אין א יידישער מדינה, וואָס זאָל געהערן צו דער בריטישער פעלקער־געמיינשאפט.

סער סעסיל ברעדשאו און זיינע מיטארבעטער, ווי אויך די באאמטע פון קאָלאָניע־מיניסטעריום האָבן אָבער נישט אָנגענומען די דאָזיקע מיינונג. אפילו איצט האָבן זיי נישט געהאַט דעם מוט איינצוזען, אז זיי זענען באגאנגען א פאטאלן פעלער און זיי דארפן דעריבער זיך צוריקציען. זיי זענען ווייטער געווען אַנטשלאָסן זיך צו האלטן ביים זעלבן קורס, אפילו ווען דאָס האָט געדראָט מיט אונטערגאנג. די מורא פארן אראבישן שאנטאזש אינעם ענין פון סועץ־קאנאל און פון נאפט, איז געווען שטארקער ווי יעדער אנדער געדאנק.

— איך האָב דורכשטודירט די באַריכטן — האָט ברעדשאָו געזאָגט.

טעוואר־בראַון האָט פאַרויכערט אַ סיגאַרעט.

— יאָ, די דאָזיקע באַריכטן זענען זייער אינטערעסאַנטע — האָט ער זיך אָפּגערופן. — ווייזט אויס, אַז די יידן האָבן בכלל נישט בדעה אונדז צו טאָן אַ געפעליקייט און זיך לאָזן אַריינשטויסן אין ים אַריין.

ברעדשאָו איז געווען דענערווירט פון טעוואר־בראַונס רייד, און דער עיקר פונעם טאָן מיט וועלכן ער האָט גערעדט.

— איך וויל נישט הערן פון אייך קיין שטעכווערטלעך, סער קלאַרענס — האָט סעסיל ברעדשאָו אויסגערופן. — איך מוז אין משך פון עטלעכע וואָכן פאַרלייגן רעקאָמענ־דאַציעס. איך האָב געוואָלט זיך באַראַטן מיט אייך, צי מען דאַרף איבערלאָזן אויף זיין אַמט אין ארץ־ישראל דעם גע־נעראַל הייוועך־הערסט. מיר שיינט, אַז מען דאַרף אָנהויבן זיך באַגיין מיט די יידן אַ ביסל שטרענגער.

— אויב איר ווילט עס דורכפירן איז גענעראַל הייוועך־הערסט זייער צוגעפּאַסט צו דעם. סיידן איר ווילט זיך באַנוצן מיט אייניקע עס. עס.־גענעראַלן, וועלכע זיצן אין תפיסה אַלס קריגס־פאַרברעכער. איך וויל אייך דערמאָנען, אַז דערווייל געפינט זיך אין ארץ־ישראל אַ ציווילע פּאַרוואַל־טונג און מיר האָבן דאָרטן אַ הויך־קאָמיסאַר.

ברעדשאָו איז געוואָרן פּורפּור־רויט אויפן פנים, אָבער ער האָט זיך באַמיט צו באַהערשן, הגם מיט יעדן טאָג איז ער געוואָרן אַלץ נערוועזער.

— אַלנפאַלס האַלט איך, אַז מען דאַרף געבן דעם גענעראַל הייוועך־הערסט ברייטערע פולמאַכטן — האָט ברעדשאָו זיך

אפגערופן און אויסגעצויגן צום גענעראל טעוואר־בראון א בויגעלע פאפיר.

דאָס איז געווען א בריוו צום קאָמאַנדיר פון די ענגלישע מיליטערישע כוחות אין ארץ־ישראל, גענעראל הייוועך־הערסט. „די סיטואציע איז דערגאנגען צו אזא שטופע, אז אויב איר וועט נישט קאָנען פאַרלייגן קיין רעקאָמענדאַציעס צו סטאַביליזירן די לאגע, וועל איך זיין געצוואונגען פארצולייגן דער ארגאניזאציע פון די פאראייניקטע נאציעס זי זאָל דעצידירן וועגן דאָזיקן ענין”.

— זייער גוט, ברעדשאו — האָט געזאָגט טעוואָר־בראון — איך בין איבערצייגט, אַז הייוועך־הערסט האָט זיכער זייער אינטערעסאנטע פאַרשלאָגן, אויב פארשטייט זיך, איר זענט פאראינטערעסירט אין גרויל־געשיכטעס.

צפת, ארץ־ישראל.

נאָך דער פרשה מיט „יציאת אייראפע” איז גענעראל ברוס סאטערלענד אויף אַ שטילן אופן אַראָפּגענומען געוואָרן פון זיין אמט. ער איז אפגעפאָרן קיין ארץ־ישראל און זיך באַזעצט אויפן הר־כנען, נעבן צפת.

עס האָט געשיינט, אז ענדלעך האָט ברוס סאטערלענד געפונען אינערלעכע רו און אַנטשפּאַנונג פון די פיינפולע יאָרן, זינט דעם טויט פון זיין מוטער. צום ערשטן מאָל האָט ער געקאָנט שלאָפן און נישט געפייניקט צו ווערן דורך די אנגסטפולע חלומות. ער האָט געקויפט אויפן בארג א קליינע, שיינע ווילע, נישט ווייט פון צפת. די לופט דאָרטן איז אויסערגעוויינלעך ריין און דער שטענדיקער שטילער ווינטל

דערלאָזט נישט צו דעם, אַז די זומערדיקע היץ זאָל ווערן אומדערטרעגלעך.

ער האָט פאַרבראַכט זיין צייט מיט פלאַנצן רויזן. זיין רויזן־גאָרטן האָט געגילט אַלס דער שענסטער פון גאַנץ ארץ־ישראל. ער האָט באַזוכט די הייליקע ערטער, האָט געלערנט העברעאיש און אַראַביש, אָדער ער האָט געוואַנדערט איבער די שמאָלע געסלעך פון צפת. ער איז נישט מיד געוואָרן צו באַזוכן די דאָזיקע פאַרכאַפנדיקע שטאָט, וועמענס הייזער עס זענען געשטאַנען אויף אַ באַרג־שיפּוע און וועמענס ענגע, אָריענטאַלישע גאַסן האָבן געפירט צום שפּיץ פון באַרג.

דער יידישער ווינ־קוואַרטל, וואָס האָט פאַרנומען אַ צענטע טייל פון שטאָט, איז געווען באַפעלקערט דורך אָרעמע, אָבער זייער פרומע יידן, זיי האָבן זיך אויסגעהאַלטן פון נדבות, וואָס פלעגן אָנקומען פון די יידן אין אויסלאַנד. צפת איז געווען דער צענטער פון קבלה. די אַלטע יידן האָבן אַ גאַנץ לעבן דאָ פאַרבראַכט אין לערנען תורה און אין תפילות. און אין זייער פערזענלעכקייט זענען זיי געווען פונקט אַזוי פּילפּאַרביק, ווי די שטאָט גופא. אין זייערע זעלטזאַמע אָריענטאַלישע בגדים און אין די אָפּגעריסענע שמאַטעס פון אַמאָליקע פּרעכטיקע כאַלאַטן פון זייד, האָבן זיי געוואַנדערט פאַרביי די געצייכלטע געוועלבער, וואָס זענען געלעגן געדיכט איינס נעבן אַנדערן. דאָס זענען געווען אין גרעסטן טייל פריינטלעכע און פרידלעכע מענטשן, וועלכע האָבן צומייסטן געליטן פון די אַראַבישע פּאָגראָמען, ווייל זיי זענען נישט געווען אין דער לאַגע זיך צו פאַרטיידיקן מיט געווער אין האַנט.

אין אַראַבישן טייל פון צפת האָבן זיך געפונען די זעלבע

חרובע און אפגעלאזענע הייזלעך, ווי אין אנדערע ערטער, ווו עס האָבן געוווינט אראבער. אבער דער וווּנדערבארער קלימאט און די שיינקייט פון דער ארומיקער געגנט האָבן צוגעצויגן צום דאָזיקן אָרט א סך רייכע אראבישע גרונט־באַזיצער, וועלכע האָבן זיך דאָ אויפגעבויט פּרעכטיקע און גערוימע הייזער. אויפן הר־כנען האָבן אויך די יידן אויס־געבויט א סך מאָדערנע ווילעס. סאַטערלענד האָט געהאַט פריינט סיי צווישן די יידן און סיי צווישן די אראבער.

ווי די אראבער זענען געווען שטענדיק געוווינט, האָבן זיי אויך אין צפת געבויט זייערע הייזער אויף חורבות־רעשטלעך פון די מיטלאַלטערלעכע צייטן. א שיינער מוסטער פאַר דער דאָזיקער אַרכיטעקטור איז געווען דער מעטשעט „בנות יעקב".

די קרוין פון צפת איז די מצודה. די וועגן, וואָס פירן צום בארג, שלענגלען זיך פאַרביי דער פעסטונג „אבירי המקדש", ווי אויך פאַרביי די חורבות פון אלטערטימלעכע יידישע באפעסטיקונגען. דער שפּיץ פון בארג איז איינגע־הילט אין סאָסנע־ביימער און מען זעט פון אים דעם ים כנרת אין דרום און די חולה־אזיערע אין צפון. פון דאָזיקן אָרט קאָן מען אויך זען דעם וועג פון ירדן־טייך. אויפן האָריזאָנט צייכענען זיך די קאָנטורן פון בארג חרמון, און פון מערב־זייט, איבער מירון, קאָן מען זען אַלע טאָלן און בערג פון גליל.

אויפן שפּיץ פון בארג אין צפת האָבן די יידן מיט יאָרן צוריק אנגעצונדן שייטערהויפנס, כדי מיטצוטיילן די יישובים וועגן דער צייט פון די ראש־חודשן און יום־טובים.

די פּרעכטיקע לאַנדשאַפט פון צפת איז צעשטערט געוואָרן בלויז דורך איין העסלעכער געביידע. דאָס איז געווען די

גרויסע טאגערט־באפעסטיקונג, וואָס האָט זיך געפונען מחוץ דער שטאָט ביים וועג, וואָס האָט געפירט צום בארג כנען. די דאָזיקע באפעסטיקונג האָט מען געקאָנט זען דורך די פענצטער פון סאטערלענדס ווילע.

סאטערלענד האָט דורכגערייזט גאנץ ארץ־ישראל און דערנאָך האָט ער אנגעהויבן צו באזוכן די צפון־טיילן פון לאנד, ווי תל־חצור, לענגאויס דער לבנונישער גרענעץ און אין נבי יושע. דורך א צופאל איז אים אויסגעקומען צו באזוכן גן־דפנה און דאָרטן האָט ער זיך באפריינדעט מיטן דאָקטאר ליבערמאן און קיטי פרעמאנט. די באנייטע באגעגעניש צווישן קיטי און סאטערלענד, נאָך זייער קורצער באקאנטשאפט אין ציפערן, איז געווען אנגענעם פאר זייביידן. סאטערלענד איז געווען גליקלעך, וואָס מען האָט אים דערלויבט צו זיין א מין אפוטרופוס איבער די קינדער. אונטער קיטיס איינ־פלוס האָט ער גענומען עטלעכע אפגעשטאנענע קינדער צו זיך אין דער ווילע און עס האָט לאנג נישט געדויערט ווי צווישן דעם דעמיסיאָנירטן גענעראַל און די דאָזיקע קינדער איז אַנטשטאַנען אַ שטאַרקע פריינטשאַפט.

א געוויסן טאָג נאָך מיטיק האָט סאטערלענד זיך צוריק־געקערט פון גן־דפנה. ער איז געווען איבעראַשט געפינענדיק זיין געוועזענעם אדיוטאנט, מאיאר פרעד קאלדוועל, ביי זיך אין דער וווינונג.

— פון ווען אן זענט איר אין ארץ־ישראל, פרעדי? — האָט סאטערלענד אים באגריסט.

— איך בין געקומען אהער מיט א קורצער צייט צוריק — האָט קאלדוועל זיך אפגערופן.

— און ווו דינט איר?

— אין קאמענדאטור אין ירושלים. אינטעלידזשענס־

סערוויס. איך בין פאַרבינדונגס־אָפיציר פון געהיים־דינסט. מען האָט לעצטנס דורכגעפירט אַ ריי ענדערונגען. עס ווייזט אויס, אַז אייניקע פון אונזערע מענטשן האָבן מיטגעאַרבעט מיט דער „הגנה" און אפילו מיט די „מכבים". צי קאָנט איר זיך פאָרשטעלן אַזאַ זאַך?

סאַטערלאַנד האָט זיך עס זייער לייכט געקאָנט פאָרשטעלן.

— מיין באַזוך ביי אייך, סער, טראָגט בלויז טייל־ווייז אַ געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, הגם איך האָב אייך גלייך געוואָלט באַזוכן פּריוואַט און זען ווי עס לעבט זיך אייך דאָ. אָבער גענעראַל הייוועןְ־העדסט האָט מיך געבעטן איך זאָל זיך טרעפן מיט אייך, היות מיר האָבן פריער ביידע צוזאַמענגעאַרבעט.

— אַזוי?... — האָט סאַטערלענד פילדייטיק אַ ברום־געטאָן.

— ווי אייך איז באַקאַנט האָבן מיר בדעה דורכצופירן די „אַקציע פּאַלי", די דאָזיקע אַקציע האָט פאַר אַ ציל צו עוואַקואירן פון פּאַלעסטינע אַלע ענגלענדער, ווענענס אַנ־וועזנהייט עס איז דאָ נישט נויטיק דרינגענד. גענעראַל הייוועןְ־העדסט וויל וויסן, וואָס איר האָט בדעה צו טאָן.

— איך האָב געהערט פון דער דאָזיקער אידיאָטישער אַקציע — האָט סאַטערלענד באַמערקט. — איך האָב בדעה גאָרנישט צו טאָן. דאָ איז מיין הויז און דאָ וועל איך בלייבן.

מאַיאָר קאַלדוועל האָט אַ צערייצטער געקלאַפּט מיט די פינגער־שפּיצן אין טיש.

— איך האָב אפשר זיך נישט קלאָר אויסגעדריקט, סער, אָבער גענעראַל הייוועןְ־העדסט וויל, אַז איר זאָלט פאַרשטיין, אַז גלייך מיטן עוואַקואירן די בריטישע בירגער, וואָס זענען דאָ נישט נויטיק, וועט ער נישט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר

אייער זיכערהייט. אויב איר וועט דאָ בלייבן, וואָלט דאָס געווען פאַר אונז אַ שווער פּראָבלעם.

אין מאַיאָר קאָלדוועלס רייד האָט סאַטערלענד אַרויסגע־פילט אַ באַהאַלטענעם מיין: גענעראַל הייוועך־הערסט האָט געוווּסט וועגן סאַטערלענדס סימפּאַטיעס און ער האָט מורא געהאַט, אַז ער זאָל נישט מיטאַרבעטן מיט דער „הגנה". דאָס האָט ער אים פּשוט געראָטן ער זאָל זיך אָפּטראָגן פון ארץ־ישראל.

— זאָגט דעם גענעראַל הייוועך־הערסט, אַז איך בין אים זייער דאַנקבאַר פאַר זיין זאָרג וועגן מיר און אַז איך האָב פולשטענדיק פאַרשטענדעניש פאַר זיין מצב.

מאַיאָר קאָלדוועל האָט נאָך געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער סאַטערלענד איז שנעל אויפגעשטאַנען פון אָרט, האָט געדאַנקט דעם מאַיאָר פאַרן באַזוך און אים באַגלייט ביז צום שאָסיי, ווו עס האָט געוואַרט אַ סערזשאַנט מיט אַן אויטאָ פון שטאָב. סאַטערלענד האָט נאָכגעקוקט דעם אויטאָ, וואָס איז אָפּגע־פאָרן אין דער ריכטונג פון דער טאַגערט־פעסטונג. ווי שטענדיק, איז אויך דאָס מאָל מאַיאָר קאָלדוועל דורכגעפאַלן אין זיין שליחות. דער אופן, ווי ער האָט איבערגעגעבן די וואָרענונג פון הייוועך־הערסט, איז פאַקטיש געווען אַן אומגעלומפּערטע.

סאַטערלענד האָט זיך צוריקגעקערט אין זיין וווינונג און האָט נאָכגעטראַכט וועגן גאַנצן ענין. געוויס, ער געפינט זיך אין געפאַר. די „מכבים" זענען עלול זיך קעגנצושטעלן, אַז אַ דעמיסיאָנירטער ענגלישער גענעראַל, און וועלכער האָט אַראַבישע פריינט, זאָל וווינען אַליין אויפן באַרג כנען, הגם, די „מכבים" וואָלטן זיך געדאַרפט גוט פאַרטראַכטן, איידער זיי וואָלטן געמאַכט אַ פּרוּוו דורכצופירן אַן אַטענטאַט אויף

זיין לעבן. מצד דער „הגנה״ דערוואַרט אים נישט קיין שום סכנה. ער איז געשטאַנען מיט אירע מענטשן אין אַ שטענדיקן קאָנטאַקט, און נישט נאָר וואָס זיי זענען פּאַרזיכטיק, נאָר זיי וועלן נישט אָן קיין שום טעראָר־אַקטן. פון דער צווייטער זייט, קאָן מען אָבער נישט וויסן, וואָס דער מופטי איז מסוגל צו טאָן: סאַטערלענד האָט דאָך אַ סך יידישע פריינט, און זיי קאָנען דאָס אים נעמען פאַר אומגוט. און אפשר זענען פאַראַן צווישן זיינע יידישע פריינט אויך מיט־גלידער פון „מכבים״? ער האָט וועגן דעם נישט געקאָנט וויסן.

ברוס סאַטערלענד איז אַרויס פון זיין גאָרטן, ווו עס האָבן שוין אָנגעהויבן בליִען די פרילינג־רויזן. ער האָט אַ בליק געטאָן איבערן טאָל אין דער ריכטונג צו צפת. דאָ האָט ער געפונען טרייסט און פרידן. די אַנגסט־חלומות האָבן אויפגעהערט. ניין, ער וועט נישט פאַרלאָזן דאָס אָרט, נישט היינט און נישט קיינמאָל.

דער אויטאָ פון מאַיאָר קאָלדוועל איז אַריינגעפאָרן אויפן הויף פון דער טאַגאַרט־פעסטונג געציילטע מינוטן נאָך דעם, ווי ער האָט פאַרלאָזן סאַטערלענדס וווינונג. צווישן די מויערן פון הויף זענען קאָנצענטרירט געוואָרן די ביוראָען און די קאַזאַרמעס. דאָ האָט זיך אויך געפונען אַ פּאַרקונגס־פּלאַץ פאַר אויטאָס. דער מאַיאָר איז געבעטן געוואָרן זיך צו מעלדן אין ביוראָ פון געהיים־דינסט.

— צי פאָרט איר היינט ביינאַכט צוריק קיין ירושלים, מאַיאָר קאָלדוועל? — האָט אים געפרעגט דער אינספּעקטאָר פון געהיים־דינסט.

קאלדוועל האָט אַ קוק־געטאָן אויף זיין זייגער.

— יאָ, איך האָב בדעה צו פאָרן. אויב איך וועל תיכף אפּפאָרן, וועל איך קומען אהין איידער דער אוונט פאַלט צו.

— דאָס איז זייער גוט. איך האָב דאָ אַן אַרעסטירטן יידן, וועלכער דאַרף אָפּגעפירט ווערן צום הויפּט־ביוראָ פון געהיים־דינסט אין ירושלים. ער איז איינער פון די „מכבים". זייער אַ געפערלעכער טיפּ. עס איז נישט אויסגעשלאָסן אַז די „מכבים" ווייסן וועגן דעם, אַז ער געפינט זיך ביי אונדז און זיי וועלן זיכער אַבסערווירן יעדן אַרעסטאַנטן־אויטאָ, וואָס וועט פאָרן קיין ירושלים. עס איז דעריבער אַ סך זיכערער, אויב איר וועט אָוועקפירן דעם אַרעסטירטן אין אייער אויטאָ.

— איך וועל דאָס זייער גערן טאָן — האָט מאַיאָר קאַלד־וועל זיך אָפּגערופן.

— פירט אריין דעם יידן אהער! — האָט באַפוילן דער אָפיציר פון געהיים־דינסט.

צוויי סאָלדאַטן האָבן אַריינגעשלעפּט אין צימער אַ יינגל פון אַ יאָר פערצן אָדער פופצן. זיינע הענט און פיס זענען געווען געשמידט אין קייטן. זיין מויל איז געווען פאַרשטאָפּט מיט אַ שמאַטע און זיין פּנים האָט געוויזן סימנים, אַז ער איז געפייניקט געוואָרן דורך די אויספאָרשער.

דער אָפיציר איז צוגעגאַנגען צום אַרעסטירטן.

— לאָזט זיך נישט פאַרפירן דורך דעם מלאך־פּנים פון בן־שלמה — האָט דער אָפיציר זיך אָפּגערופן — ער איז אַ געפערלעכע בעסטיע.

— בן־שלמה? — האָט קאַלדוועל געפרעגט. — איך האָב קיינמאָל נישט געהערט אַזאַ נאָמען.

— מיר האָבן אים געכאַפּט ערשט נעכטן ביינאַכט, בעת

און איבערפאַל אויף דער פּאָליציי־סטאַציע אין צפת. זיי האָבן געוואָלט אַרויסגנבענען פון דאָרטן געווער. ער האָט דערהרגעט צוויי פּאָליציסטן מיט אַ האַנט־גראַנאַט. נישט אמת? ביסט טאַקע אַ געפערלעכער יידישער ממזר.

בן־שלמה איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך און אַנגעקוקט מיט פאַראַכטונג דעם אויספאַרשונגס־אָפיציר.

— איר זאָלט אים האַלטן מיט אַ פאַרשטאָפּט מויל, מאיאַר קאָלדוועל, אַנישט וועט ער אייך אַנהויבן צו זינגען קאַפּיט־לעך תהילים. ער איז אַ פאַנאַטישער ממזר.

דער פאַראַכטונגספולער בליק פון יינגל האָט צערייצט דעם אָפיציר. ער איז צוגעגאַנגען צו בן־שלמה און אים אַראָפּגעלאָזט אַ שטאַרקן קלאַפּ איבערן פּנים. דאָס יינגל איז אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד, אַ באַגאָסענער מיט בלוט.

— נעמט אים אַרויס פון דאַנען! — האָט דער אָפיציר אויסגעשריען מיט כעס.

דאָס יינגל איז אַוועקגעלייגט געוואָרן אויף דער פּאָדלאָגע פון אויטאָ. אַ באַוואָפנטער סאָלדאַט איז געזעסן נעבן אים און מאיאָר קאָלדוועל איז געזעסן פאָרנט נעבן שאָפער. זיי זענען אַרויסגעפאָרן פון דער טאַגערט־פעסטונג.

— אזא שמוציקע חיה — האָט דער שאָפער געברומט. — ווען מען וואָלט מיך געפרעגט, מאַיאָר, וואָלט איך געזאָגט, אַז מען זאָל אונדז לאָזן אַ פּאָר וואָכן טאָן מיט די יידן וואָס מען דאַרף. דאָס וועלן מיר נאָך אַמאָל באמת טאָן...

— איינער פון מיינע חברים איז געפאַלן פון זייערע הענט פאָריקע וואָך — האָט זיך אָפּגערופן דער באַוואָפנטער זעלנער, וואָס איז געזעסן הינטער זיי. — ער איז געווען זייער אַ גוטער בחור. ער האָט איבערגעלאָזט אַ פרוי און

א ניי־געבוירן קינד. די „מכבים" האָבן אים דורכגעלעכערט דעם קאָפּ מיט א קויל.

ווען דער אויטא איז אריינגעפאָרן אין עמק בית שאן האָבן אַלע דריי פרייער אָפּגעאָטעמט. זיי האָבן זיך איצט געפונען אין א שטח, וואָס איז געווען באַווינט נאָר דורך אַראַבער און זיי האָבן שוין נישט מורא געהאַט פאַר אַן אנגריף מצד די „מכבים". אזא אנגריף האָבן זיי געקאָנט דערוואַרטן ערשט דאָן, ווען זיי וועלן זיך דערנענטערן צו ירושלים.

מאַיאָר קאַלדוועל האָט זיך אויסגעדרייט און מיט א בליק פול מיט האַס האָט ער אָנגעקוקט דעם אַרעסטירטן וואָס איז געלעגן אויף דער פאָדלאָגע. ער האָט גלייכצייטיק געטראַכט מיט פאַראַכטונג וועגן גענעראַל ברוס סאַטערלענד. ער האָט געגנוי געוווּסט, אַז סאַטערלענד העלפט די „הגנה". סאַטערלענד איז געשטאַנען אויף דער זייט פון די יידן. סאַטערלענד האָט מיט א כוונה דערפירט צו דער קאַטאַס־טראָפע אין ציפערן.

מאַיאָר קאַלדוועל האָט זיך דערמאָנט, ווי ער איז איינמאָל געשטאַנען נעבן דער פאַרצוימונג פון שטעכל־דראָט אין לאַ־גער פון קאַראַאָלאָס און אַ יידישע פרוי האָט אים אָנגעשפּיגן אין פּנים. ער האָט ווידער אַ קוק געטאָן אויפן ייִנגל, וואָס איז געלעגן אַ געשמידטער אין קייטן. דער וועכטער איז געזעסן אין מיטן און געהאַלטן זיין פוס אויף בן־שלמה׳ס קאָפּ. ער האָט אַזש געשמייכלט פון פאַרגעניגן.

— שמוציקער ייד! — האָט קאַלדוועל געמורמלט צו זיך אַליין. ער האָט זיך דערמאָנט וועגן יידן, וואָס ער האָט געזען אין לאָנדאָנער ווייטשעפּל און ער האָט דערפילט דעם ריח פון געזויערטע אוגערקעס. ער האָט געזען אַ ריי פון געוועל־

בער, אין וועלכע עס זענען געזעסן טיפּן מיט לאַנגע בערד און זיך געשאָקלט איבער אַלטע ספרים. ער האָט אויך געזען אין זיין פאַנטאַזיע ווי קליינע קינדער, וואָס האָבן אויף די קעפּ געטראָגן יאַרמלקעס, זענען געגאַנגען אין בית־מדרש.

דער אויטאָ איז איצט געפאָרן אין דער ריכטונג פון שכם.

קאַלדוועל האָט אַ שמייכל־געטאָן צו זיך אַליין, ווען ער האָט זיך דערמאָנט וועגן די אנטיסעמיטישע וויצן, וועלכע מען פלעגט זיך דערציילן אין אָפיצירן־קלוב. ער האָט זיך אויך דערמאָנט, אַז זיין מוטער האָט אים אַמאָל געפירט צו אַ חוץ־פה׳דיקן יידישן דאָקטאָר. — און זיי מיינען נאָך, אַז היטלער האָט אַ טעות געהאַט — האָט קאַלדוועל געטראַכט. — היטלער האָט געוווּסט דעם חשבון. באמת, אַ שאָד, וואָס די מלחמה האָט זיך געענדיקט איידער היטלער האָט פאַרניכטעט אַלע יידן.

קאַלדוועל האָט זיך דערמאָנט, אַז ער איז צוזאַמען מיטן גענעראַל סאטערלענד אריינגעקומען אין פאַרניכטונגס־לאַגער פון בערגן־בעלזן. סאטערלענדן איז נישט גוט געוואָרן פון דעם, וואָס ער האָט דאָרטן געזען, אָבער אים, קאַלדוועלן, האָט דאָס גאָרנישט געאַרט. וואָס מער יידן עס זענען אומגע־בראַכט געוואָרן, אַלץ בעסער.

זיי זענען אריינגעפאָרן אין אַן אַראַבישן דאָרף, וואָס איז געווען באַקאַנט מיט זיין שנאה צום יידישן ישוב. דאָס דאָרף האָט געדינט אַלס פעסטונג פאַר די אָנהענגער פון כוסייני.

— פאַרהאַלט דעם אויטאָ — האָט קאַלדוועל באַפוילן. — און איצט הערט ביידע וואָס איך זאָג אייך. מיר וועלן ארויס־וואַרפן דעם יידישן ממזר אין דרויסן.

— אָבער, הער מאַיאָר! — האָט זיך אָפּגערופן דער באַ־וואָפנטער זעלנער. — זיי וועלן דאָך אים דאָ דערהרגענען.

— איך בין זיך מודה, אַז איך האָב פֿיינט די יידן, סער — האָט געזאָגט דער שאָפֿער. — אָבער מיר זענען דאָך פֿאַראַנט־וואָרטלעך פֿאַר איבערגעבן דעם אַרעסטירטן אין ירושלים. צי איז דאָס נישט אַזוי?

— פֿאַרמאַך דאָס מויל! — האָט קאַלדוועל אויסגעשריען, כמעט היסטעריש. — איך האָב אייך דאָך געזאָגט, אַז מיר וואַרפֿן אים ארויס אין דרויסן. איר וועט ביידע שווערן, אַז די „מכבים״, וועלכע זענען אונז איבערגעפֿאַלן אויפֿן וועג האָבן אים פֿאַרכאַפּט. אויב איר וועט עמעצן דערציילן דעם אמת, וועט איר ענדיקן אין תפיסה, פֿאַרשטאַנען?

ביידע סאָלדאַטן האָבן שטום געשאָקלט מיטן קאָפּ, זעענ־דיק דעם מטורפֿן בליק אין קאַלדוועלס אויגן.

דער אויטאָ האָט זיך פֿאַרהאַלטן נעבן אָרטיקן קאָפּע־הויז. זיי האָבן באַפֿרייט בן־שלמה׳ן פֿון די קייטן און אים אַרויס־געוואָרפֿן אויפֿן וועג. דער אויטאָ איז שנעל אָפּגעפֿאָרן אויפֿן וועג קיין ירושלים.

עס איז געשען אַזוי, ווי קאַלדוועל האָט פֿאָרויסגעזען. אַ שעה שפּעטער איז בן־שלמה דערמאָרדעט געוואָרן.

די אַראַבער האָבן זיך אינדיעקעוועט איבער זיין קערפּער. זיי האָבן אָפּגעשניטן ביי אים דעם קאָפּ און האַלטנדיק דעם אָפּגעשניטענעם קאָפּ פֿאַר די האָר, האָבן זיך עטלעכע צענדליק אַראַבער פֿאָטאָגראַפֿירט אין דער פּאָזע. פֿון דאָזיקן בילד זע־נען געמאַכט געוואָרן קאָפּיעס און די בילדער זענען צעשיקט געוואָרן איבערן גאַנצן לאַנד. דאָס האָט געדאַרפֿט דינען אַלס וואָרענונג פֿאַר די יידן, אַז פֿריער אָדער שפּעטער וועלן זיי האָבן דעם זעלבן סוף.

מאַיאָר פֿרעד קאַלדוועל האָט אָבער געמאַכט אַ גורלדיקן פֿעלער. איינער פֿון די אַראַבער, וואָס איז געזעסן אין קאָפּע־

הויז און געזען, ווי דאָס יינגל איז ארויסגעוואָרפן געוואָרן פון אויטאָ, איז געווען אַ מיטגליד פון די „מכבים״.

גענעראַל סער ארנאלד הייוועז־הערסט איז געווען אויסער זיך פאַר כעס. ער האָט נערוועז אַרומגעשפּרייזט הין און צוריק אין זיין ביוראָ, וואָס האָט זיך געפונען אין בנין פון הויפּט־שטאַב אויפן מגרש שנעלער אין ירושלים. פלוצים האָט ער אַ כאַפּ געטאָן פון זיין שרייב־טיש דעם בריוו, וואָס ער האָט באַקומען פון סער סעסיל ברעדשאו, און אים נאָך אַמאָל גענר־מען לייענען.

„די סיטואציע איז דערגאַנגען צו אַזאַ שטופּע, אַז אויב איר וועט נישט קאָנען פאַרלייגן קיין רעקאָמענדאַציעס צו סטאַביליזירן די לאַגע, וועל איך זיין געצוואונגען פאַרצולייגן דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס, זי זאָל דעצי־דירן וועגן דאָזיקן ענין״.

אַלזאָ, דער ענין וועט געבראַכט ווערן פאַר דער אונא! דער גענעראַל האָט ארויסגעברומט א קללה, האָט צונויפגע־דריקט דאָס בריוול און אים אַ וואָרף־געטאָן אויף דער פּאָד־לאָגע. דאָס איז אַלזאָ געווען דער דאַנק פאַר דעם, וואָס ער האָט אין משך פון פינף יאָר געקעמפט קעגן די יידן. פאַרן צווייטן וועלט־קריג האָט ער געוואָרנט דאָס קריגס־מיניסטע־ריום קעגן מאָביליזירן יידן אין דער ענגלישער אַרמיי, אָבער מען האָט אים נישט געהערט. און איצט קאָן אַפילו דער גאַנ־צער פּאַלעסטינע־מאַנדאַט פאַרלאָרן גיין. הייוועז־הערסט האָט זיך אָוועקגעזעצט ביים שרייב־טיש און אָנגעהויבן אויסצואַר־

**בעטן דעם נוסח פון אַן ענטפער אויפן בריוו פון סעסיל ברעד־שאו.**

איך לייג פאר תיכף אנצונעמען פאָלגנדע שריט, וועלכע קאָנען לויט מיין מיינונג סטאביליזירן דעם מצב אין פאַלעסטינע.

1. ליקווידירן אלע ציווילע געריכטן און אריבערפירן זייערע קאָמפעטענצן צו די מיליטערישע קאָמענדאַנטן.

2. פאנאנדערלאָזן דעם „ועד הלאומי", די יידישע אגענץ און אלע אנדערע יידישע אינסטאנצן.

3. פארבאָטן אלע יידישע צייטונגען און פובליקאציעס.

4. שנעל און שטיל ליקווידירן זעכציק מנהיגים פון ישוב. חאדזש אמין אל־כוסייני האָט באוויזן, אז דאָס איז אַן עפעקטיווע מעטאדע קעגן פאָליטישע קעגנער. דער דאָזיקער טייל פון פלאַן קאָן אדורכגעפירט ווערן דורך אראבישע מיטהעלפער.

5. אראָפּברענגען קיין פאלעסטינע דעם אראבישן לעגיאָן פון עבר־הירדן.

6. ארעסטירן עטלעכע הונדערט פירנדע טוער פון ישוב און זיי שנעל פארשיקן אין ווייטע אפריקאנישע קאלאָניעס.

7. באפולמעכטיקן דעם מיליטערישן קאָמענדאנט צו פאַרניכטן יעדן קיבוץ, מושב, דאָרף אדער טייל פון שטאָט, ווו עס וועט געפונען ווערן געווער. דורכפירן אַן אלגעמיינע אבלאווע אין לאנד, כדי צו כאפּן אלע אומלעגאלע עולים און זיי תיכף דעפּארטירן.

8. ארויפלייגן קאלעקטיווע קאָנטריבוציעס אויף דער גאנצער יידישער באפעלקערונג אלס שטראָף פאר די טעראָר־מעשים פון די „מכבים". די קאָנטריבוציעס דארפן זיין אזעלכע

הויכע, אז דאָס זאָל צווינגען די יידן מיטצואַרבעטן ביים כאַפּן די פאַרברעכערישע עלעמענטן.

9. געבן גרעסערע פּרעמיעס פאַר אינפאָרמאַציעס וועגן אָנפירנדע טוער פון די „מכבים", וועגן די אַגענטן פון „עליה ב', אָנפירער פון „הגנה" און דאָס גלייכן.

10. תיכף אויפהענגען אָדער דערשיסן יעדן מיטגליד פון „מכבים", וואָס וועט געכאַפּט ווערן דורך אונדז.

11. דורכפירן א ריי באַיקאָטן קעגן יידישן האַנדל און לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן. פאַרבאָטן יעטוועדן יידישן אימפּאָרט און עקספּאָרט. שטרענגע קאָנטראָל איבערן יידישן טראַנספּאָרט און קאָמוניקאַציע.

12. פאַרניכטן דעם פּלמ"ח דורך באוואָפנטע אַנגריפן אויף די קיבוצים, וואָס זענען באַקאַנט אַלס ערטער ווו דער פּלמ"ח ווערט אויסגעבילדעט.

מיינע אַפּטיילונגען זענען ביז איצט געווען געצוואונגען צו פירן א טעטיקייט אין אויסערסט שווערע באַדינגונגען. מיר האָבן זיך געמוזט האַלטן ביי די פעסטגעשטעלטע תקנות און מיר האָבן נישט געטאָרט אָנווענדן אונדזערע קאָמפּעטענצן אין דער גאַנצער ברייט. פון דער אַנדער זייט האָבן נישט די „מכבים", נישט די „הגנה", נישט פּלמ"ח און „מוסד עליה ב'" זיך געהאַלטן ביי די תקנות. זיי האָבן באַטראַכט אונדזער צוריקגעהאַלטנקייט ווי א צייכן פון שוואַכקייט. אויב מען וועט מיר דערלויבן צו באַנוצן זיך מיט מיינע פולמאַכטן, גאַראַנטיר איך, אז די אָרדענונג וועט איינגעשטעלט ווערן אין זייער א קורצער צייט.

**גענעראַל סער אַרנאַלד הייווען־הערסט.**

טשעטעם־האוז, אינסטיטוט פאר אינטערנאציאנאלע באציאונגען, לאנדאן.

סעסיל ברעדשאו איז געווען בלייך ווי א טוך, ווען גענעראל טעוואר־בראון איז אנגעקומען אין זיין ביורא.

— אלא, ברעדשאו — האט דער גענעראל געזאגט. — איר האט געוואלט באקומען די מיינונג פון גענעראל הייוועך־הערסט. אט האט איר זי.

— צי איז ער משוגע־געווארן? גרויסער גאט, דאס וואס ער לייגט פאר קלינגט דאך ווי די פארשלאגן פון היטלערס „ענדגילטיקער לייזונג פון יידן־פראבלעם".

ברעדשאו האט גענומען אין האנט דעם 12־פונטיקן מעמאראנדום פון גענעראל הייוועך־הערסט און געשאקלט מיטן קאפ.

— מיר ווילן איינהאלטן דעם מאנדאט פאר יעדן פרייז, אבער מארדן, פארברענען דערפער, תליות, אויסהונגערן? איך קאן נישט רעקאמענדירן אזא אכזריותדיקן פלאן. און ווען איך וואלט אפילו רעקאמענדירט, ווייס איך נישט, צי עס וואלטן געווען א סך מיליטער־לייט אין דער בריטישער ארמיי, וועלכע וואלטן געוואלט רעאליזירן אזא פלאן. מיין גאנץ לעבן האב איך געקעמפט פאר דער ענגלישער אימ־פעריע, סער קלארענס, און נישט איין מאל האבן מיר געמוזט אננעמען הארבע שריט. אבער דערביי גלויב איך אויך אין גאט. אין ארץ־ישראל קאנען מיר פשוט נישט אנווענדן אזעלכע שריט. איך, יעדנפאלס, וויל מיט דעם נישט האבן צו טאן. זאל עמעצער אנדערש געבן זיין צושטימונג אויפן פלאן פון גענעראל הייוועך־הערסט... איך וועל דאס נישט טאן.

סעסיל ברעדשאו האט צעקנייטשט אין זיין האנט דעם

„הייוועז־הערסט־פלאז״. ער האָט אוועקגעלייגט דאָס פּאפּיר אויף זייז גרויסז אש־בעכער און אים אונטערגעצונדן מיט א שוועבעלע. ביידע האָבן זיך צוגעקוקט, ווי דאָס פּאפּיר ווערט לאנגזאַם פארברענט.

— גאָט־צו־דאנקען, וואָס מיר קאָנען זיך מודה־זיין אין אונדזער זינד — האָט ברעדשאו שטיל געפליסטערט.

די פראגע פון ארץ־ישראל־מאנדאט איז געבראכט געוואָרן פאר א קאָמיסיע פון דער ארגאניזאציע פון די פאראייניקטע נאציעס.

## קאַפּיטל 7

פרילינג־צייט 1947 יאָר איז ארי בן־כנען פולשטענדיק פאַרשוווּנדן פון קיטיס לעבן. זי האָט אים פריער אויך געזען זייער זעלטן, אָבער איצט האָט זי אים מער נישט געזען און נישט געהערט וועגן אים. ווען אפילו ער וואָלט איבערגעגעבן גרוסן פאַר איר דורך זיין שוועסטער ירדנה, וואָלט דאָס מיידל איר נישט איבערגעגעבן די דאָזיקע גרוסן. ביידע פרויען האָבן כמעט ווי נישט גערעדט מיט זיך. קיטי האָט זיך באַמיט צו זיין העפלעך לגבי ירדנה, אָבער ירדנה האָט מיט איר האַלטונג אפילו צו דעם נישט דערלאָזן.

די פראַגע פון ארץ־ישראל־מאַנדאַט איז געבראַכט געוואָרן פאַר דער אונא, כדי צו געפינען א לייזונג פון פאַרפּלאָנטערטן ענין. דער אפּאַראַט פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַר־איניקטע נאַציעס האָט געמאַכט באַמיאונגען צו שאַפן א קאָמיסיע, אין וועלכער עס זאָלן זיין פאַרטראַטן אייניקע קליינע נייטראַלע מדינות. די דאָזיקע קאָמיסיע האָט געזאָלט אונטערזוכן דעם ענין און ברענגען אירע מסקנות פאַרן פּלענום פון אונא. די מנהיגים פון ישוב אין ארץ־ישראל און די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע האָבן מסכים געווען מיטן באַשלוס, אַז די אונא זאָל זיך פאַרנעמען מיטן ענין. די אַראַבער דאַקעגן האָבן זיך באַמיט דורך דראָונגען, באָיקאָט און שאַנטאַזש צו פאַרמיידן אַן אָביעקטיווע לייזונג פון ארץ־ישראל־פּראָבלעם.

אין גן־דפנה איז פארשטארקט געוואָרן די מיליטערישע אויסשולונג, דאָס יוגנט־דאָרף האָט זיך פארוואנדלט אין א גרויסער מיליטערישער באזע. מען האָט דאָ געבראכט ביקסן, כדי די קינדער זאָלן זיי רייניקן און פון דאנען איז דאָס געווער ארויסגעשמוגלט געוואָרן אויף לאסט־אויטאָס צו די ישובים פון חולה־געביט און פלמ״ח. קארען האָט אלץ מער און מער זיך באטייליקט אין די אקציעס פון ארויספירן געווער. פונקט ווי אלע אנדערע יוגנטלעכע האָט זי גענומען אויף זיך פרייוויליק די דאָזיקע שווערע אויפגאבע. יעדעס מאָל, ווען קארען פלעגט ארויספאָרן אין שליחות, פלעגט קיטי איר וועלן װארענען, אבער זי האָט גאָרנישט גערעדט, ווייל זי האָט געוווּסט, אז אירע רייד וועלן סיי ווי סיי נישט העלפן.

אין משך פון דער גאנצער צייט האָט קארען נישט אויפ־געהערט אין אירע באמיאונגען אפצוגעפינען איר פאָטער, הגם אן דערפאָלג. די האָפענונג, וועלכע זי האָט נאָך געהאט אין לאַגער פון לא סיאטא, האָט ביסלעכווייז אנגעהויבן אויסצורינען.

דאָס מיידל איז די גאנצע צייט געשטאַנען אין קאנטאקט מיט די האנסענס אין דענעמאַרק. יעדע וואָך האָט זי צו זיי געשריבן א בריוו און יעדע וואָך האָט זי באקומען אן ענטפער. אָפטמאָל פלעגן די האנסענס איר צושיקן א פעקל פון קאָפענהאגען. מעטא און אאגע האנסען האָבן שוין פארלאָרן יעדע האָפענונג, אז קארען וועט ווען עס איז זיך צוריקקערן צו זיי. ווען אפילו קארען וואָלט נישט אפגעפונען איר פאָטער, האָבן אירע בריוו שוין איבערצייגט, אַז דאָס מיידל איז פאר זיי פארלאָרן. קארען האָט זיך פולשטענדיק אידענטיפיצירט מיט ארץ־ישראל און מיטן יידנטום. די

איינציק העמונג איז דערביי געווען קיטי פרעמאנט.

דב לאנדאו האָט זיך נאָך אלץ אויפגעפירט זייער מאָדנע. אָפטמאָל האָבן אלע געמיינט, אז ער איז שוין גרייט דורכ־צוברעכן די מויער פון איינזאַמקייט, הינטער וועלכער ער האָט זיך פאַרשטעקט און אין אַזעלכע רגעס האָט זיך פאַר־שטאַרקט די פריינטשאפט צווישן אים מיט קארען האנסען. דאַן אָבער פלעגט ער זיך צוריקציען, ווי אַן איבערגע־שראקענער, און זיך ווידער אפשיידן פון דער סביבה. מיט א פאנאטישער פלייסיקייט פלעגט ער זיך פארטיפן אין זיינע ביכער און צייכענונגען. ווען עס האָט אָבער אויסגעזען, אז ער פאַרזינקט ווידער אין זיין איזאָלאַציע, פלעגט אָבער דעם מיידל שטענדיק געלינגען אים אויפצומונטערן. זיין פארביטערונג איז קיינמאָל נישט געווען קיין שטארקע און ער האָט נישט געקאָנט פועלן ביי זיך אָפּצוזאָגן קארען אין אירע ביטעס.

אין משך פון דער צייט האָט מען אין גן־דפנה נישט געקאָנט מער זיך באגיין אָן קיטי פרעמאנט. ד״ר ליבערמאַן האָט טאָג טעגלעך זיך גענוויטיקט אין איר הילף. אין דער ראָל פון א מענטשן, וואָס שטייט פון א זייט, איז קיטין געלונגען צו באַאיינפלוסן אַ סך ענינים, ווייל זי האָט אַזוי צו זאָגן „נישט געהערט צו דער משפחה״. ד״ר ליבערמאנס פריינטשאפט איז פאר איר געוואָרן א נויטווענדיקייט. זי האָט זיך פולשטענדיק איינגעשלאָסן אין לעבן פון גן־דפנה און האָט געהאט א סך דערפאָלג אין איר אומגאנג מיט די אפגעשטאנענע קינדער. פונדעסטוועגן איז ערגעץ־ווו געבליבן א גרענעץ, א צעשיידונג צווישן איר און די איבעריקע. קיטי האָט זיך אפגעגעבן א רעכענונג דערפון. זי האָט געוווסט, אז אין א געוויסער מאָס איז זי אליין

שולדיק אין דעם, אָבער זי האָט דאָך נישט געוואָלט זיך ענדערן.

אין דער געזעלשאַפט פון ברוס סאטערלענד האָט קיטי פרעמאָנט זיך געפילט אַ סך בעסער, ווי אין דער געזעל־שאַפט פון די מענטשן אין גן־דפנה. אין זיין אנוועזנהייט האָט זי זיך געפילט אנטשפּאנט און צופרידן און זי פלעגט שוין מיט אומגעדולד וואַרטן אויפן פרייען טאָג, ווען זי פלעגט קאָנען צוזאמען מיט קארען באזוכן דעם גענעראל אין זיין ווילע. ווען זי האָט זיך געפונען ביי סאטערלענדן פלעגט פאר איר אַלץ מער און מער קלאָרער ווערן דער אונטערשייד צווישן איר און די יידן.

האַריעט זאַלצמאַן האָט צוויי מאָל באַזוכט גן־דפנה. ביידע מאָל האָט די אלטע פרוי זיך באמיט איבערצורעדן קיטין, אַז זי זאָל איבערנעמען דעם אמט אלס הויפּט־קראנקן־שוועסטער ביי דער צענטראַלער אנפירונג פון „עלית הנוער", אין ראַיאָן פון תל־אביב. קיטי איז געווען אַן ערשט־קלאסיקע ארגאניזאטארין און זי האָט ענערגיש געזאָרגט דערפאר, אַז די ארבעט זאָל געפירט ווערן ווי געהעריק. די דאָזיקע מעלות, צוזאמען מיט איר לאַנג־יאָריקער דערפאַרונג, זענען געווען נויטיק אויך אין אנדערע ערטער. אָבער קיטי האָט נישט מסכים־געווען, זי האָט זיך איינגעלעבט אין גן־דפנה און קארען האָט זיך געפילט ביי איר, ווי אין דער היים. קיטי האָט נישט געהאַט קיין איבערגעטריבענע אמביציעס און אויך נישט קיין פאַראינ־טערעסירונג צו מאכן א קאריערע אין „עלית הנוער".

די הויפּט־סיבה צוליב וועלכער זי האָט זיך אָפּגעזאָגט אנצונעמען דעם נייעם אמט איז אבער געווען דאָס, וואָס זי האָט נישט געוואָלט זיין פאראנטוואָרטלעך פאר דער

טעטיקייט פון גדנ״ע און פארן געווער־שמוגל. קיטי האָט באַשלאָסן צו בלייבן נייטראַל. איר אַרבעט האָט געדאַרפט אויך ווייטער טראָגן א פראפעסיאנעלן כאַראַקטער און נישט קיין פּאָליטישן.

פאַר קאַרען איז קיטי געווען ווי אַן עלטערע שוועסטער, וועלכע האָט פאַרטראַטן די עלטערן. קיטי האָט געטאָן אַלץ, אַז דאָס מיידל זאָל זיין גליקלעך. זי האָט געוואָלט דער־פירן צו דעם, אַז קאַרען זאָל זיך אַן איר נישט קאָנען באַגיין. אויף אַזא אופן האָט קיטי פּרעמאַנט געוואָלט שלאָגן איר שטאַרקסטן קעגנער: די צוגעבונדנקייט פון קאַרען צו ארץ־ישראל.

אין חודש מאַי האָבן די רעגנס פולשטענדיק אויפגעהערט. דער עמק־החולה, ווי אויך די בערג פון סיריע און לבנון, האָבן זיך באַדעקט מיט גרינס. אין די טאָלן האָבן זיך אויסגעשפּרייט פילפאַרביקע טעפּיכער פון ווילדע בלומען און די קנאָספּן פון די פרילינגס־רויזן אין גליל האָבן אויפגעבליט צו פּרעכטיקע ווייסע, רויטע און גאָלדיקע געוויקסן. אין גן־דפנה האָט מען זיך געגרייט צו א גרויסן יום־טוב. צו שבועות, חג הביכורים.

אַלע יום־טובים, וואָס זענען פאַרבונדן מיט ערד־אַרבעט, זענען געווען באַזונדערס נאָענט צום האַרצן פון די יידן אין ארץ־ישראל. מיט דער צייט האָט זיך איינגעשטעלט א מנהג, אַז שבועות־צייט האָבן אַלע ישובים פון חולה־געביט אַרויסגעשיקט יוגנט־דעלעגאַציעס קיין גן־דפנה, כדי צו באַטייליקן זיך אין די פייערונגען. אויך די מענטשן פון יד־אל זענען געקומען אויף לאַסט־אויטאָס. צווישן זיי פלעגט זיך שטענדיק געפינען שרה בן־כנען. קיין גן־דפנה פלעגן אויך קומען די איינוווינער פון כפר־גלעדי, פון אילת השחר,

פון עין־אור, פון קיבוץ דן, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער סיריִשער גרענעץ און פון מנרה, וואָס האָט זיך געפונען אויפן שפּיץ פון בארג.

ד״ר ליבערמאַן האָט פאַר האַריעט זאַלצמאַן און קיטי פרעמאנט אויסגעדריקט זיין אנטוישונג צוליב דער דעלעגאציע פון אראבישן דאָרף גבי יושע. עס זענען בלויז געקומען געציילטע מענטשן פון דאָרטן. טאהא איז נישט געווען צווישן זיי און יעדער איינער האָט פארשטאַנען די באדייטונג פון דעם.

קיטי האָט נישט אראפּגעלאָזט איר בליק פון קיין איין לאַסט־אויטא, וואָס איז געקומען קיין גן־דפנה. זי האָט אויסגעקוקט אויף אריס אָנקום און עס איז איר אפילו שווער געווען אויסצוהאלטן איר אנטוישונג. ירדנה האָט דאָס אלץ געזען און זי האָט מיט איראָניע געלאכט פון קיטין.

עס זענען אויך אראפּגעקומען אייניקע בריטישע זעלנער פון דער באַנטער פּאָליציי־סטאציע. דאָס זענען געווען „פריינט״, וועלכע האָבן שטענדיק געוואָרנט די איינוווינער פון דאָרף ערב פּלאנירטע אַבלאוועס.

יענעם טאָג איז די שמחה געווען גרויס. עס זענען דורכגעפירט געוואָרן ספּאָרט־פארמעסטונגען און אין די צימערן פון דער שולע זענען איינגעארדנט געוואָרן אויפנאמעס. אויף דער גרינער לאנקע, אין מיטן דאָרף, האָט מען געטאנצט א הארא. די טישן, וועלכע האָבן זיך געבראכן פון כיבוד, זענען אויסגעשטעלט געוואָרן אין א לאנגער ריי אין דרויסן.

פארנאכט זענען אלע אוועק צום אמפיטעאטער, וואָס האָט זיך געפונען אויפן בארג־שיפּוע און איז געווען פון

אלע זייטן אַרומגערינגלט מיט סאסנע־בוימער. די געסט האָבן פאַרפולט אַלע ערטער און אנדערע הונדערטער מענטשן האָבן זיך אויסגעלייגט אויפן גרינעם גראָז. ווען עס איז טונקל געוואָרן האָט מען אָנגעצונדן צווישן די בוימער בונטע ליכט־גירלאַנדעס.

דער יוגנט־אָרקעסטער פון גן־דפנה האָט אויפגעשפילט „התקווה" און ד"ר ליבערמאַן האָט געהאַלטן אַ קורצע באַגריי־סונגס־רעדע. דאָס איז געווען אַ צייכן, אַז דער שבועות־פּאַראַד הויבט זיך אָן. נאָך דער באַגריסונג האָט ד"ר ליבער־מאַן זיך אַוועקגעזעצט נעבן קיטי, ברוס סאטערלענד און האַריעט זאַלצמאַן.

קאַרען האָט דערעפנט דעם פּאַראַד. קיטי האָט אַ ציטער געטאָן ווען זי האָט דערזען ווי דאָס מיידל זיצט אויף אַ גרויסן, ווייסן פערד, האַלטנדיק אין האַנט די נאַציאָנאַלע פאָן. קאַרען איז געווען אָנגעטאָן אין לאַנגע, טונקל־בלויע הויזן און האָט געטראָגן אַ העלע בלוזע. אויף די פיס האָט זי געהאַט סאַנדאַלן.

קיטי האָט איינגעקלאַמערט אירע הענט אין שטול. קאַרען האָט אויסגעזען ווי די פאַרקערפּערונג פון יידישן גייסט!

— צי האָב איך זי פאַרלאָרן אויף שטענדיק? — האָט קיטי געטראַכט. די פאָן האָט געפלאַטערט אויפן ווינט, דאָס פערד האָט זיך געשראָקן און געוואָלט אָפּטרעטן אין אַ זייט, אָבער קאַרען האָט אים געהאַלטן פעסט פאַר די לייצעס. — זי איז אַוועק פון מיר, פונקט ווי זי איז אַוועק פון די האנסענס — האָט קיטי געזאָגט צו זיך אַליין.

האַריעט זאַלצמאַן האָט זי אָנגעקוקט און קיטי האָט אַראָפּ־געלאָזט איר בליק צום באָדן. קאַרען איז פאַרשוווּנדן און דער פּאַראַד האָט געדויערט ווייטער. עס זענען אָנגעקומען

די פינף טראַקטאָרן פון גן־דפנה, וואָס זענען געווען יום־טובדיק באַפּוצט. יעדער טראַקטאָר האָט געשלעפּט הינטער זיך אַ פּלאַטפאָרמע, וואָס איז געווען באַלאָדן מיט פּרוכטן, גרינסן און תבואה פון דער ווירטשאַפט. דאָן זענען פאַר־בייגעפאָרן דזשיפּן און לאַסט־וועגענער אויף וועלכע עס זענען געווען אויסגעשטעלט די קינדער פון יוגנט־דאָרף. אין זייערע הענט האָבן זיי געהאַלטן אַרבעטס־מכשירים.

שפּעטער זענען פאַרבייגעפירט געוואָרן די בהמות, וועלכע זענען אויך געווען באַפּוצט מיט בלומען און בונטע בענדער. די עקן און גריוועס ביי די פערד זענען געווען פאַרפלאָכטן אין צעפּ. די שאָף און ציגן זענען געטריבן געוואָרן דורך יוגנטלעכע. אַנדערע קינדער האָבן געטראָגן אויף די הענט הינטלעך, קעצלעך, אַ מאַלפּעלע און ווייסע מייזלעך.

א גרופּע קינדער האָט דעמאָנסטרירט די שטאָפן, וועלכע זיי האָבן אַליין געשפּינט און געוועבט, ווי אויך צייטונגען, וועלכע זיי האָבן געדרוקט. זיי האָבן געוויזן קונסט־חפצים, געפלאָכטענע קערב און קעראַמיק־אויסאַרבעטונגען פון די אייגענע וואַרשטאַטן. ווען עס האָבן פאַרביידעפילירט די לייכט־אַטלעטן און די ספּאָרט־מאַנשאַפטן פון דאָרף, האָט דער גאַנצער אָנוועזנדער עולם זיי אויפגענומען מיט אַ שטור־מישער אָוואַציע.

ווען דער פּאַראַד האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרענדיקן זיך, איז צו ד״ר ליבערמאַן צוגעגאַנגען זיין סעקרעטאַרין און אים עפּעס אריינגעפליסטערט אין אויער.

— אַנטשולדיקט — האָט ער זיך אָפּגערופן צו זיינע בייזיצער — מען רופט מיך צום טעלעפאָן.

— רעדט נישט לאַנג און קומט גלייך צוריק — האָט האריעט זאלצמאַן געזאָגט.

די עלעקטרישע לאָמפּן, וואָס זענען געהאָנגען צווישן די

בוימער זענען אויסגעלאָשן געוואָרן און דער גאַנצער אַרום איז אויף עטלעכע רגעס איינגעהילט געוואָרן אין אַ געדיכטער פינצטערניש. גלייך אָבער האָבן אויפגעשיינט די פּראָזשעקטאָרן, וואָס האָבן באַלויכטן די בינע. דער פאָרהאַנג האָט זיך געעפנט און גלייכצייטיק האָט זיך דערהערט דער ניגון פון אַן אַלטער מעלאָדיע, געשפּילט אויף אַ פייפל. די קינדער האָבן פאָרגעשטעלט אַ פּאַנטאָמימע פון מגילת רות.

די קליינע אַקטיאָרן זענען געווען אָנגעטאָן אין היסטאָרישע בגדים און זייער טאַנץ האָט אַנטשפּראָכן דער ריטמיק פון די צייטן, ווען עס האָבן געלעבט רות און נעמי. נאָכדעם זענען אויף דער בינע אַרויף די טענצער און קיטי האָט ווידער אַמאָל געזען די ווילדע, ליידנשאַפטלעכע באַוועגונגען, וועלכע זי האָט געזען אויפן הר־תבור.

דאַן איז אויף דער בינע דערשינען קאָרען. אַלע אַרומיקע האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם, זעענדיק ווי קאָרען טאַנצט די ראָל פון רות. אירע באַוועגונגען האָבן אויסגעדריקט די פּשוטע און אַזוי שיינע געשיכטע וועגן רות המואבית, וועלכע איז געגאַנגען מיט איר יידישער שוויגער קיין בית־לחם. רות איז געקומען ווי אַ פרעמדע אין יידישן לאַנד און דווקא פון איר שטאַמט דוד המלך.

קיטי האָט זיך געפילט זייער אומבאַקוועם. זי איז דאָ געווען אַ פרעמדע און זי וועט שטענדיק בלייבן אַ פרעמדע, אַן אומגלויביקע, צווישן די יידן. עס איז איר אוממעגלעך געווען צו זאָגן דאָס, וואָס רות האָט אַמאָל געזאָגט:

אל אשר תלכי אלך, ובאשר תליני אלין. עמך עמי ואלוהיך אלוהי...

צי באַדייט דאָס, אַז זי האָט פאַרלאָרן קאָרען אויף אייביק?

ד״ר ליבערמאַנס סעקרעטאַרין איז צוגעקומען און אָנגע־רירט קיטין פאַר אַקסל.

— ד״ר ליבערמאַן בעט אייך איר זאָלט תיכף קומען אין זיין קאַנצעלאַריע — האָט זי שטיל געזאָגט.

קיטי האָט זיך אַנטשולדיקט און זיך אויפגעשטעלט. זי האָט נאָך אַמאָל אַ בליק געטאָן אויף די טאַנצנדיקע קינדער אויף דער בינע און איז שנעל אַוועק. עס איז געווען טונקל און קיטי האָט זיך געמוזט באַנוצן מיט איר טאַש־לעמפל. ווען זי האָט געעפנט די טיר פון ד״ר ליבערמאַנס צימער און דערזען זיין בלייכן פנים, האָט זי זיך שטאַרק איבערגעשראָקן.

— וואָס איז געשען? — האָט זי אויסגערופן. — איז זעט אויס, ווי איר וואָלט...

— מען האָט אָפּגעפונען דעם פּאָטער פון קארען קלע־מענט — האָט ד״ר ליבערמאַן ארויסגעפּליסטערט.

## קאַפּיטל 8

צומאָרגנס האָט ברוס סאַטערלענד אָפּגעפירט קיטין און קאַרען קיין תל־אביב. קיטי האָט זיך באַנוצט מיט אַן אויסרייד אַז זי דאַרף מאַכן אין שטאָט דרינגענדע איינקויפן און ביי דער געלעגנהייט וועט קאַרען האָבן די מעגלעכקייט צו זען דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן די יידישע שטאָט. זיי זענען אָנגעקומען קיין תל־אביב מיטיק־צייט און זיי זענען אַוועק אין האָטעל גת־רימון, אויף רחוב הירקון. נאָכן מיטיק־עסן האָט סאַטערלענד זיך אַנטשולדיקט פאַר זיי און איז אַוועק אויף אַ באַזוך. די געוועלבער זענען בעת דער מיטיק־הפסקה געווען געשלאָסן און קיטי האָט אַרומשפּאַצירט מיט קאַרען לענג־אויס דעם ים־ברעג. שפּעטער האָבן זיי זיך דערפרישט דורכן באָדן זיך אין ים.

דריי אַזייגער נאָכמיטיק האָט קיטי באַשטעלט אַ טעקסי. זיי זענען אַוועקגעפאָרן צו שדרות־רוטשילד, ווו זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן אויפן ראָג אלנבי. די נייע געוועלבער און די גרויסע באַוועגונג פון אויטאָס און אויטאָבוסן איבער די גאַסן האָבן אַרויסגערופן התפעלות ביי קאַרען.

פון דאָרטן זענען זיי אַוועקגעפאָרן צום אַלטוואַרג־מאַרק אין יפו, ווייל איינער פון די אַרבעטער אין גן־דפנה האָט

געבעטן ביי קיטין זי זאָל איינקויפן אַ קופּערנע כּלי. קיטי האָט אויך געוואָלט זיך איינשאַפן אייניקע זאַכן פאַר איר ווינונג. די טעקסי האָט זי אַריינגעפירט אין שמאָל געסל, וווּ זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן ביי אַ קליין געוועלבל, נעבן וועלכן עס איז געשטאַנען אַ הויכער, דיקער מאַן. קיטי און קאַרען האָבן מיט נייגעריקייט אַריינגעקוקט אינעווייניק אין געוועלבל. אויף די ווענט זענען געווען אויסגעהאָנגען פאַרשיי־דענע מינים פון טעפּ, פענדלעך, טעלער, קריג, וואַזאָנען, פלעשלעך, לייכטערס און אַנדערע כּלים. די פאַדלאָגע איז אין דאָזיקן געוועלב נישט געוואַשן געוואָרן מינדעסטנס צען יאָר.

דער פעטער אַראַבער האָט מיט אַ העפלעכער האַנט־באַוועגונג אַריינגעבעטן די קליענטן אינעווייניק אין געוועלב. ער האָט אַראָפּגענומען עטלעכע מעשענע כּלים פון צוויי קאַסטנס און געבעטן, אַז קיטי און קאַרען זאָלן זיך אַנידער־זעצן אויף זיי. גלייך נאָכדעם איז ער אַרויסגעלאָפן אין דרויסן און גערופן זיין זון, כּדי ער זאָל ברענגען קאַפע פאַר די חשובֿע געסט.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און דער בחור האָט געבראַכט קאַפע. קיטי און קאַרען האָבן אַ זופּ־געטון פון די שעלעכלעך און העפלעך געשמייכלט צום געוועלב־אייגנ־טימער. אינצווישנצייט האָבן זיך נעבן געוועלב פאַרזאַמלט נייגעריקע אַראַבער, כּדי צו זען מיט די אייגענע אויגן, וואָס עס קומט פאַר אין געוועלבל. דער פּרווו זיך צונויפצורעדן מיטן אַראַבער האָט זיך נישט איינגעגעבן. אַנשטאָט רייד האָבן זיי מיט די פינגער געטייטלט אויף די כּלים אָדער באַוועגט מיט די הענט. קאַרען האָט גערעדט דעניש, פראַנצויזיש, דייטש, ענגליש און עבֿרית, קיטי האָט גערעדט ענגליש, שפּאַניש און אַ ביסל גריכיש. דער אַראַבער האָט אָבער פאַר־

שטאַנען בלויז אַראַביש. ער האָט דעריבער אַרויסגעשיקט זיין זון, כדי צו געפינען אַן איבערזעצער. אין עטלעכע מינוט אַרום איז טאַקע אַריינגעקומען אין געוועלב אַ פּאַרמיטלער, וועלכער האָט וואָס אַן אמת גערעדט אַ צעקאַליעטשעטן ענגליש, אָבער ער האָט פאַרשטאַנען, וואָס קיטי וויל קויפן און דער האַנדל האָט זיך אָנגעהויבן.

קיטי און קארען האָבן זיך קוים באַוועגט אין שמאָלן געוועלבל, אויסווישנדיק מיט זייערע בגדים דעם לאַנג־יאָריקן שטויב, וואָס דאָרטן האָט זיך אָנגעזאַמלט. נאָך אַ פּערציק־מינוטיקער דינגעניש און ווייבערישער געדולד האָבן זיי צום סוף באַשלאָסן צו קויפן צוויי וואַזאָנען און דריי אַראַבישע קאַפּע־טשייניקעס, זייער דעליקאַטע און שיינע, ווי אויך אַ פּערסישן טעלער אויף וועלכן עס זענען געווען אויסגעקריצט צענדליקער בילדער, וועלכע האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ גאַנצע דערציילונג. קיטי האָט געפרעגט וויפל דאָס אַלץ קאָסט און דער אייגנטימער האָט זיך אָנגעהויבן צו באַראַטן מיטן „איבערזעצער״.

— הער אַקים זאָגט, אַז זיין האַרץ ברעכט זיך צוליב דעם, וואָס ער מוז זיך שיידן מיט זיינע אוצרות — האָט דער פּאַרמיטלער ענדלעך זיך אָפּגערופן. — ער שווערט ביי אללא, אַז דער טעלער איז שוין אַלט דריי הונדערט יאָר.

— וויפל צייט דאַרפן מיר האָבן, כדי צו פאַריכטן דאָס צעבראָכענע האַרץ פון הער אַקים? — האָט קיטי געפרעגט.

— צוליב דעם, וואָס דו האָסט אַזאַ שיינע טאָכטער, מאַדאַם, וועט אַקים דיר פאַרקויפן די זאַכן פאַר אַ ספּעציעלן פּרייז. דאָס אַלץ דאַרף קאָסטן זעכצן פונט שטערלינג.

— פאַר אַזאַ נידעריקן פּרייז... דאָס איז דאָס זעלבע,

ווי מיר וואָלטן ביי אים צוגערויבט די זאַכן — האָט קיטי אַרויסגעפּליסטערט צו קאַרען.

— דו דאַרפסט נישט באַצאָלן דעם פּרייז, וואָס ער פאָדערט — האָט קאַרען זיך אָפּגערופן מיט כעס. — אויב דו וועסט זיך מיט אים נישט דינגען, באַגייסטו אַן עוולה קעגן אַראַבער.

— איך נעם די זאַכן און אַנטלויף פון דאַנען — האָט קיטי צוריקגעענטפערט. — דער טעלער אליין וואָלט אין אַמעריקע געקאָסט פון דריי ביז פיר הונדערט דאָלאַר.

— קיטי, איך בעט דיך — האָט קאַרען רואיק זיך אָפּגערופן. — איך וועל מיט אים ריידן.

קאַרען האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַר קיטין און אין דער זעלבער רגע איז פאַרשוואונדען געוואָרן דער שמייכל אויפן פנים פון געוועלב־אייגנטימער.

— ניין פונט, און מער נישט קיין פּרוטה — האָט קאַרען אויסגערופן.

דער איבערזעצער האָט עס איבערגעחזרט פאַרן אַראַבער. אקים האָט זיך געפילט געטראָפן. ער האָט אויסגעבראָכן אין אַ יאָמערלעכן געוויין, טענהנדיק, אַז ער דאַרף מפרנס־זיין אַ גרויסע משפחה, אַז מען וויל אויסנוצן זיין גרויסמוטיקייט, אז די כלים, וועלכע די שיינע פרויען ווילן קויפן זענען אלטערטימלעכע חפצים... ער האָט זיך געשווירן ביי זיין כבוד, ביים כבוד פון זיין פאָטער און ביי אללאס באָרד, אַז וויפיקער ווי דרייצן פונט קאָן ער נישט נעמען.

— צוועלף פונט. דאָס איז דער לעצטער פּרייז — האָט קאַרען געזאָגט.

אקים האָט זיך באַרואיקט און אָנגעהויבן טענהן, אַז ער

ווערט אָפּגענאַרט. ער איז אַן אָרעמער אַראַבער און ער קאָן גאָרנישט טאָן. ער געפינט זיך אין די הענט פון צוויי קלוגע פרויען. צוועלף פונט און אַ האַלבן. אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט די דינגעניש און גלייך האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל אויפן פנים פון אַראַבער. אויך די אַראַבער וואָס זענען געשטאַנען אין דרויסן האָבן געשמייכלט. דער געוועלב־אייגנטימער האָט לאַנג געדריקט די הענט פון קיטי און קארען, ווינטשנדיק זיי לאַנגע יאָרן לעבן. קיטי האָט איבער־געגעבן דעם אַראַבער דעם נאָמען פון האָטעל, אין וועלכן זיי ווינען און האָט געבעטן, אַז ער זאָל אָפּרייניקן די כלים און זיי צושיקן. דער איבערזעצער האָט באַקומען עפּעס אין האַנט און ביידע האָבן פאַרלאָזן דאָס געוועלב.

זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען דעם אַלטוואַרג־מאַרק און האָבן זיך ווידער פאַרהאַלטן ביי אייניקע געוועלבער. צוקער־מענדיק צום ראָג פון דער גאַס איז צו קארען צוגעגאַנגען אַ יונגער בחור, וועלכער האָט איר געזאָגט עטלעכע ווערטער אויף עברית און איז גלייך פאַרשוווּנדן.

— וואָס האָט ער געוואָלט? — האָט קיטי געפרעגט.

— ער האָט דערקענט, אַז איך בין אַ יידישע, לויט מיין קליידונג. ער האָט געוואָלט וויסן, צי דו ביסט אַן ענגלענ־דערין. ער האָט מיר געראָטן איך זאָל זיך תיכף צוריקקערן קיין תל־אביב, ווייל מיר קאָנען דאָ האָבן צרות.

קיטי האָט אַ קוק געטאָן אַרום זיך, אָבער דער יונגערמאַן איז שוין געווען פאַרשוווּנדן.

— ער געהערט אוודאי צו די „מכבים״ — האָט קארען געזאָגט.

— לאָמיר זיך אָפּטראָגן פון דאַנען — האָט קיטי זיך אָפּגערופן און אָנגענומען קארען פאַרן האַנט.

דער פחד האָט נישט פאַרלאָזן קיטין ביז זיי זענען אַרויס פון יפו. זיי זענען צוריק אָפּגעפאָרן אויף אלנבי.

— איך בין אַזוי געריירט — האָט קאַרען זיך אָפּגערופן. — איך פריי זיך זייער, וואָס דו האָסט מיך מיטגענומען קיין תל־אביב. עס איז מיר שווער צו באַגרייפן, אַז אַלע מענטשן דאָ, די אויטאָבוסן־שאָפערן, די קעלנער און די סוחרים זענען אַלע יידן. זיי האָבן געבויט די גאַנצע שטאָט... אַ יידישע שטאָט. דו באַגרייפסט דאָס נישט, קיטי. נישט אמת? אַ גאַנצע שטאָט פון בלויז יידן...

קאַרענס רייד האָבן אויפגעבראַכט קיטין.

— ביי אונז אין אַמעריקע — האָט זי געזאָגט — געפינען זיך אַ סך איינפלוסרייכע יידן. זיי זענען גליקלעך ביי אונז און פילן זיך ווי אַמעריקאַנער.

— אָבער דאָס איז דאָך נישט דאָס זעלבע, ווי אַ גאַנצע יידישע מדינה — האָט קאַרען זיך אָפּגערופן. — דאָס איז נישט דאָס זעלבע, ווען דו ווייסט, אַז עס געפינט זיך אַ לאנד, וואָס געהערט שטענדיק צו דיר...

קיטי האָט גאָרנישט געענטפערט. זי האָט בלויז אַרויס־געשלעפט פון איר האַנט־בייטל אַ צעקנייטשט שטיקל פּאַפּיר.

— צי קאָנסטו מיר זאָגן ווו דער דאָזיקער אַדרעס געפינט זיך? — האָט זי געפרעגט.

קאַרען האָט אַ בליק־געטאָן אויפן שטיקל פּאַפּיר און זיך אָפּגערופן:

— דאָס דאַרף זיך געפינען צוויי גאַסן ווייטער. ווען וועסטו זיך שוין אויסלערנען עברית?

— איך האָב מורא, אַז קיינמאָל נישט — האָט קיטי

שנעל געענטפערט. זי האָט אָבער גלייך צוגעגעבן: — איך האָב זיך נעכטן שיעור נישט אויסגעבראָכן די ציינער, איידער איך האָב אַרויסגערעדט צוויי העברעאישע ווערטער.

זיי האָבן געפונען דעם אַדרעס. דאָס איז געווען אַ מאָדע־סאַלאָן.

— וואָס ווילסטו קויפן? — האָט קארען געפרעגט.

— איך וויל קויפן פאַר דיר אַ פּאָר שיינע קליידער — האָט קיטי געענטפערט. — דאָס איז אַן איבעראַשונג פאַר דיר און אַ מתנה פון מיר און ברוס סאטערלענד.

קארען איז געבליבן שטיין און שטום אָנגעקוקט קיטין.

— איך קאָן נישט אָננעמען אַזעלכע מתנות — האָט זי זיך אָפּגערופן.

— פאַרוואָס נישט?

— די קליידער, וואָס איך טראָג, זענען גענוג פאַר מיר. — האָט קארען געזאָגט.

— דיינע קליידער זענען שיין פאַר גן־דפנה...

— איך האָב אַלץ, וואָס איך דאַרף האָבן — האָט קארען אַנטשלאָסן דערקלערט.

— איר שטים קלינגט ווי די שטים פון ירדנה בן־כנען — האָט קיטי געטראַכט.

— קארען, פאַרגעס נישט, אַז אינצווישנצייט ביסטו שוין געוואָרן אַ יונגע דאַמע — האָט קיטי זיך אָפּגערופן מיט אַ שמייכל — דו וועסט נישט פאַראַטן דיין אידעע, אויב דו וועסט אַמאָל אָנטאָן אַ שיין קליידל. ווען דו געפינסט זיך נישט אין גן־דפנה און פאַרברענגסט ביי סאטערלענדן צוזאמען

מיט מיר, וואָלטן מיר געוואָלט אויך זיין אַ ביסל שטאָלץ מיט דיר...

— איך בין שטאָלץ גענוג...

— הער אויף — האָט קיטי אַנטשלאָסן געזאָגט. — מיט יעדן טאָג פאַרוואַנדלסטו זיך אַלץ מער און מער אין אַ סאַברע.

אין קיטיס רייד האָט זיך אַרויסגעפּילט אַ טאָן פון כעס און עקשנות. קארען האָט אין האַרצן געשאָלטן די מאָדע־מאַנעקינען, וואָס זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט אין פענצטער.

— דאָס איז נישט שיין לגבי די אַנדערע מיידלעך — האָט זי געזאָגט, מאַכנדיק אַ לעצטן פרווו זיך קעגנצושטעלן.

— אויב דאָס וועט דיר פאַרשאַפן פרייד, וועלן מיר אויסבאַהאַלטן דיינע קליידער צווישן די ביקסן — האָט קיטי מיט איראָניע געזאָגט.

עטלעכע מינוט שפּעטער איז שוין קאַרען געשטאַנען פאַרן שפּיגל און זיך אָנגעקוקט אין אַ נײַ קלייד. זי איז געווען גליקלעך און צופרידן, וואָס קיטי איז געווען אַזוי פאַרעקשנט. אַ נײַ געפיל האָט זי באַהערשט און זי האָט געזען, אַז זי איז שיין אין נייעם קלייד. עס איז שוין פאַרביי אַזוי פיל צייט, זינט זי האָט געהאַט שיינע זאַכן, אין דענעמאַרק... אָבער זי האָט שוין וועגן דעם פאַרגעסן. קיטי איז געווען פּונקט אַזוי אַנטציקט ווי קאַרען. זי האָט געזען, ווי קאַרען פאַרוואַנדלט זיך פון אַ דאָרפיש מיידל אין אַ געשמאַקפול־געקליידעטער שטאָטישער פרייילן. שפּעטער זענען זיי געגאַנגען לענג־אויס אַלענבי, מאַכנדיק ווייטערדיקע איינקויפן. דערנאָך זענען זיי פון מוגראבי אריין אין בן־יהודה, ווו זיי האָבן זיך מידע און גליקלעכע אַנידערגעזעצט ביי אַ טישל פון אַ קאַפע־הויז.

קאַרען האָט אַראָפּגעשלונגען אַ גרויסע פּאָרציע אייז־קרעם און האָט נישט אַראָפּגעלאָזט אירע נייגעריקע בליקן פון די צאַלרייכע פאַרבייגייער.

— דאָס איז דער שענסטער טאָג אין מיין לעבן — האָט קאַרען זיך אָפּגערופן. — עס איז בלויז אַ שאָד, וואָס דב און ארי זענען נישט מיט אונז.

קיטי איז געווען גערירט. קאַרען האָט אַזאַ גוט האַרץ — האָט זי געטראַכט — און שטענדיק איז זי באַהערשט פון אַ ווונטש צו טאָן גוטס אויך אַנדערע מענטשן.

קאַרען האָט זיך פאַרטיפט אין געדאַנקען און אַ לאַנגע צייט זענען זיי ביידע געזעסן נישט אויסריידנדיק קיין וואָרט.

— אָפּטמאָל טראַכט איך, אַז מיר האָבן זיך ביידע אויסגע־קליבן זויערע בחורים — האָט קאַרען זיך אָפּגערופן.

— מיר? — האָט קיטי געפרעגט אַ דערשטוינטע.

— יאָ... דו ווייסט שוין. דו מיט ארי און איך מיט דב.

— איך ווייס נישט פאַרוואָס דיר איז געקומען אויפן געדאַנק, אַז צווישן מיר און בן־כנען קאָן עפּעס פאַסירן. אַלנפאַלס ביסטו אין אַ גרויסן טעות...

— כא, כא, כא — האָט קאַרען שפּאָטיש געזאָגט. — און פאַרוואָס האָסטו זיך שיעור נישט אויסגעדרייט דעם האַלדז, קוקנדיק אויף יעדן לאַסט־אויטאָ, וואָס איז נעכטן געקומען צופאָרן קיין גן־דפנה? ווען האָסטו דערוואַרט, אויב נישט ארי בן־כנען?

קיטי האָט אַ זופּ־געטאָן דעם קאַווע, כדי אויסצובאַהאַלטן איר פאַרלעגנהייט.

— רייד נישט קיין נאַרישקייטן... — האָט זי געזאָגט צום מיידל, וואָס האָט אַראָפּגעלאָזט איר בליק.

קארען האָט אַ צוק־געטאָן מיט די אַקסלען.

— יעדער מענטש זעט דאָך, אַז דו ביסט אין אים פאַר־ליבט — האָט זי געזאָגט.

— וועסט אויפהערן, צי נישט? — האָט קיטי כלומרשט שטרענג זיך אָפגערופן.

— טאָמער לייקנסטו עס אָפּ, וועל איך אַרויסלויפן אויף דער גאַס און יעדערן דערציילן וועגן דעם אין עברית... — האָט קארען געזאָגט און זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

קיטי האָט אויפגעהויבן די הענט אין דער הויך.

— איך גיב זיך אונטער — האָט זי געזאָגט — און איך וויל נישט שטרייטן מיט דיר. אַ געוויסן טאָג וועסטו אליין פאַרשטיין, אַז אַ פרוי פון דרייסיק יאָר קאָן האָבן גערן אַ געוויסן מאַן, אויך אָן אַ שום ערנסטן מיין. איך האָב אים ליב, ארין, אָבער דיינע ראָמאַנטישע אידעען מוז איך ליידער צעשטערן.

קארען האָט אָנגעקוקט קיטין מיט אַ בליק פון וועלכן עס איז געוועז צו זען, אַז זי גלויבט איר נישט. קארען האָט אָפגעזיפצט און ארומנעמענדיק קיטין האָט זי זיך צוגעבויגן צו איר אויער און אריינגעפליסטערט:

— ארי דאַרף דיך האָבן. דאָס איז פאַר מיר קלאָר...

קיטי האָט אָנגעהויבן צו גלעטן קארענס האָר.

— איך וואָלט געוואָלט צוריק זיין אַ זעכצן־יאָריק מיידל און דאַן וואָלט אַלץ געווען קלאָר און פשוט, ווי עס פּאַסט פאַרן דאָזיקן עלטער. ניין, קארען, ארי בן־כנען געהערט צום מין איבערמענטשן, וועמענס הויפּט־כוח באַשטייט אין דעם, וואָס זיי פאַרלאָזן זיך נאָר אויף זיך אליין. ארי בן־כנען האָט קיינעם נישט נויטיק, זינט ער איז דערצויגן געוואָרן דורך זיין פאָטער אַלס ייִנגל מיט אַ בייטש אין האַנט. זיין בלוט

באַשטייט נישט, ווי ביי אונז, פון רויטע און ווייסע טיילער־לעך, נאָר פון שטאָל און אייזן און זיין האַרץ איז ווי אַ פּאָמפּע, פּונקט ווי דער מאָטאָר פון אויטאָבוס, וואָס שטייט דאָ אַנטקעגן. צוליב דעם געפינט ער זיך מחוץ די געפילן, וואָס באַהערשן אַנדערע מענטשן.

קיטי איז שטיל געבליבן. אַ לאַנגע צייט איז זי געזעסן אומבאַוועגלעך.

— דו האָסט אים זייער ליב — האָט קאַרען געזאָגט.

— יאָ — האָט קיטי געענטפערט. — איך האָב אים ליב. און דאָס אַלץ, וואָס דו האָסט געזאָגט פריער, איז ריכטיק. מיר האָבן באמת אַ פּאָר זויערע ציטרינעס אַלס בחורים. און איצט מוזן מיר צוריקגיין אין האָטעל. איך וויל, אַז דו זאָלסט זיך איבערטאָן און זאָלסט זיך מאַכן שיין פאַר מיר, ווי אַ פּרינצעסין. ברוס סאַטערלענד און איך האָבן צוגעגרייט פאַר דיר אַן איבעראַשונג. מיר וועלן אויך אָפּשערן דיינע צעפּ.

קאַרען האָט באמת אויסגעזען ווי אַ פּרינצעסין. גענעראַל סאַטערלאַנד איז געווען איבעראַשט דערזעענדיק ווי קאַרען איז אויסגעפּוצט. די איבעראַשונג, וואָס ער האָט צוגעגרייט פאַר איר, איז געווען אַ באַזוך אין „הבימה", וווּ אין יענעם אָוונט איז אויפגעטראָטן אַ פראַנצויזישער באַלעט, וואָס איז געקומען קיין ארץ־ישראל אויף אַ טורנע. די מוזיק האָט אויסגעפירט דער תל־אביבער פילהאַרמאָנישער אָרקעסטער. די גאַנצע פאָרשטעלונג איז קאַרען געזעסן און נישט אַראָפּ־געלאָזט איר בליק פון יעדער באַוועגונג, וואָס עס האָט געמאַכט די פּרימאַ־באַלערינע. קאַרען איז געווען פאַרכאַפּט פון דער שיינקייט, וואָס זי האָט געזען אויף דער בינע.

קאַרען האָט שוין כמעט ווי פאַרגעסן, אַז אויף דער וועלט זענען פאַראַן אַזעלכע שיינע זאַכן, ווי אַ באַלעט און וואָס

פאַר אַ גליק איז דאָס פאַר איר צו האָבן נעבן זיך אַזאַ באַענטן מענטשן ווי קיטי פּרעמאַנט. טרערן פון פרייד זענען געפלאָסן איבער אירע באַקן.

קיטי האָט נישט געקוקט אויף דער בינע, נאָר אויף קאַרען. זי האָט געפילט, אַז איר איז געלונגען אויפצוּוועקן ביים מיידל עטוואָס אַזוינס, וואָס איז ביז איצט געשלאָפן אין איר. עס האָט געשיינט, אַז קאַרען האָט אַנטדעקט, אַז אויף דער וועלט זענען פאַראַן נאָך אַזעלכע וויכטיקע זאַכן, ווי די גרינע פעלדער פון גליל. קיטי האָט באַשלאָסן אויפצוהאַלטן ביים מיידל די דאָזיקע דערקענטעניש. הגם די יידן האָבן געוווּנען דאָס מיידל פאַר זיך, איז דאָך נאָך פאַרבליבן פון איר אַ וועזנטלעכער טייל, איבער וועלכן זיי האָבן נישט געהאַט קיין שליטה. מאָרגן וועט קאַרען זיך זען מיט איר פאָטער און דאַן וועט איר לעבן אַוועקגיין אין אַ גאָר אַנדערער ריכטונג...

זיי האָבן זיך צוריקגעקערט אין האָטעל זייער שפּעט. קאַרען איז געווען אויסער זיך פאַר גליק. זי האָט אויפגעפּראַלט די טיר פון האָטעל־צימער און איז אַריין אינעווייניק שוועבנדיק אין אַ באַלעט־טאַנץ. די ענגלישע אָפיצירן, וואָס האָבן זיך געפונען אין האָל פון האָטעל, האָבן מיט דערשטוינונג אָנגעקוקט די סצענע. קיטי האָט זי אַוועקגעשיקט שלאָפן און זי אַליין איז אַראָפּ צום באַר, ווו זי האָט געטראָפן גענעראַל ברוס סאַטערלענד.

— איר האָט שוין איר דערציילט וועגן פאָטער? — האָט ער געפרעגט.

— ניין.

— צי ווילט איר, אַז איך זאָל מיטגיין צו דער באַגעגעניש מיט איר פאָטער?

— איך וויל בעסער גיין אליין מיט איר.

— איך פאַרשטיי...

— איך וואָלט אייך געוועז דאַנקבאַר, ווען איר וואָלט געקומען אַ ביסל שפּעטער.

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן.

קיטי האָט אַ קוש־געטאָן סאַטערלענדן אין באַק און געזאָגט:

— אַ גוטע נאַכט, ברוס.

קארען האָט נאָך אַלץ אַרומגעטאַנצט איבערן צימער, ווען קיטי איז אַריינגעקומען.

— צי האָסטו געזען ווי אָדעט טאַנצט אין דער לעצטער סצענע? — האָט קארען געפרעגט און אָנגעהויבן נאָכצו־מאַכן די באַוועגונגען פון דער פרימא־באַלערינע.

— עס איז שוין שפּעט און דו פאַלסט פון די פיס — האָט קיטי געזאָגט מיט אַ שמייכל.

— וואָס פאַר אַ ווונדערבאַרער טאָג — האָט קארען געזאָגט — און זיך אַנידערגעוואָרפן אויף איר בעט.

קיטי איז אַריין אין באַד־צימער און זיך אָנגעהויבן אויסצוטאָן. פון צימער האָט זיך צו איר דערטראָגן קארענס שטימע. דאָס מיידל האָט געברומט אונטערן נאָז די מעלאָדיעס פון באַלעט. — מיין גאָט — האָט קיטי געפליסטערט צו זיך אַליין. — פאַרוואָס האָט עס איר געדאַרפט טרעפן? קיטי האָט באַהאַלטן איר פנים אין די הענט, ציטערנדיק אויפן גאַנצן לייב.

קיטי האָט אויסגעלאָשן דאָס ליכט און זיך אַריינגעלייגט אין בעט, אָבער זי איז נישט איינגעשלאָפן. זי האָט געהערט ווי קאַרען דרייט זיך אויס און זי האָט אַ קוק געטאָן אין איר

ריכטונג. דאָס מיידל איז אַראָפּ פון בעט, איז צוגעגאַנגען צו קיטין און אַרויפגעלייגט דעם קאָפּ אויף איר ברוסט.

— איך האָב דיך אַזוי ליב, קיטי — האָט קארען געמורמלט. — איך וואָלט מיין אייגענע מוטער נישט ליב געהאַט אַזוי ווי דיך.

קיטי האָט זיך אויסגעדרייט צו איר און אָנגעהויבן זי צו גלעטן.

— איצט מוזטו אָבער גיין שלאָפן, קארען. מיר האָבן מאָרגן אַ סך אַרבעט.

קיטי האָט נישט געקאָנט איינשלאָפן. זי האָט גערויכערט איין סיגאַרעט נאָכן אַנדערן און פון צייט צו צייט איז זי אויפגעשטאַנען און נערוועז געשפּרייזט איבערן צימער. יעדעס מאָל, ווען זי האָט אָנגעקוקט די שלאָפנדיקע קארען, האָט זי געפילט ווי דאָס האַרץ דריקט זיך איר צונויף. עס איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט און קיטי איז נאָך אַלץ געזעסן ביים פענצטער און אַרויסגעקוקט צום ים. ערשט פיר פאַרטאָג איז זי ענדלעך אריינגעפאַלן אין אַן אומרואיקן שלאָף.

צומאָרגנס, ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט זי געפילט אַ שווערקייט אין האַרצן און אונטער די אויגן האָט זי געהאַט שוואַרצע שטרייפן. צענדליקער מאָל האָט זי געמאַכט אַ פּרווו צוצוגרייטן קארען צו דער ידיעה וועגן איר פאָטער, אָבער זי האָט עס נישט געקאָנט טאָן. דעם פרישטיק האָבן זיי געגעסן שווייגנדיק.

— ווו איז אייגנטלעך גענעראַל סאטערלאַנד? — האָט קארען געפרעגט.

— ער איז אוועקגעפאָרן אין שטאָט עפּעס דערליידיקן. ער וועט אָבער גלייך צוריקקומען.

— און וואָס וועלן מיר היינט טאָן? — האָט קאַרען ווײַטער געפֿרעגט.

— מיר וועלן גיין אַ ביסל דאָ און אַ ביסל דאָרטן...

— קיטי... דאָס איז פֿאַרבונדן מיט מיין פּאָטער, נישט אמת?

קיטי האָט אַראָפּגעלאָזט איר בליק.

— איך האָב די גאַנצע צייט געוווּסט וועגן דעם...

— איך האָב נישט געהאַט בדעה דיך אָפּצונאַרן — האָט קיטי געזאָגט.

— וואָס איז דען מיט אים? דערצייל מיר!

— ער איז זייער קראַנק...

— איך וויל אים זען — האָט קאַרען געזאָגט. אירע ליפּן האָבן געציטערט.

— ער וועט דיך נישט דערקענען, קאַרען — האָט קיטי זיך שטיל אָפּגערופֿן.

קאַרען האָט זיך אויפֿגעשטעלט און אַרויסגעבליקט צום ים.

— איך האָב אַזוי לאַנג געוואַרט אויפֿן האַיקן טאָג — האָט זי אַרויסגעפּליסטערט.

— קאַרען, איך בעט דיך...

— מער ווי צוויי יאָר, זינט דעם ערשטן טאָג נאָך דער מלחמה, בין איך יעדן אָוונט איינגעשלאָפֿן מיטן זעלבן חלום. איך בין געלעגן אין בעט און זיך פֿאָרגעשטעלט, אַז איך האָב צוריקגעפֿונען מיין פֿאָטער. איך האָב געוווּסט גענוי, ווי ער וועט אויסזען און וועגן וואָס מיר וועלן ריידן. אין די פּליטים־לאַגערן אין פֿראַנקרייך און ציפּערן, אומעטום ווו איך בין געווען, האָב איך געזען פֿאַר זיך בלויז די איינציקע סצענע פֿון מיין צוזאַמענטרעף מיטן פֿאָטער. איך האָב געוווּסט, די

גאַנצע צייט, אַז ער איז געבליבן לעבן, און אַז ער וועט אויך ווייטער לעבן.

— קארען, הער אויף, איך בעט דיך. עס וועט נישט זיין אַזוי, ווי דו האָסט זיך עס פאַרגעשטעלט.

דאָס מיידל האָט געציטערט אויפן גאַנצן לייב. די הענט האָבן איר אָנגעהויבן צו שוויצן פאַר אויפרעגונג. פּלוצים האָט זי זיך אויפגעהויבן פון שטול און מיט אַ בעטנדיקן טאָן האָט זי אויסגערופן:

— פיר מיך צו אים!

קיטי האָט זי אָנגעכאַפּט פעסט פאַרן אָרעם.

— דו מוזט זיין גרייט אויף א שרעקלעכער אנטפלעקונג

— האָט קיטי אַ בלייכע זיך אָפּגערופן.

— פיר מיך צו אים, איך בעט דיך, איך בעט דיך...

— פארגעס נישט איין זאַך, קארען! וואָס עס זאָל נישט געשען און וואָס דו זאָלסט נישט זען, זאָלסטו נישט פארגעסן, אז איך בין נעבן דיר. איך וועל זיין נעבן דיר, קארען. זאָגסטו מיר צו, אז דו וועסט דאָס געדענקען?

— יאָ, איך וועל דאָס געדענקען...